ד״ר ישראל רובין




(רעטראָספעקציע־עסייען און זכרונות)

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון יידישן פּען־קלוב אין ניו־יאָרק.

תל־אביב, תשי״ג — 1952

אַן אבלות־פּלעמל אויף די קברים,
וואָס איך ווייס אפילו ניט ווו זיי זענען,
פון שמואל און פייוויש און זייערע משפּחות.

„דריי ברידער זענען מיר געווען,
אַלע געגאַרט נאָך אַ וועלט מיר אַ שיינער,
האָבן היטלער־חיות צוויי פון אונז פאַרצוקט —
א, פאַרוואָס בין איך עס פאַרבליבן דער איינער?..“

## וואָס מיר זענען זענען מיר, אבער...

אין אַן אויספירלעכער און גענויער אָפּהאַנדלונג צו דער פּסיכאָלאָגיע פון גלייכגילטיקייט וואָלט געוויס צווישן אַנדערן באַזאָרפט פאַרצייכנט ווערן אַט וואָס: אינדיפערענץ, אויף וויפל זי איז בכלל זעלטן און ווייניק מעגלעך אין מענטשנס באַציונג צו זאַכן און געשעענישן אַרום זיך, איז אומעטום און אַלע מאָל אַ שפּעטערער רעזולטאַט פון מענטשנס פריערדיקן געראַנגל דווקא מיט שטאַרקער און שאַרפער דיפע־רענץ, ניט קיין געבוירענע, נאָר אַ געוואָרענע דערשיינונג, אַ וואָקום וואָס ניט דער מענטש האָט זיך אַליין ווילן פון אָנהויב־לעבן זיינעט אַהין געוואָרפן, נאָר וואָס ער איז אַהין אַריינגעשליידערט געוואָרן איבערגוואַלד און וואָס אויך נאָכדעם ווירקט און יוירט אין אים דאָס בונטאַרישע ווילן זיך פון דאָרטן אַרויסצוראַטעווען. און מעג אין אַנדערנס אויערן דעם מענטשנס דערקלערונג „וואָס מיר זענען זענען מיר” קלינגען עפּיש, אין דעם דערקלערער'ס אויערן גופא קלינגט עס לעפּיש, ווי דאָס מודה־זיין זיך אין אייגענער שולדיקייט, צו וועלכער מ'דאַרף זוכן אַ כפרה דער „אָבער”, וואָס פאָלגט און שלעפּט זיך נאָך נאָך דעם „וואָס מיר זענען זענען מיר” איז עס דעם אומצו־פרידענעמס פאַרצווייפלטער פרווו אַרויסצוראַטעווען זיך פון וואקום, זיין אָנגעשטערנגטער פאַרמעסט אויסצו־געפינען אַ שטיק כפרה צו זיין גלייכגילטיקייטס־חטא „וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער...”

# פונדאנען אהין

## א.

בענטש זשע, דו מענטש, און זאָג אַרויס דיין „אתה בחרתנו״־דאַנק דערפאַר וואס דו ביזט אויסדערוויילט פון אלע אנדערע באשעפענישן און באַשאַנ־קען מיט כלערליי מעלות, וואָס די וויכטיקסטע צווישן זיי איז דיין גייסטיקע דינאמישקייט.

ס׳איז דאך א וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן דיר, דער בחיר־היצורים, אין דעם פרט פון דינאמישקייט און די אלע אנדערע באשעפענישן ארום דיר אין דער וועלט. אויך יענע זענען, אמת, באזיצער פון א באוועג־אייגנשאפט, אויך זיי בלייבן ניט אייביק, און אפילו ניט לאנג, אין פארגליווערטער סטאטיק אויף איין אָרט, אויך יענע האַלטן אין כסדר׳דיקן איבערטראָגן זיך פונדאַנען אַהין, און דאָס זעסטו ניט בלויז ביי די בעלי־חי, נאָר — אין באַשרענקטער, רעגרעסיווער מאָס — אויך ביי די געוויקסן און אַפילו אין דער מינעראלישער „דומם״־וועלט, איז אָבער יענע דינאמישקייט, אין אונטערשייד פון דער דייניקער, ערשטנס, א פראָדוקט פון ווילקיר, אזא וואָס האט כלל ניט צו טון מיט דעם אייגענעם ציל־געריכטעטן ווילן פון אירע באַזיצער, מיט זייער זעלבסט־באַשטימונג, נאָר איז זיי אָנגעצוווּנגען פון אויסן, פון זייטיקע פאַקטאָרן, זייער דינאַמישקייט איז פאַר זיי אַ ממילא׳דיקע, ניט זיי באַוועגן זיך, נאָר זיי ווערן באַוועגט, און צווייטנס — וואָס ס׳איז שוין, אייגנטלעך, אָנגעוווּנקען אין ערשטנס — זייער דינאַמישקייט איז א בלויז פיזישע, זי ווערט ניט סטימולירט אויך פון גייסט אפילו אין יענער קלענער מאָס, וואָס געוויסע באַשעפענישן פארמאָגן בכלל עפעס פון גייסט, און אין יסוד פון דיין דינאמישקייט, מענטש, איז, פארקערט, פאראן ווילן, זעלבסט־באשטימונג און זי איז סטימולירט בעיקר פון גייסט, דו אליין ביזט דער בעל־הבית, דער אנטשיידער פון דיין דינאמישקייט, וועלכע איז שוין א סך מער ווי א בלויז־פיזישע, זי איז אַ גייסטיקע. ווען דו ווענדסט זיך פונדאנען אַהין, איז עס דערפאַר ווייל דו האָסט אַליין באַשלאָסן וועגן אָט דער ווענדונג און זי געוואָלט.

אין דער אלט־קאסמאגאנישער לעגענדע ווערסטו, דו מענטש, פארגליכן מיט דיין באשעפער: אין זיין פארם און געשטאלט, כביכול, ביזט אויך דו באשאפן, איז דאָך די ערשטע באַשטעטיקונג פאַר אָט דער אידענטיפיצירונג דיינער מיט כביכול אין דעם, וואס פונקט ווי וועגן אים ווערט געזאגט אין יענער קאסמאגאנישער לעגענדע, אַז זיין גייסט האָט געשוועבט איבער די וואַסערן, וואָס ער האָט אויפ־געזאמלט און אויפגעכוואליעט, ד. ה. אז ער אליין האט באשטימט די שוועבונג פון

זיין גייסט, באדארף געזאָגט ווערן אויך וועגן דיר און דיין גייסט־דינאַמישקייט. „רוח" וואָס אין דער דערמאָנטער אַלטער תנ"כישער קאסמאגאנישער לעגענדע איז אַ האָמאָניִם פאַר צוויי טייטשן: „גייסט" און „ווינט", מיינט עס טאַקע צו לאָזן אונז הערן, אז אין אונטערשייד פון דער באַוועגונג אין די אויפגעכוואַליעטע וואַסערן, איבער וועלכע גאָט'ס גייסט־ווינט האָט געשוועבט, א באַוועגונג וואָס איז ווילקירלעך פאַראורזאַכט געוואָרן פון יענעם ווינט, איז אין גאָט'ס אייגענעם פרייען אומווילקירלעכן ווילן, אַזאַ איז אויך דעם מענטשנס גייסטיקע דינאַמישקייט — זי איז אליין כולה ווינט אויף אויפצוכוואַליען דעם מענטשן גופא, אַזוי אויך ווי די אַרומיקע וואַסערן, אויף כסדר'דיקן איבערטראָגן און אַריבעררוקן זיך אַליין און אַנדערע פונדאַנען אַהין און פאַרקערט.

פאַראַן, אמת, צווישן די מענטשן־דענקער אויך אַזעלכע, וואָס זענען איינגעשטעלט פּעסעמיסטיש, ווערט־פאַרמינערישׂ לגבי אט דער באַזונדערער העכערער מענטשלעכער אייגנשאַפט פון גייסטיקער דינאַמישקייט און זיי שטעלן פעסט, אַז אויך דער מענטש איז ביי זיין מיכלומרשט־פרייער גייסטיקער דינאַמישקייט גאָר געגליכן צו דעם, וואָס זיצט אויף א מעכאַניש־מאָטאָריזירטער אַרויף־אַראָפּ־קאַרוזעליע אין אַ לונאַ־פּאַרק און זיך טראָגנדיק שנעל אין פאַרשיידענע ריכטונגען, האַלט ער — ביי זיין טעמפּער תמימות'דיקייט, אַז ער אַליין זאָל עס זיין דער באַשטימער פון זיינע באַוועגונגען, אז ער זאָל עס זיין ניט דער באַוועגטער נאָר דער באַוועגער. אָבער אין אָט דער מיינונג גופא, וועלכע קומט צו אַנטשלייערן ווי אַן איבעריקע, אַ ניט־באַרעכטיקטע די באַזונדערע, די פרייע גייסטיקע מענטשלעכע דינאַמישקייט, איז דאָך אַנטהאַלטן דווקא א היפּשע מאָס פון פרייער גייסטיקער מענטשלעכער דינאַמישקייט, פרייע מיינונג־איבערבייטונג, פרייע איבערראַשונג פון באַוואָרטונג לגבי זיך אַליין איז דאָך אויך ספּעציעל־מענטשלעכע פרייע גייסטיקע דינאַמישקייט. צי איז דען, למשל געמאַלט, אז אויך אין דער איבעריקער בעל־חיים'שער וועלט, און שוין אָפּגערעדט וועגן דער באָטאַנישער אָדער מינעראַלאָגישער וועלט, זאָלן זיך געפינען אַזעלכע מיינונגס־אַרויסזאָגער, ווי ביי דעם מענטשן, וועגן ווילקיר־אַנשטאָט פרייהייט אין דער פיזיש־גייסטיקער דינאַמישקייט ?..

זעסטו טאַקע דעם מענטשן שטענדיק אין זיין גייסטיקער, פונקט אַזוי ווי אין זיין פיזישער, דינאַמישקייט פונדאַנען אַהין און פאַרקערט, יעדן מענטשן אינדיווידועל אַזוי פונקט ווי דעם גאַנצן מענטשן־כלל, אין דינאַמישקייט לגבי אָרט און צייט: וואָס ס'הייסט לגבי אָרט „צוריק־דאָ־פאַראויס" איז לגבי צייט „פריער־איצט־שפּעטער", „פונדאַנען" באַטייט פון „דאָ־איצט" און „אַהין" — „צוריק־פריער" אָדער „פאַראויס־שפּעטער". די אָנהויב־און גרונט־סטאַציע פאַר דער מענטשלעכער דינאַמישקייט איז דער „דאָ־איצט", ערשט פון איר לאָזט ער זיך אין באַוועגונג, אין איבערוואַנדערונג. קיין „צוריק־פריער" אָדער קיין „פאַראויס־שפּעטער" און קערט זיך אום תמיד פון דאָרטן ווידער אַמאָל צו זיין אָנהויב־סטאַציע.

אַלע זיי, אָט די דריי דינאַמיק־ריכטונגען, סיי לגבי אָרט און סיי לגבי צייט, זענען אויפצופאַסן ווי אַבסטראַקטע, הגם די אָנהויב־סטאַציע, די „דאָ־איצט"־

ריכטונג ווערט געוויינלעך פאַררעכנט מיכלומרשט ווי אַ קאָנקרעטע, בכל־אופן ווי אַ ווייניקער־אַבסטראַקטע, ווי ווערט עס געזאָגט אין יידישן פאָלקס־לידל:
„שוין ניטאָ קיין נעכטן, נאָך ניטאָ קיין מאָרגן, טאָמער איז פאַראַן אַ שטיקעלע היינט" — קומט דאָך אויס, אַז דער „היינט", דער „דאָ־איצט", הגם אויך ער איז באַשרענקט מיט „טאָמער" אין פאָלקס־מויל, איז דאָך קאָנקרעטער איידער דער „נעכטן", דער „צוריק־פריער", און דער „מאָרגן", דער „פאָראויס־שפּעטער", ווייל ווען די צוויי לעצטע זענען פאַרנעפּלט־אַבסטראַהירט מיט „ניטאָ" איז דער ערשטער דאָך באַשטראַלט מיט „פאַראַן". אינדעראמת'ן אָבער איז אויך „היינט", „דאָ־איצט" אַבסטראַקט פונקט אַזוי ווי די ביידע שכנים זיינע פון פאָרנט און פון הינטן, ווייל אויך ער עקזיסטירט דאָך כלל ניט אויטאָנאָם, אויך ער איז דאָך, אייגנטלעך, אויפגעשטיקעוועט פון שטיקלעך, גענומענע ביי אָט די ביידע שכנים זיינע: אין יעדער אַזוי־גערופענער „היינט"־מאָס איז העלפט „נעכטן"־„שוין ניטאָ" און העלפט „מאָרגן"־„נאָך ניטאָ", דער „היינט" איז דער בריק צווישן אָט די ביידע און ווי יעדע בריק בכלל שפּאַרט ער זיך אָן אויף ביידע זייטן פאַרבריקטע ברעגעס. איז אָבער אויך דאָס אַ ספּעציעל־מענטשלעכע אייגנשאַפט, וואָס ביי זיין דענק־טעטיקייט, די וואָס איז אויך אַן'אַבסטראַקטע, פאַרוואַנדלט ער אויך דאָס אַבסטראַקטע אין כמו־קאָנקרעטקייט. אין אונזער פאַל: ער יעט אַ כמו־קאָנקרעטקייט אין זיין כסדרדיקן אַריבערטראָגן זיך פונדאַנען אַהין און פאַרקערט. די דאָזיקע כמו־קאָנקרעטקייט ווערט פון אים גראַדואירט אויף מער און ווייניקער כמו־קאָנקרעטקייט, האָבן מיר שוין אויבן באַמערקט וועגן דעם, אַז אין „היינט" זעט ער מער כמו־קאָנקרעטקייט ווי אין „נעכטן" און „מאָרגן", אין „היינט" זעט ער די מערסטע און העכסטע כמו־קאָנקרעטקייט, אָבער אויך דעם „נעכטן" און „מאָרגן" גופא זעצט ער פאַר אין גראַדואירן, און „נעכטן" איז מער כמו־קאָנקרעט איידער „מאָרגן", און דעריבער איז ממילא „פונדאַנען אַהין", קודם־כל „פונדאַנען צום צוריק, צום פריער" און ערשט נאָכדעם און זעלטענער אויך „פונדאַנען צום פאָראויס, צום שפּעטער". וואָס איז די מעלה פון ערשטן לגבי דעם צווייטן? — ס'ביסל דערפאַרונג וואָס דער מענטש האָט פון ערשטן און ניט פון צווייטן. אמת: אויך אָט די דערפאַרונג איז אַ מאַנגלהאַפטע, די סך שפּאַלטן וואָס אין איר נעמען ביי איר אָפּ לחלוטין דאָס רעכט אויף אָנגערופן צו ווערן „גאַנצקייט", און דעריבער טאַקע ווערט אין דער אויבנגעבראַכטער פאָרמולירונג צוגעקייטלט צו דער „דערפאַרונג" די באַשרענקנ־דיקע באַצייכנונג „ס'ביסל". אָבער אפילו „אַביסל דערפאַרונג" איז דאָך בעסער איידער „אינגאַנצן אָן דערפאַרונג" און די צי־קראַפט פון „נעכטן"־„צוריק־פריער" איז דאָך גרעסער לגבי דער גייסטיקער מענטשלעכער דינאַמישקייט איידער די וואָס קומט פון „מאָרגן"־„פאָראויס־שפּעטער". טרעפן מיר טאַקע די סתם־מענטשן אָפטער און מערער ביי זייער וואַרפן זיך אין פאַרגאַנגנהייטס־זכרונות, אין נאָך־אַמאָל דורכלעבן דאָס ווערסט־דורכגעלעבטע, איידער באַ זייער אָפּגעבן זיך מיט צוקונפט־טרוימען, מיט צוקונפט־פאָראויסזעאונגען, געפינען מיר די קינסטלער שרייבער, ווי זיי שאַפן מער היסטאָרישע ראָמאַנען איידער צוקונפט־אוטאָפּיעס. און אפילו דאַמאָלס ווען דער סתם־מענטש גיט זיך שוין יאָ אָפּ מיט צוקונפט־

טרוימען און דער שרייבער־קינסטלער שאַפט שוין יאָ אַ צוקונפט־אוטאָפּיע, ווען אַ גרופּע מענטשן בכלל טראָגן זיך אַרום מיט אַ צוקונפט־אידעאַל און קעמפן פאַר זיין דורכזועצונג אין „היינט", איז אין דעם אַלעם — ווען ס'איז פאַר די באַטרעפנדיקע מענטשן אפילו ניט קלאָר — אַריינגעוועבט אַ היפּשער מאָס „פאַרגאַנגנהייט", דאָס בעסטע פון „געווען" ווערט איבערקאָמבינירט און אַריינגעוועבט אין „וועט זיין".

„פונדאַנען אַהין" הייסט, אַלזאָ, פיל־פיל מער טריט פון „דאָ־איצט" צום „צוריק־פריער" איידער צום „פּאַראַויס־שפּעטער", און אין יעדן רעוואָלוציאָנער שטעקט אַ היפּש ביסל קאָנסערווירטקייט, מעג ער עס אַפילו אָננעמען ווי אַ טיפע באַליידיקונג.

ב.

פאַרוואָס איז אָבער „ס'ביסל דערפאַרונג" פון דעם „צוריק־פריער", וווהין ס'טראָגט זיך, ווי געזאָגט, אַממערסטן און אַמהעפּטיקסטן די גייסטיקע דינאַמיש־קייט פון דעם מענטשן „פונדאַנען אַהין" אַ מאַנגלהאַפּטע, אַ צעשאָטן־צעקרישלטע בתוך דער רעשטל־ראָם פון ניט־עקזיסטירנדיקער גאַנצקייט"? —

בכלל גענומען איז די מוטער פון דער מענטשלעכער גייסטיקער דינאַ־מישקייט, די וואָס טראָגט אויס און געבוירט אָט די דינאַמישקייט, די מענטשלעכע אומצופרידנהייט, זי און ניט קיין אַנדערע, דער סטימול ביי דעם מענטשן אויף צו ווערן אַ „משנה מקום" אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט „מקום", ווי אויך אין אויסגעברייטערטן זין פאַר „צייט" — „משנה זמן" איז אין מענטשלעכן ווילן צו ווערן אַ „משנה מזל", לויז צו ווערן פון יענער אומצופרידנהייט, אין וועלכער די פריערדיקע „מקום" און „זמן" האָבן אים פאַרזעצט. — זעסטו דעם מענטשן שטענדיק און אומעטום זיך לאָזנדיק „פונדאַנען אַהין", שרייטנדיק און זוכנדיק אַ וועג פון „דאָ־איצט" סיי אין דער ריכטונג פון „צוריק־פריער" און סיי אין דער ריכטונג פון „פּאַראַויס־שפּעטער", זעסטו אים עס טוענדיק אונטערן טאָפּעלן דראַנג פון „אַנטוישונג" און „האָפענונג" — אַטוישונג פרימער און „האָפנונג" סעקונדער, אַנטוישונג קודם להאָפנונג. ווייל ער איז אַנטוישט און אומצופרידן פון זיין „דאָ־איצט", האָפט ער צו געפינען עפּעס בעסערס אין „צוריק־פריער" אָדער אין „פּאַראַויס־שפּעטער" וווהין ער טראָגט זיך איבער. און דעריבער טאַקע איז פון די צוויי אויפשריפטן וואָס אויף די קילאָמעטער־סלופּעס פון דעם מענטשנס כסדר'דיקן וואַנדער־וועג דער „פונוואַנען" מיט אַ סך בולט'ערע און קענטיקערע אותיות איידער דער „וווהין". דעם מענטשנס כסדר'דיקע דינאַמישקייט איז בעצם און בעיקר אַ כסדרדיקע אַנטלויפונג.

ער אַנטלויפט פון „דאָ איז זיכער שלעכט" צום „דאָרטן איז אפשר גוט"; „גוט" הייסט דאָ באמת ניט מער ווי „ווייניקער שלעכט", דער „שלעכט" פון דער אַנטוישונג און אומצופרידנהייט איז בכלל דער אויסגאַנגס־ און פאַר־גלייכונגס־פונקט פאַר דעם „גוט" פון דער האָפנונג: „צופרידן" הייסט „ווייניקער

אומצופרידן", „אַנגענעם" -- „ווייניקער אומאַנגענעם", „גליקלעך" — „ווייניקער אומגליקלעך".

איז אַלץ אָפּהענגיק פון דער מאָס אומצופרידנהייט און אַנטוישונג, וואָס מיט זיי איז באַלאָדן דער האָפענונג־טראַגנדיקער איבערוואַנדערער „פונדאַנען אַהין", דער וואָס ווערט אַלץ מער נוטה צו סינאָנירן „גוט" מיט „ווייניקער שלעכט": כל־זמן אָט די מאָס אַנטוישונג און אומצופרידנהייט איז אַ רעלאַטיוו־קלענערע, קען זיך איר טרעגער נאָך דערלויבן צו לאָזן זיך פון „דאָ־איצט" אויף אין דער ריכטונג פון „פּאַראַדיס־שפּעטער", הגם ער האָט פון אָט יענער ריכטונג קיין אים־אַרויסהעלפנדיקע דערפאַרונגען, ווערט אָבער די מאָס פון אַנטוישונג און אומצופרידנהייט זייער־זייער גרויס, מוז ער שוין אָנקומען צו דער אַרויס־העלפנדיקער דערפאַרונג, און מעג אָט די זיין אַפילו בלויז „אַ ביסל דערפאַרונג", וואָס ער האָט פון „צוריק־פריער". און פאַרוואָס ווערט אָט די דערפאַרונג דעגראַדירט ביי אים צו אַ „ביסל דערפאַרונג" און ווערט ניט אפּגעהיט און אויפגעהאַלטן אין איר גאַנצקייט? — טאָקע צוליב דעם גופא, זי זאָל אים, דעם ביז־גאָר איבערלאָדענעם מיט אַנטוישונג און אומצופרידנהייט, קענען אַרויס־העלפן, קענען כאָטש וויפל ס'איז נערן זיין האָפענונג אויף „ווייניקער שלעכט", די גאַנצע דערפאַרונג וואָלט אונטערגעהאַקט דעם האָפענונגס־שטאַם נאָך איידער מ'האָט זיך אויף אים אָנגעלענט. די מאַנגלהאַפטע דערפאַרונג פון דעם „צוריק־פריער" איז מאַנגלהאַפט טאָקע לטובת דעמיעניקן טיף־ און שטאַרק־אַנטוישטן און אומצופרידענעם, וועלכער זוכט אין איר אַן אָנשפּאַר־שטאַם פאַר זיין אָפּגעשוואַכטער האָפענונג.

פאַרוויז גייען אָט דיביידע „מלאָכים", וואָס באַגלייטן דעם מענטשן אויף זיין וואַנדער־וועג, געאַרעמט גייען זיי ביידע אַרום אים — דער „מלאך" פון זכרון און דער „מלאך" פון פאַרגעסונג, און יעדערער פון זיי דינט דעם מענטשן אויף זיין אייגענעם שטייגער: דער ערשטער איז ממונה אויף דעם וואָס ס'לוינט זיך צום געדענקען, אויף דעם וואָס קען מאַכן ווייניקער־שלעכט דאָס שלעכטע, און דער צווייטער איז ממונה אויף דעם וואָס ס'לוינט זיך צו פאַרטושט און פאַרגעסן ווערן, כדי עס זאָל ניט מאַכן נאָך מער־שלעכט דאָס שלעכטע.

וואָסזשע היט און האַלט אויף דער מענטש בדרך־כלל אין זיין זכרון פון זיין פאַרגאַנגנהייטס־דערפאַרונג? — דידאַזיקע פאַרגאַנגנהייטס־דערפאַרונג האָט פאַר זיך אין זכרון אַן אייגנאַרטיק־קאָנסטרואירטע זיפּ פון ספּעציעל צוגעפּאַסטע לעכער אזוי, אַז שווערע איבערלעבונגען זאָלן דורכפאַלן דורך די לעכער און „גוטע", ד. ה. „ווייניקער שלעכטע", „ווייניקער שווערע" איבערלעבונגען זאָלן זיך פאַרהאַלטן און פאַרבלייבן אויפ'ן אויבערפלאַך און אָפּגעהיט ווערן אויך אויף ווייטער, אויף „הלואי מ'זאָל זיי ניט באַדאַרפן", — און, ווי געזאָגט, אַ זייער־זייער אַנטוישטער און אומצופרידענער מענטש באַדאַרף זיי דווקא יאָ.

איז עס, כידוע, כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן גאַנצן כלל אַלטע לייט זיי זאָלן זיך מיט אַ באַזונדער אייפער וואַרפן צו די זכרונות פון דער ווייטסטער „צוריק־

פריער־פאַרגאַנגנהייט, צו דער קינדהייט, זיי זאָלן שטאַרק וועלן און באַמיען זיך אָפּ׳טובל׳ען און אָפּפּרישן אין יענע לאַנג־פאַרפלאָסענע קוואַלן. פאַרוואָס טוען עס דווקא אַלטע לייט? — ווייל זיי זענען עס אַממערסטן אַנטוישט און אומצופרידן מיט זייער „דאָ־איצט״, ערשטנס, און צוליב דעם טאַקע איז, צווייטנס, גויטיק, אַז בכדי אין יענע לאַנג־פאַרפלאָסענע קוואַלן זאָלן זיך אַנטהאַלטן וואָס מער אָפּפרישונגס־כוחות פאַר די מידע, צוריק־געקומענע בעלי־טבילה, זאָלן פון זיי דערוויטערט ווערן אַלע געוועזענע שטערונגען, די קוואַלן זאָלן בלייבן בלויז ליטער און אָנגענעם. איז גוט וואָס דער „מלאך־השכחה״ העלפט מיט דערביי, וואָס די שלעכטע דערפאַרונגען פון דער קינדהייט ווערן פאַרטושט און פאַרגעסן. וואָלטן אָט די שלעכטע דערפאַרונגען ניט פאַרגעסן געוואָרן, וואָלט דאָך די קינד־הייט ניט געגאָלטן פאַר אַנטוישטע עלטערע מענטשן ווי אַ „גאָלדענער פעריאָד״, וואָלט מען דאָך זי ניט באַקרוינט און באַשיינט מיט די פיל־צאָליקע אַנדערע לויב־עפּיטעטן און אַז באמת האָט די קינדהייט אויך שווערע מאָמענטן אין זיך, איז אַפילו איבערלאָדן מיט מער ליידן ווי פריידן, איז דאָך אויסער ספק, והראיה: פאַרוואָס ווילן און באַמיען זיך פון איר צו אַנטלויפן די קינדער גופא, די יעניקע, וואָס געפינען זיך אין איר אוממיטלבאַר? פאַרוואָס זענען פון איר אַנטלאָפן בשעתם אויך יענע אַלע דערוואַקסענע, וואָס שפּעטער בענקען זיי אַזוי צוריק צו איר און באַמיען זיך צוריקצוקערן צו איר, צו טובלען זיך אין אירע מיכלומרשט בלויז ליטערע און אָפּפרישנדיקע קוואַלן?..

אגב, די מענטשלעכע גייסטיקע דינאַמישקייט הויבט זיך דאָך אָן נאָך פון פריסטן קינדהייטס־עלטער, אַלע אָן־אויסנאָם מענטשן אַנטלויפן פון אַלע אָן־אויסנאָם שטאַפּלען „דאָ־איצט״, איז אָט דער „דאָ־איצט״ קינדהייט, אַנטלויפן פון אים די קינדער, פונקט ווי די דערוואַקסענע, דעם קינד׳ס טאַטע־מאַמעס, זיידעס־באָבעס אַנטלויפן פון זייער „דאָ־איצט״, פון דערוואַקסנקייט. לויפן אָט די ביידע מחנות אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען: לויפט איין מחנה פונקט אַהין, פונוואַנען די אַנדערע מחנה אַנטלויפט, קינדער זענען אַנטוישט און אומצופרידן פון זייער קינדהייט און ווילן, און באַמיען זיך דערגרייכן דערוואַקסנקייט, און דערוואַקסענע, אַנטוישטע און אומצופרידענע פון זייער דערוואַקסנקייט, ווילן און באַמיען זיך ווידער־אַמאָל צו דערגרייכן די וועסט־שוין־דורכגעלעבטע און פאַרלאָזטע קינדהייט, וואָס אַהין ציט זיי זייער „ביסל דערפאַרונג״, זייער מאַנגלהאַפטע דערפאַרונג.

פאַרשידן זענען, אַלזאָ, בלויז די ריכטונגען פון דער דורך עלטער באַשטימטער מענטשלעכער דינאַמישקייט, איינע אין איר באַשטענדיקייט איז אָבער די עצם־דינאַמישקייט, אלע, אומעטום און שטענדיק האַלטן אין איין איבערוואַנדערן פונדאַנען אַהין.

נאָך עפּעס וועגן דער ספּעציעלער „פונדאַנען אַהין״־איבערוואַנדערונג פון עלטערע, פון אַממערסטן אַנטוישטע און אומצופרידענע מענטשן:

איז דאָך אַ מערקווירדיקע זיך איבערחזרנדיקע דערשיינונג ביי מענטשן צו די עלטערע יאָרן זייער ווערן בעלי־תשובה, זייער אַריינפאַלן, אַזוי צו זאָגן,

אין אַ „בנ׳עם״־קאָמפּלעקס — אָנהויבן בענטשן און לויבן דווקא דאָס, וואָס זיי אַליין האָבן זייער פריערדיקן לעבן־לאַנג געהאַלטן דווקא אין אײַן שעלטן און באַקעמפן. כ׳האָב בדעה די אָפּטע, כמעט כסדר׳דיקע אידעאָלאָגישע ווערטן־איבערשאַצונג מצד עלטערע מענטשן פון ביי צוריק צום אַלטן.

שרייבט מען צו אָט דעם אפאריזם דעם פראַנצויז בריאַן, וועלכער זאָל האָבן אַמאָל געזאָגט: פונקט אַזוי ווי ס׳איז אַ שלעכטער סימן פאַר אַ יונגן מענטשן אויב ער איז ניט קיין סאָציאַליסט, אַזוי איז אויך אַ שלעכטער סימן פאַר אַן׳אַלטן מענטשן אויב ער איז נאָך יאָ אַ סאָציאַליסט״. זעען מיר טאַקע, אַז מענטשן וואָס זענען זייער לעבן לאַנג געווען פלאַם־פייערדיקע אפיקורסים, ווערן צו די עלטערע יאָרן פרום־גלויביקע רעליגיעזע פאַנאַטיקער וכדומה. ס׳אַלטע תלמודישע דראַמאַטישע דיאַלאָג־שפּיל צווישן דעם תלמיד רבי מאיר און דעם רבי׳ן אלישע בן אבויה ווערט אָפּט אין דערווירקלעכקייט פון אומעטום און אַלע צייטן פאַרוואַנדלט אין אַ דראַמאַטישן מאָנאָלאָג, וואָס דער מענטש, צו זיינע עלטערע יאָרן, פירט מיט זיך אַליין, — אין יענעם אַלטן תלמודישן ספורי־המעשה האָט דער ייִנגערער פרומער תלמיד גערופן זיין עלטערן רבי׳ן „חזור בך!״, „קער זיך אום צוריק״, „טו תשובה״, אין דער ווירקלעכקייט אומעטום׳קער און אַלצייטיקער, אָבער איז דווקא דער ייִנגערער, דער תלמיד נוטה פאָראויס און דער עלטערער, דער רבי פירט עס מיט אים אַ קאַמף ער זאָל זיך אומקערן צוריק, און ער אַליין, דער עלטערער, דער רבי, קערט זיך דאָך שוין זיכער אום צוריק. אין דער ווירקלעכקייט שטעקט אין יעדן עלטערן מענטשן אַ רבי מאיר׳יזירטער אלישע בן־אבויה, ער ווענדט זיך צו זיך אַליין מיט דעם קול און נוסח פון רבי מאיר׳ן: „חזור בך!״ — און ער קערט זיך טאַקע אום צוריק צו דעם, פון וואָס ער איז פריער אַנטלאָפן און זיך דערווייטערט.

טראָגט זיך דער מענטש זיין לעבן־לאַנג — אַזוי בכל־אופן ווייזט זיך עס אויס פונדערזייט — אין אַ גאַלאָפּ פאָראויס, און מיט־אַמאָל — ביי די עלטערע יאָרן זיינע — טוט ער מיט געוואַלדיקער אָנשטרענגונג אַ צי די לייצעס און טוט אַ פאַרקירעווע אונטער אַ ביז־גאָר שאַרפן ווינקל אויף צוריק, — פאַרוואָס? — ווייל דער עלטערער מענטש דערזעט זיך פּלוצים ביי אַ בלינדער וואַנט, וואָס האַקט אָפּ דעם ווייטערן פאָראויס־וועג און הינטער וועלכער ס׳זאָל בכלל ניט זיין קיין ווייטערער פאָראויס־וועג; מעגלעך, אַז ער „זעט״ עס אַזוי נאָר דערפאַר, וואָס זיינע פאַרבלינדלעכטע אויגן ברענגען אים צו אָפּטישער טוישונג. וואָלט ער, דער מענטש, ניט פאַרמאָגט קיין נאַטירלעכע נייגונג און באַדערפניש צו שטענדיקער דינאַמישקייט, וואָלט ער אין אַזאַ פאַל אויסגעקליבן בכלל אָפּצושטעלן זיין באַוועגונג און וואָלט געבליבן שטיין אויף דעם אייגענעם אָרט, ווו ער האָט פּלוצים „דערזען״ פאַר זיך די „בלינדע וואַנט״, זיין נייגונג און באַדערפניש צו זיין אומאויפהערלעך דינאַמיש לאָזט אים אָבער ניט עס צו טון — און ער טוט אַ פאַרקירעווע צוריק, אַבי צו פאַרזעצן זיין דינאַמישקייט. דידאָזיקע פאַרזעצונג קומט פאָר ביי דעם געמיש פון אַנטוישונג און האָפענונג, אַנטוישונג אין דער מעגלעכקייט אויסצוגעפינען אַ נייעם פאָראויס און צו דערגרייכן דעם

געוואונטשענעם „גוט״ אין אַט דעם פּאַראַויס, און האָפנונג אויסצוזעפּונען כאָטש „ווייניקער שלעכט״ אין דעם באַנייטן צוריק, — די אַנטווישונג האָט מיט זיך „געוויס״, ווען די האָפנונג בלויז „אפשר״. אַט דער „אפשר״ ווערט מעגלעך טאַקע צוליב דער מאַנגלהאַפטיקייט פון דעם „ביסל דערפאַרונג״, וואָס דער מענטש האָט אָפּגעהיט און אויפגעהאַלטן פון דער שוין־דורכגעלעבטער פאַרגאַנגנהייט, טאַקע צוליב דעם, וואָס אין זכרון זיינעם וועגן יענער פאַרגאַנגנהייט זענען פאַראַן ניט־אויסגעפּילטע וואַקום׳ס, קען די האָפנונג מיט איר „אפשר״ פּרווון זיי אויסצופילן.

איז דאָך דער אַממערסטן אַנטווישטער און אומצופרידענער אַלטער מאַן, אין קעגנזאַץ צום יונגן, וועלכער איז נאָך אַ ריטער אַ פּזרן, העזה־דיק געגוג אויף נייע פאַרמעסטונגען בכדי צו פאַרגרעסערן זיין אייגנס, אַ קאַרגער ריטער, וואָס וויל שוין ניט און גלויבט ניט אין נייע רווחים און דאָס איינציקע איז פאַר אים כאָטש אָפּצוהיטן זיין פאַרמעגן פון פאַרקלענערונג, קערט ער זיך אום איבעראַנייס צו די וועסט־פאַרלאָזטע „רענדלעך״־קופּעס פאַרגאַנגנהייט און זעצט זיך אויף זיי אַ רעזיגנירטער, אַ מסתפּק־במועט, אָטעמט שטיל מיט דער הילף פון „אפשר״־איינשפּריצונגען. איז דער „זיכער״, וואָס אין מויל פון אַלטן בעל־תשובה׳ניק נאָר אַ דעק־מאַנטל איבער זיין פאַקטישן „אפשר״, די קאַרגקייט פון געוועזענעם פּזרנ׳ישן ריטער קומט אים אַליין ניט אָן לייכט, ער ווערט קאַרג ניט צוליב אייגענעם ווילן, נאָר צוליב „מוז״. די בלויזן אין זיין מאַנגלהאַפטער דערפאַרונג פון דער פאַרגאַנגנהייט, וואָס ער האָט אַמאָל אַליין געהאַט פאַרלאָזן און איצט קערט ער זיך צו איר ווידער־אַמאל אום, העלפן אים אביסל אַרויס פון זיין קלעם־צושטאַנד. די ווענדונג פון דעם אַלטן מאַן פון זיין „דאַ־איצט״ צום „צוריק־פריער״ באַדאַרף בכל־אופן דערוועקן רחמנות צום אַלטן, ווי צו אַ געוועזענעם גביר אַ יורד.

ג.

מערקווירדיק איז דער פאַקט, וואָס די שייכות צווישן אַלע דריי דינאַמיק־סטאַציעס פון דעם מענטשן, צווישן „דאַ־איצט״, „צוריק־פריער״ און „פּאַראַויס־שפּעטער״, איז די שייכות וואָס צווישן „פאַרבונדענע געפעס״.

זיך אַריבערטראָגנדיק און איבערוואַנדערנדיק פון איין סטאַציע צו דער אַנדערער, שלעפּט דער מענטש מיט עפּעס וועזנטלעכעס פון דער סטאַציע, וואָס ער פאַרלאָזט, צו דער סטאַציע, וווהין ער קומט, זיין פאַביע צו דער סטאַציע פון וועלכער ער אַנטלויפט שטערט אים כלל ניט מיטצונעמען עפּעס ליבע־נדן פאַר דער סטאַציע, וווהין ער וויל דערגרייכן.

מיט דער גערסטער פאַביע באַציט זיך דאָך, ווי געזאָגט, דער מענטש צו זיין „דאַ־איצט״־סטאַציע, און פונדעסטוועגן ברענגט ער אויך פון איר, פון איר אַפילו נאָך מער איידער פון די צוויי איבעריקע סטאַציעס, שטיקלעך פאַרמעגן אין „צוריק־פריער״ און „פּאַראַויס־שפּעטער״־סטאַציעס אַריין.

אין איינעם אַ יידישן פאָלקס־לידל זינגט זיך שמערצהאַפטיק: „איך האָב דיך ליב, אַ סימן האָסטו — איך פאַר אַוועק פון דיר און נעם מיט זיך ניט מיט דיין פאָרטרעט" (אָט דער סוף פון דער סטראָפע איז פון אַ וואַריאַנט, וואָס איז ביז איצט ניט פאַרעפנטלעכט אין די יידישע פאָלקס־לידער־זאַמלונגען); אין אונזער פאַל באַדאַרף עס פאַראַפראַזירט ווערן, און דער דינאַמיש־אַנטלויפנדיקער מענטש וואָלט געקענט זיך ווענדן און זאָגן צו יעדער פון די דריי דערמאָנטע דינאַמיק־סטאַציעס זיינע און צו דער „דאָ־איצט"־סטאַציע בפרט און באַזונדער: „איך האָב דיך פיינט, אַ סימן האָסטו — איך פאַר אַוועק פון דיר און נעם מיט זיך מיט דיין פאָרטרעט"... דער „פאָרטרעט" פון „דאָ־איצט", למשל, ווערט דורך דעם מענטשן אויפגעהאַנגען סיי אויף די ווענט פון „צוריק־פריער", ווהין דער מענטש קערט זיך אום, און סיי אויף די ווענט פון „פאָראויס־שפּעטער", וווהין ער קומט צום ערשטן מאָל. וואָס ס'איז נוגע דעם „צוריק־פריער": אין אַלע היסטאָרישע ראָמאַנען, אַ שטייגער, געפינסטו לייכט אויס — ווען אַפילו זייערע מחברים האָבן עס פון לכתחילה ניט געהאַט בכוונה און אויך נאָכדעם זענען זיי ניט נוטה אין דעם זיך מודה צו זיין — סיי נאַטור־פּייזאַשן און סיי געשעעענישן־באַשרייבונג גענומענע פון דער נאָנטער „דאָ־איצט"־סביבה פון די מחברים; — אין „קוואָ־וואַדיס" זענען דאָ אָפּשפּיגלונגען פון ריין־פּוילישע לאַנדשאַפטן, כמעט־קאָפּיעס פון ריין־פּוילישער אינטערפּרעטירונג פאַר שטיקער טראַגישער פּוילישער געשיכטע; אין „אהבת־ציון" און „אשמת־שמרון" זענען דאָ אָפּשפּיגלונגען פון ליטווישער, פון אַלעקסאָט־קאָוונער נאַטור. און אַזוי איז אויך מיט קינסטלערישע שאַפונגען אויפן געביט פון צוקונפטס־אוטאָפּיעס: אין זשול ווערנס און וועלס'ס ווערק, א שטייגער, איז דאָ אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם טעכניק־מצב אין זייער צייט און אין די לענדער, ווו זיי האָבן געלעבט און געשאַפן. אַ פאַנטאַסטישער ראָמאַן בכלל איז אַלע מאָל און אומעטום פאַרנאָפּלט־באַהאָפטן צו דער קאָנקרעטערווירקלעכקייט פון מחבר'ס „דאָ־איצט". ס'וועט זיין ריכטיק, אַ שטייגער, צו באַהויפטן, אַז ד"ר הערצלס „אַלטניילאַנד" האָט פאָראויסגעזאָגט און צוגעגרייט די יידישע מדינה, ס'וועט אָבער זיין אויך ריכטיק צו באַהויפטן גלייכצייטיק, אַז אָט דידאָזיקע שאַפונג הערצלס איז מעגלעך געווען ערשט האַרט פאַר דער גרינדונג פון דער יידישער מדינה, ד.ה. אַז זי, אָט די שאַפונג, האָט אין זיך אַנטהאַלטן עלעמענטן פון אָרט און צייט, פון „דאָ־איצט", אין וועלכע הערצל האָט געלעבט און געווירקט. און אַזוי איז עס ניט בלויז ביי אויסדערוויילטע גרויס־גייסטער, ביי קינסטלער, נאָר אויך ביי יעדן סתם־מענטש: די רעפּראָדוצירטע קינדהייט אין די זכרונות פון אַן אַלטן מאַן איז גאַנץ אַנדערש פון דער מקור־קינדהייט, אָבער ניט בלויז דערפאַר וואָס די זכרונות זענען מאַנגלהאַפטע, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דער רעפּראָדוצירער פלעכט אריין, אַליין ניט וויסנדיק וועגן דעם, אין זיין באַנייעטער קינדהייט, ווען ער קערט זיך אום צו איר, גאַנצע שטיקער פון יענעם „דאָ־איצט" זיינעם, פונוואַנען ער לאָזט זיך צוריק אין דער קינדהייט אַריין. קוקט זיך צו, למשל, צו יענער זייער־זייער פּרימיטיווער פאָלקס־קונסט־מאָלעריי, וואָס יידן, ניט געקוקט אויפן רעליגיעזן איסור, האָבן זיך דערלויבט אָפּצוגעבן איר אַן אָרט אין זייערע ספרים און

הייזער — די משה רבינו־אהרן־הכהן־בילדער אויף די שער׳ס פון סידורים און מחזורים, צו די המן־הרשע־מרדכי־הצדיק־בילדער אין די פורים־מגילות, צו דעם אויסגעצייטן כותל־מערבי אויף דער מזרח־וואַנט פון אַ יידישן הויז וכדומה, און איר וועט דאָרטן געפינען אַ גרויסע ענלעכקייט פון משה רבינו און אהרן הכהן צום ווילנער גאון אָדער ר׳ שניאור זלמן מליאדי, פון — להבדיל — המן הרשע צו אַ כמעלניצקי אָדער סתם אַ ווילדן פּאָניע־קאָזאַק, פון כותל מערבי צו דער איבערגעבליבענער וואַנט פון אַ פּריצישן שלאָס אין דער נאָענטער אומגעבונג. הכלל: ווען מיר וואַנדערן איבער פונדאַנען אַהין, ברענגען מיר מיט גאַנצע שטיקער פון דעם פּלאַץ און פון דער צייט, פון וועלכע מיר וואַנדערן, צו די פּלעצער און צייט אַריין, אין וועלכע מיר וואַנדערן אַריין, פונדאַנען אַהין און פון דאָרטן אַהער.

# די צעמישונג אין מוזעאום

אסאציאציע איז ווי אַ ווענטקע אין די הענט פון אַ פישער־לערלינג. — ער וואַרפט זי אין יענע וואַסערן, וווּ און ווייל דאָרטן האָט פריער אַרויסגעטוויכט אַ גרויסער העכט, — דאָס רוב ברענגט אָט די ווענטקע ניט מער ווי אַ קליינע „סאַרדינקע" אויף איר פון וואַסער אַרויסגעצויגענעם שפּיץ...

מיין „די צעמישונג אין מוזעאום" איז אַסאָציאירט מיט איינעם אַ זייער פאַרשפּרייטן ספּור־המעשה, וואָס אין יידישע שטעט און שטעטלעך פלעגן דורות־לאַנג הערן יונגע קינדער פון זייערע טאַטע־מאַמעס און זיידע־באָבעס און וואָס נאָכדעם פלעגן זיי האָבן שלאָפלאָזע נעכט און בייזע חלומות פון שרעק אויך ביים איינדרעמלען, ביים האַלבן וואַך זיין.

דער ספּור־המעשה איז געווען אַזאַ: אַלע טעג פון וואָך, אויסער פרייטיק, זאָלן פונקט אין האַלבער נאַכט די מתים פון די בית־עלמינס אויפשטיין און אַרויסגיין פון זייערע קברים און לאָזן זיך צום שול־הויף, דאָרטן פלעגן זיי אָנפילן איינגעוויקלטע אין זייערע טליתים די גרויסע שול פון דער מזרח־וואַנט ביז צום פּאָליש, אַרויסנעמען אַ ספר־תורה פון אָרון־קודש און לייענען די סדרה פון דער וואָך, עולה לתורה זיין איינער נאָך דעם אַנדערן — לוי נאָך כהן, ישראל נאָך לוי, ביז — ביז ס'פלעגט זיך ענדלעך לאָזן הערן דער ערשטער פרימאָרגן־קריי פון אַ האָן, ביז ס'פלעגט זיך לאָזן הערן דער שליסל־סקריפּ אין דער גרויסער שול־טיר דורך דעם שמש, וואָס איז געקומען עפענען די שול און צוגרייטן וואָס מ'באַדאַרף צו תפילת־שחרית פאַר די לעבעדיקע יידן פון שטעטל. דאַמאָלס פלעגן די מתים הענדום־פּענדום פאַרלאָזן זייערע ערטער און איילנדיק זיך צוריק־אומקערן אין זייערע בית־עלמינס אַריין, צוריק אַריינקריכן אין זייערע קברים אַריין, ווידער אַמאָל ביז דער פאָלגנדיקער האַלבער־נאַכט־שעה, ווען זיי וועלן ווייטער באַנייען און איבערחזרן זייער טיילווייזן „תחית־המתים" און לאָזן זיך אין דער גרויסער שול אַריין.

איצט, נאָכדעם ווי איך בין שוין לאַנג אויסגעוואַקסן פון יענער אַמאָליקער תמימותדיקער יינגלשקייט מיינער, ווייס איך שוין, — מיין איך בכל אופן, אַז איך ווייס, — וואָס ס'איז די סיבה פון יענעם אַבערגלויבן, — ס'זאָל זיין אַ שפּליטער פון אַן אַנדער סיבה. אַ פּיל אומפאַנגרייכערער, אַזאַ וואָס געהערט צו אַן איינגעזעסענער אמונה ביי דעם גרעסטן טייל פון דער מענטשהייט, אויב שוין ניט אַפילו ביי דער גאַנצער מענטשהייט, די אמונה אין השארת־הנפש, אין טראַנסצעדענטאַלן לעבן־המשך פון מענטשן אויך נאָכ'ן טויט, אויך אויסער

דעם ערדישן לעבן, די אמונה אין ווען־ס׳איז׳יקן, אין „באחרית־הימים׳דיקן״ אָנקומען פון „תחית־המתים״ — דאָס ווידעראיבערטראַגן זיך פון אויסער־ערדישן לעבנס־המשך מצד ווערסט־געשטאָרבענע מענטשן נאָך אַמאָל און דאָן שוין אָן איבעררייס, אויף דער ערד. די סיבה פון אָט דערדאָזיקער צווייאייניקער אמונה זאָל שטעקן אין טראַגישן מענטשלעכן געראַנגל מיט זיין פאַרגענגלעכקייט, אין זיין זוכן מכלומרשטע ווייטיק־לינדערנדיקע באַנדאַזשן אויף דער פאַרגענג־לעכקייט־ווונד.

איז לכתחילה פאַר דעם טרייסט־זוכנדיקן מענטשן געווען געגנוג דער מינימום: „ניט־ערגער״, „ס׳ביסל גוטע וואָס אין נאָך־ערדישן לעבן איז אין דעם גופא, וואָס ס׳איז כאָטש אַ ווטלכער ס׳איז המשך פון לעבן״. מיט דער צייט אָבער האָט זיך דער מענטש פאַרגאַלאָפּירט און האָט זיך אַ פאַרמעסט געטון אפילו אויף מאַקסימום, אויף „נאָך בעסער״ — דאָס אויסער־ערדישע לעבן זאָל זיין ניט בלויז אַ המשך, נאָר אַ פולקאָמערע אויפלאַגע פון ערדישן לעבן. זענען אָבער פאַרבליבן די גראָבע שטעך פון אָט דעם געקינצלט־אויפגעשטיקעוועטן בגד — די געגאַרטע־דערוואַרטע אמונה אין „תחית־המתים״, ביי דער זייט פון דער אמונה אין „השארת־הנפש״, האָט אויסגעגעבן די פאַרגאַלאָפּירונג אין דער מענטשלעכער עלנט־אילוזיע: אויב דאָס טראַנסצעדענטאַלע, אויסער־ערדישע לעבן זאָל באמת זיין בעסער און פולקאָמער פון ערדישן לעבן, טאָ צו וואָס וואַרטן און ווען דער געשטאָרבענער זאָל זיך צוריק־אומקערן אויף דער ערד צום ערדישן לעבן?..

דער דערמאָנטער ספור־המעשה פון ספּעציעל יידישע טאַטע־מאַמעס און זיידע־באָבעס וועגן נאַכט־נאַכטיקן צייטווייליקן אומקערן זיך פון טויטע צום ערדישן לעבן איז אַ מין רעפּיטיציע צום קומענדיקן, באַחרית־הימים׳דיקן פולן „תחית־המתים״.

און אָט איז „על משקל״, לויט׳ן מוסטער פון יענעם ספור־המעשה אויפגעקומען אויף מיין „צעמישונג אין מוזעאום״:

מאָלער־קינסטלער העלפן דאָך מיט „תחית־המתים״, מיט זייערע קינסטלער־פענזלען לאָזן זיי אַריין, ווי דער מהר״ל פון פראָג אין זיין גולם, אַ רוח־חיים אין די דורך זיי געמאָלענע מענטשן, אנשטאָט — ווי אין דער דערמאָנטער אַלטער זיידע־באָבע׳שער לעגענדע — אין דער גרויסער שול אַריין, זאַמלען זיך אויף די דורך די קינסטלער אויפגעלעבטע מענטשלעכע טויטע אין וועלטלעכן קונסט־מוזעאום, — דאָרטן העַנגען די קינסטלעריש־געמאָלטע מענטשן־פּאָרטרעטן, וועלכע לעבן, פיגורירן אָפן — אין אונטערשייד פון די וואָס אין דער גרויסער שול — אויך אין קעגנוואַרט פון אמת־לעבעדיקע צושויער, אַנטלויפן ניט פון זיי, באַהאַלטן זיך ניט אויס פאַר זיי. האָט, הייסט עס, אין דעם פּרט דער וועלטלעכער קונסט־טעמפּל אַ מעלה אַנטקעגן דעם רעליגיעזן שול־טעמפּל, די מעלה איז אָבער אַ באַשרענקטע: אויך דאָ, אין קונסט־מוזעאום, הויבט זיך אָן דאָס פולע, דאָס אומגעשטערטע לעבן פון די תחית־המתימ׳דיקטע ערשט נאָך האַלבער נאַכט, נאָכדעם ווי די צושויער גייען אַוועק און אַפילו דער מוזעאום־

שמש פֿאַרשליסט הינטער זיך די טיר ביים אַוועקגיין, נאָכדעם ווי די מענטשן פֿון די בילדער פֿאַרבלייבן אינגאַנצן אין זייער אייגענעם רשות, ווייל אויך מענטשן פֿון בילדער אַרויס איז אומאַנגענעם צו געפֿינען זיך אונטער די שטעכיקע פּיילן פֿון פֿרעמדע אויגן, אויך זיי, פּונקט ווי געוויינלעך לעבעדיקע מענטשן פֿילן זיך געהעמט אונטער דורכזיכטיקן גלאָז־גלאָק, וואָס יעדנס פֿרעמד אויג דרינגט לייכט נאָכשפּירעריש אַריין אַהין און לערנט קליגעריש „פּשט" איבער דעם געביין, לייב און לעבן פֿון פֿאַרגלאָקטן־פֿאַרקלאָגטן געפֿאַנגענעם...

ערשט אין האַלבער־נאַכט ווערן די געפֿאַנגענע בילדער־מענטשן פֿריי פֿון זייערע תּפֿיסה־היטער, קענען אויך ווערן פֿריי פֿון די תּפֿיסות גופֿא — פֿון יענע פֿאַרגלאָזטע ראַמען, אין וועלכע זיי זענען אַריינגעזעצט, דאַמאָלס שפּרינגען זיי אַרויס פֿון אונטער די ראַמען־גלעזער און הויבן אָן זיך פֿריי און אומגעשטערט באַוועגן איבער די מוזעאום־רוימען, הויבן אָן צו לעבן זייער אייגענעם פֿולן און גאַנץ־זעלבשטענדיקן לעבן, יעדער לויט זיין נטיה און ווילן.

איז עס אַ גאַנץ אַנדער לעבן פֿאַר די בילדער־מענטשן אין אָט די נאַכט־שעהן, גראַד ווען ס'איז פֿינסטער אין מוזעאום ווערט זיי באמת ליכטיק אין די אויגן, אין זייערע אייגענע אויגן, און גראַד ווען ס'איז ליכטיק אין די אויגן פֿון אַנדערע, פֿון זייערע צושויער, מוזן זיי אליין, נעביך, ווען אַפֿילו אומבאַמערקט פֿאַר יענע אַנדערע, פֿאַרזשמורען זייערע אייגענע אויגן קעגן ניט־געוווּנטשענעם ליכט, פֿאַרהאַלטן זייער לעבנס־אָטעם אין דער דריקנדיקער אַרומיקער אַטמאָספֿער, ווי לאַנג אָבער דויערט און האַלט אָן אָט דאָסדאָזיקע גאַנץ־אַנדערע, פֿרייע און פֿולע לעבן פֿון די בילדער־מענטשן? — ביז ס'קומט אָן ווידער דער פֿרי־מאָרגן, ביז ס'דערהערט זיך ווידער דער שליסל־סקריפּ אין דער מוזעאום־טיר ביים צוריקקער פֿון מוזעאום־שמש, דאַמאָלס שפּרינגען די בילדער־מענטשן אין איילעניש צוריק צו זייערע פֿאַרלאָזטע ראַמען און כאַפּן זיך צוריק יעדער אין זיין ראַם אַריין.

איז אַמאָל געשען אַזוי, אַז די בילדער־מענטשן האָבן זיך אין די שעהן פֿון איינער אַ נאַכט אַזוי געלאָזן ווילגיין אין זייער פֿרייען לעבן, אַז זיי האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס פֿון דער צייט און דער שליסל־סקריפּ פֿון אונטער דער האַנט פֿון זיך צוריקגעקערטן מוזעאום־שמש האָט זיי געטראָפֿן אומדערוואַרטעט און ניט־צוגעגרייט, האָבן זיי זיך אין פּאַניק און איילעניש אַלע מיט אַמאָל אַ שטופּ געטון און איינער איבערן אַנדערן אַריינגעשפּרונגען אין די בילדער־ראַמען אַריין, ניט קענענדיק אַריענטירן זיך און אויסקלויבן יעדער זיין ראַם, — האָבן זיי איבערגעפּלאָנטערט און פֿאַרביטן די ראַמען און — אוי וויי! — זענען אַריינגעשפּרונגען און אַריינגעקוועטשט זיך אין פֿרעמדע ראַמען...

און אין קונסט־מוזעאום זענען דאָך, כידוע, על־פּי־רוב די בילדער־ראַמען געמאַכט דווקא אַזוי, אַז יעדע פֿון זיי זאָל זיין אַ קינסטלערישע השלמה צום בילד וואָס אין איר, ס'זענען דאָרטן ניטאָ קיין סטאַנדאַריזירטע ראַמען, קיין איין ראַם איז ניט גלייך, אַפֿילו ניט ענלעך, צו דער אַנדערער — יעדע ראַם איז ניט בלויז אַן אכסניא פֿאַר איר שכן, נאָר כמעט אַ אינטעגראַלער,

אָרגאַנישער טייל פון זיין אינדיווידועלן וועזן איז דעריבער טאַקע דער אומגליק געווען נאָך אַ גרעסערער:

די „מכשפה פון שאַיאַ", למשל, איז ע"פ טעות אַריינגעשפּרונגען אין דער ראָש פון שרה בת־טובים, דער מושלמדיקער מאַנספאַרשוין קאַזאַנאַוואַ אין דער ראָש פון עפּעס אַן אימפּאָטענטן קריפּל־פּאַרזעניש; די הערשער־באַפוילערישע און קאַפּריציז־דיקטאַטאָרישע קסאַנטיפּע אין דער ראָש פון שטיל־פּאָלגנדיקן און באהבה אַלץ אָננעמענדיקן סענדערל „די יידענע", דער אויסגעאַיידלטער, פון עולם־הזה זיך דעררוייטערנדיקער ווילנער גאון האָט, רחמנא ליצלן, געמוזט אַריינקריכן אין דער ראָש פון טשיקאַגער ראש־הגענגסטערים אַל־קאַפּאָנע; מרדכי הצדיק האָט געמוזט פּראָוון „אזיל" אין דער ראָש פון המן הרשע...

איז זיך ניט שווער פאָרצושטעלן, וואָס די אַלע פאַרבלאָנדזשעטע האָבן איבערגעלעבט אין די ביז אייביקייט לאַנגע שעהן פון יענעם טאָג, ביז ס'איז ווידער אָנגעקומען דאָס אויסלייזערישע האַלבע־נאַכט. אין די שעהן פון יענעם אומגליקלעכן טאָג איז די בילדער־מענטשן געווען אַסך־אַסך שווערער און ערגער איידער אין אַנדערע טעג, הגם די זייטיקע צושויער האָבן עס מיט זייערע קורצזיכטיקע אויגן ניט באַמערקט. שווער איז צו לעבן אַ געצווונגען־שטומען לעבן בכלל, נאָך שווערער אָבער בפרט איז דאָסדאָזיקע געצוווּנגענע שטום־לעבן נאָך דערצו צו פירן אונטער אַ געפּעלשטער, פרעמדער „מאַסקע", אין אַ פרעמדער אכסניא, ווו אַלץ איז אין סתירה צו די נייגונגען פון דעם שכן. און דאָס ערגסטע איז פאַר די בילדער־מענטשן אין יענעם אומגליקלעכן טאָג געווען דאָס, וואָס זייערע קעגנזאַצן, די שטענדיקע איינוווינער פון די ראַמען, האָבן פאַר דער לאַנגער צייט פון זייער שכנות אַריינגעהויכט אין דעם חלל פון די ראַמען; זיי, די נייע און צופעליקע שכנים אויף איין טאָג, האָבן אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז ווען ס'וועט סוף־כל־סוף קומען די געגאַרטע שעה פון האַלבער־נאַכט און זיי וועלן שוין קענען מיט פרייד פאַרלאָזן זייער צייטווייליקע פריקרעדיקע אכסניא, זאָלן זיי, חלילה, ניט נאָכשלעפּן מיט זיך אין זייערע אייגענע, שטענדיקע, צו זיי צוגעפּאַסטע ראַמען אַריין עפּעס פון זייערע קעגנער; און אָט דער חשש איז — אוי וויי! — ניט געווען אומזיסט:

אויפן צווייטן טאָג נאָכן אומגליק, נאָכדעם ווי די בילדער־מענטשן האָבן זיך אין דער פרימאָרגן־שעה, ווי געווייינלעך, זיך ווידער איינגעקוואַטירט יעדערער אין זיין אייגענער ראָם, האָט שרה בת־טובים זיך דערפילט ווי אַ שפּאַר־ביסל פאַרמכשפה'וועט, קאַזאַנאָוואַ האָט פאַרלוירן אַ טייל פון זיין מוסטער־מאַנסבילשן זעלבסט־שטאָלץ און איז גאָר אַריינגעפאַלן, צום ערשטן מאָל פאַר זיין גאַנץ ביז־דאַמאָלסדיק לעבן אין זיין ראָם, אין מינדערוועטיקייטס־פאַרדאַכטן; זיין הייליקייט דער ווילנער גאון האָט דערפילט, צו זיין שטוינונג, אין זיך עפּעס אַן אומבאַקאַנטע אוואַנטוריסטיש־גענגסטערישע יוירונג; מרדכי הצדיק האָט אין זיך דערהערט עפּעס גאָר אַ המן־הרשע'דיקן זיך רייסנדיקן בייזן קול...

און וואָס איז דער מוסר־השכל פון אָט דער „צעמישונג אין מוזעאום"? — ס'איז נאָך גוט, וואָס אָט די צעמישונג איז פאָרגעקומען סך־הכל איינאיינציק מאָל, ווען, חלילה, זי וואָלט זיך נאָך איבערגעחזרט און פאָרגעקומען אויך שפּעטער

אַסך מאָל, וואָלט אפשר דערגאַנגען דערצו, ס'זאָל בכלל אָפּגעמעקט ווערן דער אונטערשייד צווישן „חייב" און „זכאי", די בילדער־מענטשן זאָלן שוין כלל ניט ליידן, ניט פילן זיך אומאַנגענעם און אומבאַקוועם אין זייערע נייע, פרעמדע ראַמען, זיי זאָלן אַפילו ניט ווילן אין קומענדיקן פרימאָרגנס זיך אומקערן צו זייערע אייגענע היים־ראַמען...

און וואָס ווילן טענהן די פשרה־זוכנדיקע מלמדי־זכות? — פונקט אַזוי ווי דער „זכאי" איז אין אַט דעם פאַל אָנגעשטעקט געוואָרן פון „חייב", איז דאָך אויך, פאַרקערט, אויך דער „חייב" אָנגעשטעקט געוואָרן פון „זכאי", דאָס דאָ־פאַרלויערנע ווערט, אַלזאָ, געדעקט דורך דעם דאָרט־געוווּנענעם, ס'איז איינפאַך דער באַקאַנטער חשבון פון דיפוזיע צווישן צוויי פאַראייניקטע געפעסן — איינע מיט אַ גרעסערער־העכערער מאָס פליסיקייט, די אַנדערע — מיט אַ קלענערער־נידעריקערער מאָס, גלייכט זיך אין זיי ביידן אויס דער פליסיקייט־הויך, — איז אָבער די צרה וואָס מענטשלעכע געזעלשאַפט טאָר ניט זיין צוליב איר טובה וועגן, צוליב די אויסזיכטן פון אומבאַדינגט־נויטיקער שטענדיקער בעסע־רונג און העכער־שטייגן אונטערגעוואָרפן דער געוויינלעכער דיפוזיע, וואָס צווישן דומים־געפעס און דוממים־פליסיקייטן, נשמה־סובסטאַנץ איז ניט און טאָר ניט זיין קיין דוממים־פליסיקייט, איז ניט און טאָר ניט זיין אונטערגעוואָרפן געוויינ־לעכע דיפוזיע־געזעצן. בפרט דאָך אַז ווען ס'האַנדלט זיך וועגן מיכלומרשטער „דיפוזיע" לגבי מענטשלעכע אייגנשאַפטן און געוואוינהייטן איז מער וואַרשיינלעך, אַז דער „זכאי" זאָל זיך אַסך־אַסך־מער זיך פאַרגלייכן צום „חייב", איידער — פאַרקערט, דער „חייב" צום „זכאי".... אַפילו ס'ביסל גוטס פון דיפוזיע, ווען די לעצטע זאָל זיין מעגלעך אַסך ביי מענטשן, מוז דאָ ווערן צו גאָרניש!

—היט אונז, גאָט דערבאַרעמדיקער, פון צעמישונג אין לעבנס־מוזעאום!

# הימל און ערד

## א.

איז דאָך ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט און ניט פאַרווייגערט דאָס רעכט, אז א וויסנשאַפטלער — א פסיכאלאג דע־פאַך, אדער א קינסטלער — א פסיכאלאג דע־אינטואיציע, וועלכע גיבן זיך אפּ מיט אויפדעקן ביז אויסשעפּנדיקער פולקייט די ריזן־לאַנגע, אויף קליינע ברוכטיילן טענער צעצווייגטע „גאַמע״ פון ווילדע הנאות, וואס מיט זיי פאַרכליניעט זיך כסדר א באהערשער און באצווינגער, אזא וואס דאס בלוט פון אבסאלוט אלע און אלץ ארום און אויסער אים גילט נאר ווי וואויל־שמעקנדיקער בוימל אויף זיין פאַרפּעצטער הנאה־לוסט, זאל מיט אמאל אליין דערזען און פאַר אונז אלעמען באווייזן די פאַלגנדיקע איבעררראַשנדיקע קרעאַציע אין באַהערשערס־באַצווינגערס אויפ־פירונג מיט זיינע לייב־קנעכט: אנשטאט שטענדיקער, געוויינטלעכער אכזריות לגבי זיי, טוט ער זיך פלוצים א לאז, אונטער א ביז־גאַר־שאַרפן ווינקל, אויף מיכלומרשט גוטמוטיקער רחמנות, און אפילו נאך מער: אנשטאט שטענדיקער, געוויינטלעכער טאפּעלער אויסצאָמונג זיינער — פאַר זיך אין די העכסטע הויכן אַריין, און פאַר זיינע הערשאַפטס־קרבנות אין די נידעריקסטע נידערן אַריין, ווייל וואָס גרעסער ס'איז די ווערטיקאַלע דיסטאַנץ צווישן אים, זיין מאַיעסטעט דער הערשער, און זיי, אין זייער נעביכדיקער געפאלנקייט די באהערשטע, ווערט דאך בולט אפילו פאַר בלינדע די אומגלייכקייט צווישן זיי, טוט ער זיך פלוצים, א וועגד צום פּראָקלאַמירן, צום ברייטציגיקן דעקרעטירן דווקא גלייכקייט צווישן זיך און זיי, ווערט ער פלוצים א געדעכטער פאַרטיילער פון גלייכע רעכט צווישן זיך און זיי, נעמט פלוצים פאַרצעלירן זיין גרויסן, אומבאַגרעניצטן אייגנס און גיט זיי אפּ חלק כחלק פון אט דעם אייגנס זיינעם, לאזט זיך איבער ניט אויף א האר מער פון דעם, וואס ער טיילט אויס פאַר זיי —

— איך און איר — הייסט עס — זענען פולשטענדיק, ביז דער פיינסטער בוכהאַלטערישער פּרעציזקייט, „אַלע גלייך״...

פונוואַנען זאָל זיך אַזאַ פלוצימדיקע ענדערונג אין באַהערשערס־באַצווינגערס אויפפאַסונג נעמען? פון אַן אינערלעכער געוויסן־אויפרודערונג? ניין! איך זי, אַט די דאָזיקע איבעררראַשנדיקע ענדערונג שטאַמט פון יענעם אייגענעם מקור, פון וועלכן ס'נערט זיך בכלל זיין גאַנצע און כסדרדיקע הנאה־לוסט, אויך זי איז בעצם ניט מער, איידער אַ נייער טאָן אין דער אַלגעמיינער

„גאַמע" זיינער פּאָר לאָזן זיך וווילגיין. נאָכדעם ווי ער, דער באַהערשער, דערפילט פּלוצים, אַז ער זאָל שוין האָבן אויסגעזשליאַקעט ביזן דנאַ דעם גאַנצן בעכער פון אומגלייכקייט־הנאה, אַז יענע אומגלייכקייט־פּליסיקייט איז שוין אויס און קען מער ניט זעטיקן, הויבט ער אָן זוכן נייע הנאה אין די ביז־דאַמאָלס ניט־אויסגענוצטע רעזערוון וואָס אין אַן אַנדערן בעכער, אין בעכער פון מיכלומרשטער „גלייכקייט". ווייס דאָך די פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגיע צו פּאַרצייכענען גאַנצע שפּע׳ס פון פאַקטן, אַז ווען הנאה דורך נאַרמאַלע וועגן ווערט זייער איבערגעשטאָפּטן קראַנקן זוכער צוגעגעסן און גיט אים שוין ניט מער די דורך אים געפאָדערטע מאַקסימאַלע באַפרידיקונג, הויבט יענער אָן צו יאָגן זיך נאָך הנאה דורך פּערווערזע וועגן...

א, ווען א דיקטאַטאָר הויבט מיט אמאָל זיך אָן צו שפּילן אין מיכלומרשטער „דעמאָקראַטיע"! —

אַ מלך וואָס הויבט זיך אָן פּלוצים צו־פיל „חברן" מיט זיינע אינטער־טעניקע איז ניט בעסער, און אפשר אפילו נאָך ערגער, פון אַן „עבד כי ימלך"! —

ב.

מעג זיין אָביעקטיוו־ריכטיק די קאָסמאָלאָגישע־אַסטראָנאָמישע באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז די עצם באַגריפן, די וואָס גייען אַרום צווישן מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, אין פאַרבינדונג מיט ווערטיקאַלע דיסטאַנצן, די עצם באַגריפן וועגן „אויבן זיין" און „אונטן זיין", וועגן „הימל" און „ערד" אין געפיל און באַוווסטזיין פון זייערע באַווינער, נעמען זיך פון דער מענטשלעכער סוביעקטיווקייט, פון דער ערד־מענטשלעכער באַגריפלעכער קנאַפּקייט, מעג זיין אָביעקטיוו־ריכטיק די פילאָזאָפיש־פּסיכאָלאָגישע אַנשויאונג וועגן דעם, אַז די עצם געשטאַלטלאָזע געשטאַלט פון גאָט־ברוך־הוא ווי אזעלכן, ווי אויך די עצם אַבסטראַהירטע, קאָנוועניציאָנעלע פאָרשטעלונג, אַז דווקא די הימלען זאָלן עס זיין גאָטס־ברוך־הוא׳ס אויסדערוויילטע רעזידענץ, זענען דורך דער ערדיש־מענטשלעכער פאַנטאַזיע אַרויסגעבראַכט געוואָרן, דערפונדן געוואָרן ווי אַ באַנדאַזש אויף די וווּנדן פון מענטשלעכן באַוווסטזיין־עלנט, ווי אַ פייגנבלאַט אויף צו פאַרדעקן כאָטש וויפל־ס׳איז די באַליידיקנדיקע נאַקעטקייט פון מענטשלעכער הילפלאָזיקייט ביים גרעראַנגל צווישן באַשרענקטן ראַציאָ מיט דער ריזן־איראַציאָנעלקייט, די כסדרדיקע לאַגע צווישן די מענטשן בלייבט דאָך אָבער אַלע מילי־מיליאָסן יאָרן פון מענטשלעכער עקזיסטענץ אויף דער וועלט אַן אומגעענדערטע אין פּרט פון טיילן די וועלט אויף „הימל" און „ערד", אויף „גאָט" און „מענטש" אויף „אויבן" און „אונטן". אַזוי איז עס פון די פּרימיטיוווסטע, אור־אַלטסטע קאָסמאָגאָנישע לעגענדעס אָזש ביז די פאַרפול־קאָמסטע אויפטוען פון דער וווּנדערלעכער נעאָ־טעכנישער ווירקלעכקייט, פון דור־ההפלגה און אָזש ביז די איצטיקע ערנסטע גרייטונגען אונטערצונעמען אַן עקספּעדיציע־נסיעה צו דער לבנה און צו דער זון...

„הימל״ שטייט (הענגט) קעגן „ערד״ ווי דאָס העכסטע הויך קעגן נידעריקסטן נידער, „גאָט״ איז דער באַהערשער פון די „מענטשן״. צווישן אַט דיביידע טיילט פונאַנדער אַ טיפער תהום פון אומגלייכע רעכט און מעגלעכקייטן, נאָך די אַלע גוואַלדיקע מענטשלעכע אָנשטרענגונגען אין משך פון מילי־מיליאַסן יאָרן צו פאַרשיטן, צו פאַרקלענערן אָט דעמדאָזיקן תהום, צו דערנענטערן „ערד״ צום „הימל״, „מענטש״ צו „גאָט״ איז ער, אָט דער תהום, פאַרבליבן כמעט אַזוי ווי ער איז געווען, ווי ס׳ווערט וועגן אים דערציילט אין די קאָסמאָגאָנישע לעגענדעס: „השמים שמים מעל והארץ מתחת״ — דער הימל איז דער אויבן איבער אַלע אויבנס און די ערד איז דער אונטן פון אַלע אונטנס...

ווייסן מיר אָבער, אַז גאָט ברוך הוא האָט אַמאָל גרויסצייגיק געלאָזט מעלדן פון זיין הימלישן הויך די ערדישע אונטן־מענטשן זיין רחמים־באַשלוס, זיין געבענטשט־דעמאָקראַטישן ווילן: „פּאַרהעלטענישמעסיקע גלייכקייט זאָל זיין צווישן מיר און אייך, „השמים שמים לה׳ והארץ נתנה לבני־אדם״ — מיר וועלן דעם וועלט־באַזיץ פּאַרצעלירן צווישן זיך מיט יושר, פאַרטיילן אים חלק כחלק — די הימלען געהערן מיר און די ערד געהערט אייך.

ס׳האָט באַדאַרפט, להבדיל, זיין אַזאַ מין ממש־ברידערלעכער הסכם וועגן גלייכער שותפות ווי צווישן קין און הבל אין דער אַלטער קאָסמאָגאָנישער לעגענדע, יענע צוויי ערשטע מענטשלעכע ערד־באַזיצער האָבן עס געטון לגבי גלייכע רעכט־פּאַרטיילונג אויף דעם ערד־שטח גופא, אין דער האָריזאָנטאַלער ריכטונג: איינעם וועט געהערן די ערד־באַאַרבעטונג, דעם אַנדערן — דאָס פיצוכט, גאָט־ברוך־הוא האָט פונקט אַזאַ הסכם געמאַכט מיט די מענטשן, ווי מיט ברידער, לגבי דער ווערטיקאַלער ריכטונג: הימל — מיר, ערד — אייך. ווייסן מיר אָבער וויאַזוי אַט דידאָזיקע גערעכטע פּאַרטיילונג האָט זיך גאָר־גאָר־שנעל פאַרענדיקט צווישן די ערשטע ערד־מענטשלעכע הסכם־שליסער. מיר ווייסן — אוי וויי! — אויך גוט, וואָס פאַר אַ פנים ס׳האָט אויך דער צווייטער הסכם. ריכטיקער: דער גרויסצייגיקייט־זשעסט וואָס גאָט־ברוך־הוא האָט ווען געמאַכט לטובת זיינע ערדישע שותפים...

„השמים שמים לה׳״ איז טאַקע פאַרבליבן אין זיין שטענדיקער, אין זיין פּריערדיקער אומבאַרירלעכקייט, מענטשן האָבן קיין מינדסטע שליטה ניט אין די הימלישע היכלן צו באַווירקן זיי, צו אינטערוועניִרן אין זיי אַפילו אין אַ קליינער, ברוכצאַליקער מאָס, דאַקעגן אָבער טרעט אויף דער „והארץ נתנה לבני־אדם״ ווי אַ פּוסטע מעלאָדעקלאַמאַציע, גאָט־ברוך־הוא, ער און ניט די מענטשלעכע לעגיטימע באַזיצער פון דער ערד, איז אויך דאָ דער איינציקער בעל הבית, ער טוט מיט דער ערד און אירע מענטשלעכע מיכלומרשטע באַזיצער אַזוי און וואָס ער וויל. „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״ איז טיף פאַראַנקערט אין ערד־מענטשלעכן שווער־אויסגעפּרוווטן באַוווסטזיין אַלע מאָל און אומעטום, מענטשן מעגן זיך שפּילן אין מיכלומרשטער זעלבסט־באַשטימונג אויף „זייער״ ערד, מעגן זיך אָפּ־היה׳ן מיט אילוזיע־טראָפּנס בשעת עלנט־אָנפאַלן, אַז זיי

זענען עס בכח פעסטצושטעלן אייגענע „פינף־, צען־ א.אז.וו. — יאָר־פּלענער״ פּאַר כלערליי איינאָרדנונגען אויף „זייער״ ערד, באמת אבער ווערן אָט די אַלע „פּלענער״ גאָרניט אַנטקעגן דעם מיליאָנען־יאָריקן פּלאַן וואָס גאָט־ברוך־הוא האָט, ווייזט אויס, פאָראויסבאַשטימט פאַר דער ערד און אירע מענטשן, די אַלע מענטשלעכע ראַציאָנעלע הימאַלאַי׳ס ווערן צעשטויבט אין נישטיקע זעמדעלעך, ווען דער שטורם־ווינט פון הימלשער, געטלעכער איראַציאָנעלקייט דערטראָגט זיך צו זיי. די פּאַקטישע אומגלייכקייט פּאַטשט אומברחמנות׳דיק אָפּן אין פּנים פון די מענטשן גופא אפילו אין געוויינטלעכן, אזוי צו זאגן פיזישן, פשוטן זינען, אין זין פון ווין־רעכט — מענטשן אין די הימלען גרייכן ניט, גאָט אויף דער ערד איז ניט בלויז וואָס ער גרייכט יאָ, ער פילט אויס דעם גאַנצן ערד־שטח אַבסאָלוט אָן קיין בלויז, „כבודו מלא עולם״ — ער באַנוגנט זיך ניט מיט בלויזן אַבסטראַקטן כבוד־באַזיץ, ער לאָזט זיך אויפבויען בתי־מקדש און טעמפּלען אויך פּאַר אוממיטלבאַרן, קאָנצענטרירט־פיזישן באַזיץ. אָן ערדישער שטח, וואָס די געטלעכע שכינה רוט דאָרטן ניט איז אַ וואַקום־שטח, אַ שטח וואָס אויך ערד־מענטשלעכע „באַזיצער״ קענען אין אים ניט אָטעמען...

וואָס־זשע איז געוואָרן פון דער וועסט־דעמאָקראַטישער „גלייכקייט״? וואָס־זשע איז עס פאַר א שותפות, ווען איינער פון די שותפים באַוועגט זיך פראַנק און פריי אין צווייטנס גבול און ווען דער אנדערער שותף האָט פּאַך זיך אַ פול־שטענדיקן „נומערוס נולוס״ אויף באַוועגונג און ווירקונג אין גבול פון זיין קאָלעגע?...

מענטשן האבן אלע לאנגע יארן פון זייער עקזיסטענץ געפילט אט די באליידיקנדיקע אומגלייכקייט זייערע טראָץ דער דעקרעטירטער מיכלומרשטער „גלייכקייט״; זיי האבן אלע מאל און אומעטום פיינלעך אויפגענומען אט דאסדאזיקע איזדיעקעווען זיך איבער זיי, האבן שטענדיק געמאכט אפילו אנשטרענגונגען און יאוש־באמיונגען אויסצוקעמפן זיך זייערע רעכט אין דער פּראָקלאַמירטער שותפות, האָבן זיך געלאָזן סיי פון גרונט־אויס צו פאַרפעסטיקן זייער אייגענע שליטה אין זיי וועסט־צוגעטיילטן ערד־שטח און סיי אין אַריינדרינגען אין גאָט׳ס הימלישן שטח, אָבער אַלץ אָן דערפאָלג.

אריינצודרינגען אין די הימלען — פון אלט־אלטן דור־ההפלגה און אזש ביז די סאַמע לעצטע וויסנשאַפטלעך־טעכנישע פאַרמעסטונגען מצד די אָסטראָנאָמען און קאסמאלאגן — האבן דאך כסדר געבראכט די מענטשן ביטערע אנטוישונג. כסדר אונטערגעשטראָכן די מענטשלעכע אומבאַהאָלפנקייט, כסדר נאָך מער פונאנדערגעשפריצט די איבלדיקע אייטער פון די מענטשלעכע על־חטא־ווונדן... א מענטש וואס לאזט זיך קלעטערן אין די הימלשער הויכן אריין, איז דאך זיין אומפאַרמיידלעכער סוף נאָך ערגער פון יענעם בער, וואָס האָט זיך געלאָזן קלעטערן צום בינשטאק פול מיט האניק אויף דעם הויכן שפּיץ פון א בוים און וואָס א פאַרהיטונגס־קלאָץ איז ביים אריינגאנג: דער בער — ווי ס׳ווערט דערציילט וועגן אים אין דער טרויעריקער פאבל — האט צום געגאַרטן האָניק ניט דערגרייכט, האט אבער געהאט צעשמעטערט זיין שטערן

דורך דער קלאַץ. דער מענטש וואָס קלעטערט אין די הימלען אריין פאלט אַראָפּ און ברעכט זיך האַלז און נאַקן... איז שוין ממילא קיין וואונדער ניט, וואס די אור־אור־אייניקלעך פון אט די האלז־און נאַק־צעבראכענע, צעשמעטערטע אור־אור־זיידעס ווערן אנגעפילט מיט קנאה און שנאה צו גאט׳ס איזדיעקעווען זיך איבער׳ן מענטשן, מיט נקמה־גרייטקייט קעגן הימלישן באַזיצער, מיטן ווילן צו צאָלן אים לויט זיין אייגענעם מוסטער — און אויך די פון דער געטלעכער, הימלישער משפחה, וואָס נידערן אַמאָל אַראָפּ אויף דער ערד, וואַרטן אויף זיי אָפּ דא מענטשן מיט צעשמעטערונגס־לוסט... וואס דו טוסט מיר בשפע, פער־ענגרא, וועל איך דיר אפטון כאטש איין מאל אין א יובל, כאטש פער־דעטאיל... איז גאָט׳ס זון אַראָפּ אויף דער ערד, האָבן אים די מענטשן געקרייצט; די „נפילים״, אָט די הימלישע זין, וואָס פלעגן אַמאָל אַראָפּפאַלן גרופּנווייז אויף דער ערד בכדי דאָרטן צו פאַרמענטשלעכט ווערן, לעבן מיט די מענטשן און פונקט ווי די מענטשן, זענען כסדר דורך די מענטשן דעגראדירט געווארן... און וואלט גאט אליין געפאקט געווארן דורך די ערד־מענטשן אין זיין פיזישער קאנקרעטקייט, וואָלט אַוודאי אויך ער — רחמנא ליצלן — געפערטלטל געוואָרן, מיט יובל ארויפגעבראכט געווארן אויף דער ערדיש־מענטשלעכער גיליאטינע.. ס׳איז נאָך גוט, וואָס צוליב פאָרזיכטיקייט, הפנים, זענדט ער קאָנקרעט־פיזיש אויף דער ערד בלויז זיינע שליחים...

און דאס אייגענע איז אויך, ווייזט אויס, מיט די זעלטענע, געציילטע ערד־מענטשלעכע קינדער, וועלכע גרייכן אמאל יא — לויט דעם ווי מענטשן טרייסטן זיך אין זייערע לעגענדעס — די הימלישע היכן, גאָט־ברוך־הוא אַליין שענקט זיי ווי אַן אויסנאַם דאָסדאָזיקע רעכט, אַ משה רבנו, אַ שטייגער, אַן אליהו הנביא, א בודא, א קאנפוציוס — אויך זיי ווערן געוויס באגעגנט דורך די הימלישע זין אומגערן. מ׳באַציט זיך צו זיי ווי צו אַ מין שלא במינו, מ׳האלט פון זיי דארטן ווי פון פאַרוועני׳ס. און אפשר אפילו ווערן זיי דארטן געקרייציקט, געקרייציקט אויף אַ הימלשן שטייגער: ניט דורך ערדישע נעגל, נאָר דורך הימלישע זונען־שפיזלעך, און ווער ווייס, צי יענע שטעכן און ווייטיקן ניט נאָך מער איידער די ערשטע ?.. והראיה: ווערט דאך פאר אונזערע אויגן תמיד געגעבן אַן אָפּבילד פון אָט דידאָזיקע ווייניקע, אויף פינגער געציילטע ערד־קינדער, וואָס האָבן זוכה געווען צו גאָטס גנאד ארויפצוגעהויבן ווערן אין די הימלישע היכן, ווען זייערע קעפ זענען באקרוינט מיט שטראלן־סנאפעס ארום... זענען אפשר אט די סנאפעס גאר פיילן פון בויגן, וואס די הימלישע זון האט אין זיי אריינגעשאסן בכדי זיי ווייי צו טון, בכדי אויסצודריקן איר שפּאָט־באַציונג צו זיי, איר אומצופרידנהייט מיט דער העזה־דיקער שכנות מצד די נידעריקערע ערדישע באשעפענישן ?..

בכל־אופן: אין דעם ערדיש־מענטשלעכן באוווסטזיין איז שווער דענקבאר אַ פאָרשטעלונג וועגן אַן אידיליע צווישן „הימל״ און „ערד״, אַזאַ פלוציםדיקע ברידערונג צווישן די קעגנזייטיק־פיינטלעכע לאגערן קען זיין בלויז א פראדוקט פון אויסקליגלערישער פאנטאזיע, וועלכע דער שוואכער קומט צו איר אן

בכדי כאטש אביסל צו לינדערן דעם פּיין פון זיין אייגענעם פילן און אנערקענען זיין שוואַכקייט. ס׳איז די פאַלשע טרייסט פון אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, אַז ער האט דאך ערגעץ־ווו א „רייכן פעטער״ און אז יענער קען דאך אמאל לאזן ארויפציען אויף זיין ביטול־איראָניזירנדיקן פּנים אויך א מיכלומרשט־ליבן שמייכל פאר זיין באמת־געהאַסטן ארעמען קרוב... דער פאקט איז, אז „ערד״ האָט שטענדיק מורא פאַר „הימל״, האַלט אין איין שרעקן זיך פאַר רואיניר־סכנות וואס קענען א ליאדע מינוט קומען אויף איר אונטן פון אויבן — און ניט פארקערט. שטייען מענטשן מיליאנען־יארן מיט פון פחד אויסגעגלאצטע אויגן און קוקן אויף די הימלען צו זען דעם רעגנבויגן דארטן נאך א רעגן — איז גאט ברוך־הוא׳ס רחמים דערביי און א רעגנבויגן ווערט זיך יא באוויזן, איז אַ סימן, אַז גליקלעכערווייזע איז די ערד דאָס מאָל אויסגעמיטן פון אַ נייעם רואיניר־מבול... איז אָבער, דאַקעגן, ערגעץ אין אַ הויך־הימלישער אָבסערוואַטאָריע אויך גרייט אַ סייסמאָגראַף צום באַלדיקן אויפכאַפּן און צום פאַרצייכענען אַן ערד־ציטערניש אונטן, וועלכע זאָל, חלילה, קענען דראָען מיט אַ רואיניר־סכנה פון אונטן אויף אויבן, מיט אַ מבול פון ערד אויף די הימלען?...

די הימלען זענען פארפאנצערט לגבי ערד־סכנות, ווען די ערד איז שטענדיק באדראָט פון הימל־סכנות! —

און וואס־זשע איז דען דער וואונדער, וואס ערד־באשעפענישן, און דער מענטש, דער „בחיר־היצורים״ צווישן זיי, זענען צעפרעסן דורך קנאה און שנאה און זענען העליש־צעפלאמט פון אויסזיכטס־לאָזן נקמה־ווילן לגבי די הימלען?..

און מעגן אט די קנאה־שנאה־נקמה אפילו זיין פארדעקט, פארשלייערט פון־אויסן מיט גוואַלדיקער פאַרערונג און אַכפערונג, ס׳איז באמת ניט מער ווי אַ געקינצלטער איבערשטער און איבאויפיקער פערפום־שטראָמעלע דורך דעם קראטער פון א ווולקאן, וואס אינעווייניק איז ער פול־אנגעפראפט מיט ריזן־שטראמען קאכיקן פעך און שוועבל... אַן ערד־מענטש ליבט די הימלען ווי אַ נעביכדיקער בעטלער, אַן ערד־מענטש חנפה׳ט די הימלען, ווען ער ליבט זיי, ווען ער איז מיכלומרשט באגייסטערט מיט זיי! — און אזוי אוודאי נעמען עס אויף אויך די הימלען גופא.

ווער, אַ שטייגער, איז מער נאָענט צו גאָט־ברוך־הוא׳ס האַרצן: דער גלויביקער קאַטאָליק, וואָס ווייס מער אָפּצוהיטן די ערד־הימל־דיסטאַנץ, אָדער דער לוטהעראנער, וועלכער וואגט שוין אריבערצוטרעטן אט די דיסטאנץ און צו דערלויבן זיך אין באציונג צו גאט אויך א שפּאר־ביסל איינפאכקייט, אינטימקייט?.. אדער ווען מען פון די ספּעציעל אונזערע יידישע פּראטאטיפּן פרום־גלויביקע איז עלול, לויט אונזערע פאַרשטעלונגען, אַרויסצורופן אין דער הימלישער פמליא גופא מער אפשיי (ריכטיקער: ווייניקער שפּאט), צו ווערן געשטעלט ווי א מער פּאזיטיווער (ריכטיקער: א ווייניקער נעגאטיווער) מוסטער: אברהם אבינו, וואס האט אונטערטעניק און אן א מינדעסטן פּרוּוו פון דינגען זיך, פון אויסבעטלען מילדערונג באַלד אנגענומען גאט׳ס גרויזאמען באפעל מקריב

צו זיין דעם בן־יחיד אָדער אַ ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער, וועלכער גייט גאר, פּאַרקערט, איין מיט גאט־ברוך־הוא ביי יעדער געלעגנהייט אין וויכּוחים וואָס צווישן גלייכוועטיקע פּאַרטנערן, אין דינגען זיך, פאַרנעמט זיך ניט מיט בעטן, נאר מיט מאנען, דערלויבט זיך צו געבן עצות דעם העכסטן בעל־עצה אליין, צו זאגן און אריינזאגן אפילו מוסר־רייד דעמיעניקן אלערהעכסטן איינאיינציקן מוסר־באַשטימער, פאַר וועלכן ער שטייט כלל ניט ווי אַ נידעריקער קעגן א הויכן און רעדט מיט אים כלל ניט מיט פּחד און הכנעה, נאר פּאני־בראַטיש, פארבייט „בין אדם למקום״ אויף „בין אדם לחברו״?

פון גרויסן גאטס שטעלונג לגבי די אונטן־מענטשן האבן דאך אויך געלערנט די יעניקע געציילטע צווישן די מענטשן, וואס „געטשקעווען״ זיך, ווערן, להבדיל, קליינע „געטעלעך״, מלכות׳דיקע מאנארכן, א שטייגער, און דיקטאטארן; אויך זיי ווייסן און פארשטייען, אז דיסטאנץ צווישן זיי און זייערע אונטערטעניקע איז א מוז־תנאי פאר זייער הערשאפט, פאר זייער כבוד־פּאזיציע צווישן די מענטשן, כאראקטעריסטיש אין דעם פּרט איז דער רוסישער פאלקס־אפאריזם, וואס האָט זיין עקוויוואלענט אויך אין אַנדערע לשונות: „באָג וויסאָקאָ, צאַר דאַליאָקא״ — גאָט איז הויך, דער מלך איז ווייט. אויב גאָט האָט זיך גענומען די זיכערערע ווערטיקאַלע דיסטאַנץ, האָבן זיך די מענטשלעכע האַלב־און דריטל־„געטער״ כאטש גענומען די האריזאנטאלע דיסטאנץ. דורך ברידערן־זיך מיט די אונטערטעניקע, דורך ווערן צו־אינטים מיט זיי, קען נאך, חלילה, די אונטערטעניקייטס־גרייטקייט ביי די אונטערטעניקע פארקלענערט ווערן און פארשווינדן...

אַלע מענטשן, פון וואַטיקאַנישן קאַטאָליציזם־פּויבסט ביז לוטהערן, פון להבדיל, אברהם אבינו׳ן ביז ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער און בעש״ט׳ן פילן זיך זיכער, שטענדיק און אומעטום, שווער געטראָפן אין זייער מענטשלעכער אייגנווירדע פון אָט דער ווערטיקאַלער מהותדיקער דיסטאַנץ וואָס צווישן „הימל״ און „ערד״, אלע זיי זענען זיכער עמפינדלעך לגבי אָט דער זיי אָנגעצווונגענער פּאָזיציע פון נידעריקייט, פון אונטערגעאָרדנקייט, אַלע זיי קלויבן זיך אויס וועגן און מיטלען ווי אַזוי אָפּצושוואַכן כאָטש וויפל־ס׳איז, צו לינדערן זייער פּיין־און לייד־געפיל, ס׳רוב פון זיי קלויבן זיך אויס בדלית־ברירה דעם וועג־אומוועג פון קלענערן ווידערשטאַנד — זיי מאַכן שלום מיט דעם אומפאַרמיידלעכן „מוז״, זיי שמועסן זיך אליין איין צוליב זייער אייגענער טובה, אַז די „בויט״ איז גאָר אַ „טוגנט״, אַז ווען ס׳וואָלט אַפילו אַזוי ניט געווען, וואָלט מען באַדאַרפט ווען און בעטן, עס זאָל אַזוי זיין.

פאַראַן אָבער צווישן זיי אויך וויניקע בונטאַרישע נאַטורן, וועלכע מאַכן ניט קיין שלום מיט דעם „מוז״ ווי אַן אומפאַרמיידלעכן; די מאַכן באַמיונגען אויף צו באַשטרייטן און באַזייטיקן אָט דעם „מוז״. טיילן זיי זיך — לויט די באַקעמפונגס־וועגן זייערע — אויף צווי גרופּן: איינע פירט איר פאַרביטערטן קאַמף דירעקט — דאָס זענען די דור־הפלגהשע אור־אור־אייניקלעך, וועלכע זענען צעזייט איבער אַלע דורות, די באַמיען זיך אַריינצודרינגען, ניט געקוקט אויף

אַלע שווערִיקייטן, אין די הימלשע הויכן אַריין, כדי צו שאַפן דאָרטן אַ פּלאַץ אויך פֿאַר ערד־מענטשן, אויסדערוויילטע און דערהויבענע און אַזוי אַרום סותר און מבטל צו מאַכן גאָט׳ס איינציקע רעכט אויף מאָנאָפּאָל־באַזיץ פֿון די הימלען; זיי שפּילן זיך מיט די הימלען אַ מין ספּאָרטיוון קאָנקורס־געוועט: איר באַשענקט אונזער בידנע ערד פֿון צייט צו צייט, אין די אַלטע פּרעהיסטאָרישע צייטן מערער און אָפטער און איצט, אין די צייטן פֿון דער אָפענער ראַציאָנעלער ווירקלעכקייט זעלטענער און ווייניקער — בלויז פֿאַרוואָרפענע פּרימיטיווע געצנדינערישע און תמימותדיקע שבטים גלויבן נאָך אין דעם, און זיי זעען עס מיט זייערע אייגענע אויגן, מיט „נפילים”, וועלכע איר וואַרפט אַראָפּ פֿון די הויך־הימלשע באַשעפענישן צו אונז, און מיר וואַרפן אַרויף פֿון צייט צו צייט צו אייך אונזערע ערד־מענטשן, אונזערע הויכע גייסטער, וואָס זענען געוואָרן פֿארהימלט נאָך זייענדיק מיט אונז אויף דער ערד... די גרופּע פֿאַרגעטערט מענטשן, בכדי דורך דעם אָפּצונעמען דאָס איינציקע פֿאַרגעטערונגס־רעכט ביי גאָט. די צווייטע גרופּע לאָזט זיך אויף אַנ׳אַנדער באַקעמפונגס־וועג: זי פֿאַרמענטשלעכט גאָט, — וויבאַלד אַז ערד־מענטשן קענען — לויט איר אויפֿפאַסונג — ניט אַריינדרונגען, בכל־אופן אין דער געוווּנטשטער נויטיקער מאָס, אין די הויכע הימלען אריין, און אַ ישו, אַ משה רבינו, אַן אליהו הנביא, אַ בודהא, אַ קאָנפוציוס בלייבן דאָך — לויט דער מיינונג פֿון אָט דער דורך סקעפּסיס און יאוש צעפּרעסענער גרופּע אין די מייסטע פֿאַלן — איינצלע, און די אויך אויסגעטראַכטע אויסנאַמען, טאָ לאָמיר בעסער אַראָפּשלעפּן דעם הימלישן גאָט צו אונז אויף דער ערד און האָבן צו טון מיט אים ווי מיט אַ גלייכן. לאָמיר מיט אים זיין „פּאַני־בראַט”, דינגען זיך מיט אים און אָפּדינגען, אַריינטענה׳ן און אָפּטענה׳ן, ווי מיר טוען עס צווישן זיך גופא. אַז מ׳קען ניט אַריבער, טאָ זאָלן כאָטש די אייבערשטע אַראָפּ און געצווונגען ווערן צוגעפּינען זיך אין געוויינטלעכער ערדישער אינטימקייט מיט די וואָס זיצן אונטן און ליידן פֿון דער ווערטיקאַלער דיסטאַנץ־אויבערמאַכט, וואָס די הימלשע הויכן האָבן לגבי דער ערדישער נידעריקייט. זענען אַלע מענטשן בכלל טראַגיש ביי זייער ערדישן געראַנגל מיט די הימלשע הויכקייטן, יענע גרופּע בונטאַרן, וואָס פֿאַרגעטערט מענטשן איז קאָמי־טראַגיש, אָבער די צווייטע גרופּע וואָס פֿאַרמענטשלעכט גאָט איז שוין מער קאָמיש ווי טראַגיש, זי איז כמעט כולה קאָמיש, — אַזוי אויסזיכטלאָז און קנאַפּ־דערפֿאָלגעריש איז איר באַקעמפונגס־וועג מצד דער „ערד” קעגן די „הימלען”! —

## ג.

„אין דעם געזאַלצענעם ים פֿון מענטשלעכע טרערן”, פֿון ערד־מענטשלעכער באַליידיקטקייט און ניט־פֿאַרגינערישקייט, קנאה־שנאה און נקמה־גרייטקייט לגבי די ניט דערגרייכלעכע הימלשע הויכן, פֿאַלן טאַקע אַריין אַסך פֿאַרשידענע טייכן און טייכעלעך, וועלכע שלענגלען זיך אַרויס פֿון פֿאַרשידענע זייטן מענטשלעכער נשמה, פֿון אונטער פֿאַרשידענע פֿעלזן עמאָציעס און באַוווסטזיין, און אַלע זיי

טראָגן מיט זיך סמאָליענדיק־ביטערן, טרערן־פאַראורזאַכנדיקן פעך און שוועבל, דער עיקר־שטראָם אָבער אין אָט דעם ים, דער וואָס פון זיין קנאה־שנאה־קראַפט ווערן אויך די אַלע אַנדערע אָנגעשטעקט און פאַרגרעסערן נאָך מער זייער אויפגעיוריקייט און אַגרעסיווע אויפגעשטורעמקייט, איז אין דעם, וואָס דער מענטש שטעלט קעגנאיבער זיך און די הימלען אין פרט פון עקזיסטענץ־דויער: ס'לאָזט אים ניט רוען די אומגלייכקייט וואָס צווישן דער הימלשן ריזן־ריזיקער שטענדיקייט און אייביקייט און זיין אייגענער ערדישער ליליפוט־ליליפוטישער צייטווייליקייט און פאַרגענגלעכקייט. אַלץ פאַרמאָגן זיי דאָרטן אין די הימלען, אויסער יענער איינריכטונג אין ערד־מענטשלעכן „לעבן", וועלכע באַליידיקט מער און ווייטיקדיקער פון אַלע אַנדערע קאָנטראַסט־באַליידיקונגען וואָס מצד „הימל" צו „ערד", אויסער איין „מעטריקאַציע־אפטיילונג" — דאָרטן איז מען פטור פון אויסווירעוועו רובריקעס אין „ספר־החיים" פאַר „געבוירן" און „געשטאָרבן", פאַר „אנהויב" און „סוף" ווייל די דאָרטן עקזיסטירנדיקע עקזיסטירן תמיד, דער דאָרט־פאַראַנענער מאַנגל אין דער מפוקפקדיקער „שמחה" פון „געבוירן־ווערן" ווערט טויזנטפאַך רעקאָמפּענסירט מיט אַן אַנדערן טיף־געבענשטן און אַבסאָלוטן גליק־ליפערנדיקן מאַנגל אין „געשטאָרבן", אין לעצטן סומאַ־סומאַרישן מענטשלעכן חשבון איז דער טרויער פון איינאיינציקן „יאָרצייט" אַסך־אַסך דערשלאָגנדער און מוט־אויסלעשנדיקער איידער די מיכלומרשטע מוטיקנדיקע שמחה, וואָס אין געבורט־אפגעהיטע און מיטן גאַנצן קנאַק געפייערטע פילע־פילע „געבורטס־טעג". „איז" איז שטענדיק ווערטיקער און וויכטיקער פון „געווען"; „נאָר פאַראַן" האָט שטענדיק מער קראַפט און זאַפט איידער „שוין ניטאָ".

פאַרגינט ניט דער ערד־מענטש אין זיין אומפאַרמיידלעכער צייטווייליקייט און פאַרגענגלעכקייט די הימלישע שטענדיקייט און אייביקייט! — ער, געטריבן דערצו דורך דער טראַגיק פון זיין ניט־פאַרגינערישקייט, אַלע ערד־מענטשלעכע, נעבעכדיקע „שמדשטיק", נעמט אָן געקינצלטע מיטלען, בכדי כאָטש אילוזאָריש זוכה צו זיין אין אַביסל „שוין אויך מיר אייביקייט", נהנה צו זיין אַביסל כאָטש פון דעם טעם סוראָגאַט־„אייביקייט", ס'בלייבט אים אָבער דער אומאַנגענעמער ווידער־טעם פון אָט דעם סוראָגאַט און עס שטאַרקט זיך נאָך מער זיין אומצופרידנהייט און ניט־פאַרגינערישקייט... ווער ס'טרינקט פון אַן אומריינעם קוואַל ווען ער איז דורשטיק, שטילט דאָך מיט דעם ניט זיין דורשט, נאָר מאַכט אים, פונקט פאַרקערט, נאָך שטאַרקער! —

האָבן ערד־מענטשן צוגעטראַכט, פון זייער נעבעכדיקייט קליגלעריש־געקינצלט אויסגעשלאָגן סוראָגאַטיווע מישטיינס־געזאָגט־„אייביקייט" פאַר זייערע ערד־מענטשלעכע „גרויס־גייסטער", — וועגן אָט דעם דרך פון פאַרגעטערן מענטשן האָבן מיר שוין אויבן גערעדט —, שווערט מען ממש אין רעליגיעזן פאַטאָס ביים אָפענעם קבר פון אַ גרויסן מענטשלעכן קינסטלער־און דענקער־גייסט וואָס איז אוועק פון אונז, אַז „מיר וועלן אים אייביק געדענקען" דאַמאָלס, ווען די „אייביק־געדענקער" אליין זענען דאָך ניט אייביק, שטעלט מען אויף לזכר די „אייביק־געדענקטע" גראַניט דענקמעלער, רופט מען אָן אויף

זייערע נעמען גאַסן און אינסטיטוציעס, לאָזט מען ברענען אויף זייערע קברים א „נר־תמיד", און דער גראַניט ווערט מיט דער צייט צעקרישלט. די גאַסן און אינסטיטוציעס ווערן געשלאָסן און חרוב מיט דער צייט, און די קינדס־קינדער פון „אייביק־געדענקטנס" דור, ווען זיי זעען נאָך יאָ אפילו דעם גרויס־גייסטערס „פאַראייביקטן" נאָמען אויף די גאַסן און אינסטיטוציעס, ווייסן זיי ניט ווער און וואָס ער איז, באַדאַרפן זיי שוין אַ דעשיפר אויף צו לייזן דאָס זיי אומבאַקאַנטע רעטעניש. און דאָס ליכט, דער „נר־תמיד", איז דאָך פון חלב אדער סטעאַרין און יענע שמעלצן זיך און זענען אליין אויך פאַרגענגלעך...

ווי קורץ, אומברחמנותדיק קורץ אפילו לויט דער ערד־מענטשלעכער צייט־רעכענונג פון פאַפירענעם „לוח", האַלט עס אָן, זשיפּעט עס נאָך געבעכדיק אונזער סוראָגאַט־„אייביקייט" פאַר אונזערע גרויסע מענטשלעכע גייסטער!...

און ווען דו הערסט א פייערלעכע הספד־פאַרזיכערונג איבערן אפענעם קבר פון אַ פאַרשטאָרבענעם מענטשלעכן גרויס־גייסט: „דו ביזט ניט געשטאָרבן, דו וועסט צווישן אונז לעבן אייביק!", קלינגט עס באמת ווי א קאַנווענציאָנעלער ליגן, ווי אַן אָפּשפּאָט. פּונקט אַזוי, אַ שטייגער, ווי ווען אַ טאָאַסט־מייסטער לכבוד דעם יובילייַ פון א 75־80־יאָריקן געאַכפּערטן מאַן צעציקלט זיך פאַטעטיש און שיסט אַרויס מיט א ברכה: „איר וועט נאָך לעבן און ווירקן לאַנגע־לאַנגע יאָרן"...

קומט דאָך אָבער דער ערד־מענטש אָן צו „אייביקייט"־סוראָגאַטן ניט נאָר פאַר אַנדערע, פאַר די ווייניקע, געציילטע גרויס־גייסטער, ער נעמט עס אויך פאַר זיך — איז ביי די מענטשן, דורך וועלן לינדערן זייער ווייטיק פון ניט־פאַרגיי־נערישקייט צו דער הימלישער אייביקייט, געשאַפן געוואָרן אַן אילוזיע וועגן דעם, אַז א טראַפּן „אייביקייט" וואַרט אויף יעדן מענטשן נאָך זיין טויט, ביי פרום־גלויביקע הייסט עס „השארת־הנפש", ביי אטעאיסטן, וועלכע ווילן אויך ניט און קענען ניט בלייבן הינטערשטעליק אין דעם פּרט, הייסט עס „השארת־הגוף"; לויט די ערשטע, הייסט עס, ווערט נאָכן טויט פון מענטשן, פון יעדן מענטשן, אָפּגעשיידט פון אים, פון זיין פאַרגענגלעכן גוף, כאָטש איין פונק — זיין נשמה — און יענער גייט אַרויף אין הימל און באַהעפט זיך צו דער הימלישער אמתער אייביקייט עד סוף כל הדורות. די „השארת־הגוף"־אמונה פון די אטעאיסטן וואָס הייסט? — אויך דאָס ערדישע אין דעם מענטשן איז זוכה צו אמתער אייביקייט נאָך דעם מענטשנס טויט, ס'איז פאַר דעם צוגעפּאַסט געוואָרן, ווי ס'אַפּעלירט צום באַוווּסטזיין פון ראַציאָנאַליסטישע אטעאיסטן, א ווינסנשאַפטלעכער נאָמען: „אייביקייט פון מאַטעריע", די מאַטעריע איז פאַרענדערלעך, אָבער ניט פאַרענדלעך: איז אפשר טאַקע מעגלעך, אַז אָט אַזאַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע איז אויך אָביעקטיוו ריכטיק, מיר מעגן אָבער זיין זיכער, אַז מענטשן האָבן זיך אויף איר אַרויפגעוואָרפן מיט א סך מער התפעלות ווי אויף אַלע אַנדערע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס און אַנטדעקונגען צוליב סוביעקטיווע סיבות — זיי האָבן אין אָט דער „השארת־הגוף" געפונען פאַר זיך אַן עקוויוואַלענט צו דער „השארת־הנפש" פון די פרום־גלויביקע

זוכער און נישטערער נאך סוראגאט־אייביקייט פאר דעם ערד־מענטשן ביי זיין אים פייניקנדיקער ניט־פארגינערישקייט צו דער הימלשער אייביקייט.

און נאך אלעם שטייען אויך איצט, פונקט ווי זיי זענען געשטאנען און וועלן שטיין שטענדיק, פון בריאת־העולם ביז סוף כל הדורות, די „הימלען" און די „ערד" איינע איבער דעם אַנדערן ווי צוויי פיינטלעכע וועלטן, וואָס יעדע פאַרברידערונג צווישן זיי קען זיין בלויז אַ געקינצלטע אָבער ניט קיין עכטע. און אויך דאס געהערט צו דער פרשה אייביקייט: אַן אייביקע מלחמה צווישן „הימל" און „ערד"!...

# צי מעג מען דייטשמעריש גראמען „קאמעלעאן" און „רעוואלוציאן"?

(א מאנאלאג פון א רעוואלטירטן געבילדעטן קאמעלעאן)

אָ, כ'האָב דאָך גאַנץ און פול נאָר מיט זיך אליין צו טון, מיט אייגענעם פּיינלעכן פלוצים'דיקן נשמה־איפּברויז, און וואָס גייען מיר דען אַנדערע אָן, אַנדערע בכלל און בפרט זיין מאַיעסטעט דער מענטש, וועלכער האט פון די אלע אנדערע באַשעפענישן אין דער וועלט געמאַכט אַ מין זאָטל פאַר זיך אויף צו זיצן זעלבסט־צופרידן־גאווה'דיק אין אים און מיט געפיל פון אַבסאָלוטער העכערקייט צו רייטן איבער זיי? — וויל און וועל איך אָבער ניט פאַרלייקענען, דווקא ווען און וייל כ'בין פארטון מיט זיך אליין און מיט אייגענעם פיין און לייד, אז איך האלט אין איין כאפּן זיך, — צו וואס די חוצפה פון א רעוואלטירטן, צו עמאנציפּאציע זיך רייסנדיקן שרץ קען דערגיין!, — אין העזה'דיקן ציען פאראלעלן צווישן מיך, דעם נידעריקסטן פון די נידעריקע, און דעם העכסטן פון די הויכע — זיין מאַיעסטעט דעם מענטשן, כ'פארגלייך מיין רעוואלוציע־פּארמעסט, וואס ער, דער מענטש וועט זיך דערוויסנדיק וועגן אים געוויס אויפראַלן אַ פאַרוואונדערטער אויג און אויער און עס ביטול'דיק אנרופן „אויך מיר רעוואלוציע", מיט די ערנסטע מענטשלעכע רעוואָלוציעס און געפין אפילו אויס, אַז זיינע זענען הינטערשטעליק אין א געוויסן זין קעגן מיינער:

וואס איז, וואס באדארף דען אנ'אמת'ע רעוואלוציע זיין בעצם? — א פארשוועערונג קעגן געזעצמעסיקן, אַן אַנטשיידנדיקער פּרווו איבערצואַנדערשן אַן עקזיסטירנדיקן סדר, אַן ענדגילטיקעס אויסמיידן פון איבערחזרן דאָס איינמאָל שוין געוועזענע, אין דעם באשרייבונגס־ספר וועגן אנ'אמת'ער רעוואלוציע טאָר ניט באַנוצט ווערן יענע באַמערקונגס־צושריפט וואָס אין געוויינלעכע ווערטער־ביכער: "Ibidem„ „זע אויבן", אַ נייע רעוואָלוציע טאָר ניט זיין אינהאַלטלעך און פאָרמעל קיין מין סינאָנים צו אַ פריערדיקער רעוואלוציע, בא דער עכטער רעוואלוציאנערער גאלד־פּראבע באדארף זיין אויסגעקריצט: „אוניקאליש", יעדע אמת'ע נייע רעוואלוציע מוז זיין דורכאויס א בת יחידה און ניט קיין בת־זקונים אין א פיל־קינדערדיקער רעוואלוציעס־משפּחה. ווי זשע האלט עס אבער מיט די מיכלומרשט־ערנסטע רעוואלוציעס פון זיין מאיעסטעט דעם מענטשן? — לא די וואס דארטן זענען רעוואלוציעס אין מערצאָל, איז נאָך איינע ענלעך צו די איבעריקע, ניט בלויז רעוואָלוציעס מאַכן די מענטשן, זיי שרייבן אויך געשיכטע פון אט די רעוואלוציעס זייערע, און אט אין דער געשיכטע ווערט כסדר פעסגעשטעלט די באשטימטע געזעצמעסיקייט פון די רעוואלוציעס, „אין כל חדש תחת השמש" — אפילו אונטער דער הייס־

שרפה׳דיקער רעוואלוציאנערער זון איז ניטא קיין נייס, וואס און וויאזוי ס׳איז אמאל פארגעקומען אין איין פריערדיקער, עלטערער רעוואלוציע חזרט זיך איבער און קומט פאַר אויך אין דער איצטיקער, נייער רעוואָלוציע. אמת טאַקע א רעוואלוציע איז א סטיכיע, אבער דער געבילדעטער, הויך־געלערנטער מענטש איז דאך דערגאנגען דערצו, ער זאל קענען אויסרעכענען און פאראויסבאשטימען די צייטן אויך פון די זעלטנסטע נאטור־סטיכיעס, כך וכך יארן נאך איין וווּלקאן־אויסברוך, נאך איין הימלשפאלטונג, בא וועלכער א „נייער" שטערן טויכט ארויס פון זיין פריערדיקער באהעלטעניש וועט פארקומען דער נומער־צוויי פון דער אייגענער דערשיינונג, איז אויך אין רעוואלוציעס־געשיכטע גילטיק דער טראַפאַרעט־נוסח פון קאסמאגאנישער איבערחזרונג: „ויהי ערב ויהי בוקר" — ס׳מוז קודם דורכאויס ווערן פינצטערלעך אין מענטשלעכן לעבן, ס׳מוזן קודם זיך שלענגלען אָוונט־שאָטנס אין מענטשלעכער געזעלשאַפט, כדי ס׳זאָל נאָכדעם מיט ברכה אויפגענומען ווערן דאס אויפשיינענדיקע פרימארגן־ליכט פון א נייער רעוואָלוציע, אָבער מיט אָט דעם פרימאָרגן־ליכט וועט געשען, — דאָס איז שוין באַשטימט פון דער נאַטור־געזעצמעסיקייט, — שפעטער דאָס אייגענע יאָס מיט דעם פריערדיקן: אויך ער וועט זיך פארענדיקן מיט אוונט־שאטנס. פונקט אזוי ווי ס׳איז נאטירלעך די רייען־פאלגע: „ויהי ערב ויהי בוקר", איז אויך נאטירלעך־אומפארמיידלעך „ויהי בוקר ויהי ערב". קען און מוז טאקע זיין מאיעסטעט דער מענטש, וואס זיצט זיך גאווה׳דיק, ווי יענער זעלבסט־צופרידענער רייכער ריטער איבער די קופעס רענדלעך פון זיינע אוצרות און האָט ווילדע הנאה פון דער מערצאָליקייט אין אָט די רענדלעך, זיך לאָזן ווילגיין אויך ביים חשבון פון זיינע רעוואלוציעס:

— די מענטשהייט האט פון איר אנהויב באוווסטזיניקער עקזיסטענץ ביז איצט זוכה געווען צו אַסך־אַסך רעוואָלוציעס...

און איך, מינדערווערטיקער קאמעלעאנישער שרץ וואס איך בין? — מיין קאמעלעאנישער שטאם האט נאך ביז איצט ניט אַרויסגעגעבן פון זיך קיין איינאיינציקן געשיכטע־שרייבער, קיין איינאיינציקן בוכפירער־פארצייכנער פון קאַמעלעאָנישע דערגרייכונגען און מעלות טובות, אָבער איך ווייס דאָך אויף זיכער, און אויך זיין מאַיעסטעט דער מענטש וועט מיר אין דעם גלויבן, אַז מיט מיר איצט איז עס דער ערשטער און איינציקער פאל, פאר דער גאנצער לאנגער קאמעלעאָנישער עקזיסטענץ־צייט, ווען אַ קאמעלעאן רעוואָלטירט, ס׳איז אַ דורכ־אויס אוניקאלישע רעוואָלוציע, וואָס האָט ניט אין זיך מינדעסטע איבערחזרונג פון „שוין געווען אמאל", ס׳איז די איינציקע עכטע רעוואלוציע צווישן אלע אנדערע מיכלומרשטע רעוואָלוציעס!...

און אין וואס באשטייט בעיקר די אוניקאלישקייט פון אט דער רעוואלוציע דער מייניקער? — אין דעם וואס איך רעוואלטיר בעיקר קעגן זיך, קעגן דער־פארשאלטן זאל זי ווערן! — אור־נאטור פון מיין שטאם. די קראפט וואָס האט מיך באווויגן צום רעוואלטירן איז ניט ווי די וואס לאזט געוויינלעך אין באַוועגונג די רעוואָלוציע פון מענטשן: ניט די פאַרליבטקייט און פאַרגלויבטקייט

אין זיך, נאָר, אדרבא, די שנאה און עקל־געפיל צו זיך, יעדער פסיכישער געהאַלט בכלל פון א רעוואלוציאנער באשטייט דאך — ווי די מענטשלעכע פסיכאלאגיע שטעלט פעסע, בלייבנדיק טריי דעם מענטשנס בחיר־היצורים׳דיקייט — אין דעם דראַנג צו באַפרייען זיך פון פרעמדן ווילקיר, אין דעם באַפרייטן מענטשנס באמיונג ביים צוריקקער צו זיך. און מיין פסיכישער געהאלט אין וואָס באַשטייט? — ביז מיר און ביי מיר גופא ביז איצט האָט דאָך מיין קאמעלעאנישער שטאם ניט פארמאגט אבסאלוט גארנישט פון אזוי־גערופענעם פסיכישן געהאלט. אפילו די ליבעראלערע און ברייט־הארציקערערע מענשלעכע פסיכאלאגן וואס האבן שוין מותר געווען ביז א געוויסער מאָס אויף דעם מענטשנס מאַנאָפּאָל־רעכט אויף פסיכיש לעבן און האָבן געלאָזן צובויען צום ריזן־בנין פון מענטשן־פסיכאָלאָגיע אויך אַ קליין, נעבעכדיקביידל פאַר זאָא־פסיכאָלאָגיע האָבן דאָך אין אָט דעם ביידל — כלל ניט ווי אַמאָל נח אין זיין תיבה — ארייננענומען ניט אלע בעלי־חי. נאר בלויז די העכערע מינים פון זיי, פאר דעם קאמעלעאנישן שרץ איז אין אט דעם ביידל ניט געבליבן קיין פלאץ. באדארף איך דעריבער אליין וועגן זיך מעלדן: אויף וויפל אויך אין מיר האָט זיך מעשה־נסימדיק אויפגעעפנט און אָנגעהויבן אַ פסיכיש לעבן, באַשטייט עס גראָד אין אָפקער פון זיך, און אויב אויך אין מיר האָט זיך אויפגע־הויבן אַ דראַנג קעגן ווילקיר, איז עס אייננאיינציק קעגן דעריעניקער וואָס אין דער אורנאַטור פון מיין אייגענעם שטאַם. זינט דער סאַמע־אָנהויב פון אונזער קאַמעלעאָנישער עקזיסטענץ און ביז איצט האָט אונז אונזער אורנאַטור כסדר געצווונגען צו דער מאַקסימאַלסטער צופאַסונג צו אַזאַ וואָס לאָזט ניט איבער ביי דעם זיך צופאַסער אפילו קיין שפור. קיין רעשטל פון אייגנס. — ביי אונז, אין אונזער צו העכסטער און ערגסטער צופאסונג פאַראורטיילטן, באַצווונ־גענעם שטאַם, האָט איבערהויפט ניט עקזיסטירט דער גוף־ראשון: „איך” און „מיר”, ווייל אָנשטאָט זיי איז שטענדיק געקומען נאָר און גאָר דער גוף שלישי: „ער” און „זיי”, האט א קאמעלעאן זיך אויסגעצויגן איבער א גרינעם צווייג פון אַ בוים, אויף אַ גרויער וואַנט פון אַ געביידע, האָט ער באַלד ממילא אַליין אינגאנצן אויף זיך אנגעטון דעם גרינעם אדער גרויען קאליר און איז אפילו פאר די גוט און געניי איינדרינגעוודיקע אויגן פון א מענטשן געווארן א שטיק „גרינער צווייג” אדער „גרויע וואנט”, אויס קאמעלעאן!.. איז מיר, צום ערשטן און איינציקן מאל אין אונזער קאמעלעאנען־געשיכטע, מיאוס געווארן אָט דער קלעגלעכער מצב פון זיך אַליין, פון מיין שטאַם, און איך האָב באשלאסן מורד צו זיין אין דער באצווינגנדיקער אור־נאטור אונזערער, מיט רעוואלוציאנערער אנטשלאסנקייט שריי איך אויס, לויט אייער מענטשלעכן שטייגער — געגראַמט:

— מיט דער צופאַסונגס־איינגשאַפט אונזערער פון שטענדיק
איך פאַרענדיק!
געווג זיך אָנגעליטן חרפה, קומער —
איך פאַס זיך ניט צו מער!...

וועט צו אייך, אייער מאַיעסטעט די מענטשן, דערגיין אט דער געשריי מיינער, באַזונדערס נאָך ווען ער איז געמאַכט ניט אין אייער ליטערער קלאַנגען־שפּראַך, נאָר דורך שטומען אינערלעכן קאמעלעאנישן צאַפּל? — צי וועט ער אַפילו צו מיינע אייגענע שטאַם־ברידער דערגיין? — איינס אבער ווייס איך אויף זיכער: ווען דער געשריי מיינער זאל צו אייך, מענטשן, יא האבן דערגאנגען, וואלט איר זיכער געבליבן שטיין געפּלעפטע־פארוואונדערטע אין סאמע מיטן פון אייער מענטשלעכן געלויף. איר וואלט שטוינען ניט בלויז פון אינהאַלט, נאָר אויך פון דער פאָרם פון מיין געשריי:

— הימל, אדער — ערד, עפן זיך, אויך א קאמעלעאָן פּרוּווט שוין זיך דראַפּען אויף כמו־מענטשלעכן דיכטער־וועג?...

און באַלד נאָך דער ערשטער אומצופרידענער פאַרוואונדערונגס־היץ, וואָס וואלט א פלייץ געטון אויף אייך פון מיין געשרייס פארם, וואלט איר אוודאי גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון נאָך אַ כוואַליע פאַרוואונדערונגס־היץ. דאָס מאָל שוין פון מיין געשרייס אינהאַלט:

— ווי קומט רעוואָלוציע גאָר צו אַ נידעריקן קאַמעלעאָנען־שרץ? ווי קען און מעג עס געמאָלט זיין אַזאַ אויסטערליש ווילדע גראַמען־פאָרונג, ווי „רעוואלוציאָן" און „קאמעלעאָן"?... א קאמעלעאָן איז דאך פון זיין נאטור באשאפן צו כולו־צופאסונג, זיין צופאסונג איז דאך א מיט לייב און לעבן צופאסונג, וויאַזוי־זשע קען ער זיך פאַרמעסטן אויף רעוואָלוציע, וואָס ווען זי שטייט אַפילו איין ביי אונז מענטשן און האָט בדעה דאָס בלויזע אָפּזאָגן זיך פון אַ טיילווייזער צופאסונג, געלינגט זי ניט שטענדיק?...

זענען מיר פאַרשטענדלעך אָט די ביידע טיילן פון אייער מענטשלעכער פארוואונדערונג. באזונדערס די וואס באציט זיך צו דער פארם פון מיין אויסגעשריי, צו מיין עצם פּרוּוון גראַמען אַזוי ווי איר:

פאר דעם מענטשלעכן גראַם איז דאך גילטיק דער כלל: „ענדע ענלעך, ניט אלעס ענלעך" (בלויז „ענלעך" און אפילו ניט „גלייך", דערלאזט דאך די מענטשלעכע גראַם־טעכניק אפט אסאנאנסן, וואס אפילו די קלאנג־ענלעכקייט איז ביי זיי אַ באַשרענקטע!), בשעת פאַר מיין קאמעלעאַנישן שטאַם, ווי געזאָגט איז דאך בכלל כאראקטעריסטיש, צוליב זיין אייגנשאפט צו מאקסימאַלער צופאַסונג, פאַרקערט: „אַלעס — און ניט בלויז „ענדע" — גיילך"... זענט איר מענטשן טאַקע באַרעכטיקט ביי אייער פאַרוואונדערונג: ווי קומט עס פּלוצים די מענטשלעכע גראַם־טעכניק צו אַ קאמעלעאָן? — דער איינציקער תירוץ צו אט דער פרט־קשיא, ווי אויך בכלל צום עצם־פאקט פון מיין רעוואלטירן, פארבלייבט נאר: „איר האב אייך מסיג־גבול געווען, א קאמעלעאָן איז פּלוצים א היפש־ביסל פארמענטשלעכט געווארן"... ס'איז, אזוי ארום, צו זען אין מיין רעוואָלוציע אויך די רעוואָלוציע קעגן אייך, קעגן אייער מיכלומרשטן מאָנאָפּאָל־רעכט אויף רעוואָלוציעס, קעגן אייך בכלל און צווישן אייך אַלעמען אויך בפרט קעגן אייערע פאַבל־שרייבער: יענע זענען דאָך זיך שטענדיק נוהג אַריינצופלעכטן מענטשלעכע אייגנשאַפטן אין שילדערונגען פון חיות און עופות מיט אַ פאַראַפראַז

פון אייערס אַ ווערטל וועגן „זאָגן דער טאָכטער און מייַנען די שנור” וואָלט עס דאָ געקענט פאַרצייכנט ווערן: „זאָגן־אַרייַנזאָגן וועגן אַ ווייטער חיה און עוף און מייַנען דעם נאָנטן, אייגענעם מענטשן”, בין איך עס איצט געקומען צו שלאָגן אייערע פּאַבל־שרייבער מיט זייער אייגענעם שטעקן: איך זאָג וועגן זיך, וועגן מיין קאמעלעאנישן שטאַם, און מיין אויך אייך...

ווערנדיק „פּאַרמענטשלעכט”, לערנענדיק פון אייך בכלל און פון אייערע רעוואָלוציעס בפרט — מוז איך אָפן מודה זיין — הויב איך אָן שטאַרק מורא צו האבן פאר דער פערספעקטיוו פון מיין רעוואלוציאנערן פארמעסט, פאר דעם מיט וואס אט דער פארמעסט וועט זיך קענען, חלילה, פארענדיקן, דהיינו:

ווי וואלט עס, א שטייגער, געווען, ווען אייערער א פאבל־שרייבער זאל, רייטנדיק אויף זיין פאנטאזיע און פאראויסזעענדיק דאס וואס איז איצט מיט מיר טיילווייז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט, געשילדערט אַזאַ מין קאַמעלעאָנען־רעוואָלוציע, ביי וועלכער די רעוואָלטירער האָבן באַשלאָסן זיך מער ניט אַרויפצוזעצן און זיך אויסציען אויף גרינע צווייגן און גרויע ווענט, אויסרופן א חרם אויף אט די צוויי קאלירן: גרין און גרוי, וואלטן אבער ממשיך געווען אין אַרויפזעצן און אויסציען זיך אויף אלע אנדערע אביעקטן און ווייטער — ווי דער קאמעלעאנישער אור־שטייגער איז — איבערגענומען פון זיי די אנדערע, די נייע קאלירן, וואלט עס געהייסן דערפאלגרייכע רעוואלוציע?..

א רעוואלוציע וואס איר תכלית איז געווען, ריידנדיק מיט אייער לשון פון פאליטישער הויכגעבילדעטקייט, אין גוזר זיין א„בומערוס־נולוס” אויף צופאסונג־בכלל און איז מיט דער צייט איינגעשרומפן געוואָרן אין אַ „בומערוס־קלויזוס” לגבי געוויסע, געציילטע צופאסונגס־סביבות, א רעוואלוציע וואס פון לכתחילה איז איר צוועק געווען פאר אירע טרעגער און דורכפירער דאס לחלוטינדיקע אפזאגן זיך פון סוב־לאקאטארישן וווינען ביי יענעם, פון שכנותדיקן טוליען זיך אין פרעמדע אכסניות און אז דער רעוואלוציאנער זאל סוף־סוף ווערן אליין א בעל־הבית פאר זיך און אויף זיך, און איז מיט דער צייט רעדוצירט געוואָרן ביז צו „די אַלטע אכסניות טאַקע ניט, אָבער די אַנדערע, די נייע אכסניות יא”. „קיין ווערן אליין א בעל־הבית פאר און אויף זיך טאקע ניט, אָבער דערפאר סוב־לאָקאַטאָרנטום מיט רעכט אויף אויסוואל”, אַזאַ רעוואָלוציע פארדינט איר הויך־און ווירדיק־קלינגנדיקן נאמען? אזא רעוואלוציע דערהויבט אדער דערנידעריקט גאר איר טרעגער?...

און וואס ס'איז נוגע דער געוויינלעכער טענה פון רעוואלוציאנערן, אז „עמיצער זאל זיי האבן באצוואונגען און אז מיט זייער רעוואלוציע קומען זיי, הייסט עס, זיך צו באפרייען פון יענעם עמיצנס צוואנג”, וועל איך ווידער־אמאָל שוין ניט ריידן דירעקט וועגן די מענטשן־רעוואָלוציאָנערן, וועגן זיך און מיין רעוואלוציע וועל איך ריידן: איז דען געמאלט, אז אייערער א פאבל־שרייבער זאל אריינלייגן אין מויל פון א רעוואלטירטן קאמעלעאן, אט אזא ווי איך בין עס, א באשולדיקונג קעגן דעם גרינעם צווייג אדער דער גרויער וואנט, אז יענע זאלן האבן באצוואונגען אים, דעם קאמעלעאן, זיך ארויפצוזעצן

און זיך אויסציען אויף זיי און איבערגעוואָלד איבערצוגעמען פון זיי זייערע גרין אָדער גרוי־קאָליר?... צי וואָלט אַזאַ טענה ניט געווען אומלאָגיש און פאַלש אפילו ווען זי ווערט קינסטלעריש געזאָפטיקט אין פאַבל־שרייבערישער פאַנטאַזיע?.. פונקט דאָס פאַרקערטע וואָלט דאָך געקלונגען אמתדיק פון אונטער דעם פאַבל־שרייבערס פאַנטאַזיע־מאָלנדיקן פּינזל — אַז דער גרינער צווייג און די גרויע וואַנט זאָלן קומען מיט אַ באַשולדיקונג קעגן קאַמעלעאָן פאַרוואָס ער האָט זיי באַצוואונגען, האָט זיי איבערגעוואָלד אַנגעבונדן זיין שכנות און האָט ניט פרעגנדיק ביי זיי אָנגענומען זייערע קאָלירן...

איך בעט אייך: טייטשט מיינע רייד ניט אויס פאַרקערט פון דעם ווי איך האָב עס געמיינט, זאָל זיך אייך ניט אויסווייזן דאָס איך וועל באַלד זאָגן ווי אַן אַפּאָלאָגעטיק, ווי אַ זכות, חלילה, אויף די באַצווינגער, יענע האָבן דאָך אָבער אָפּט די לאָגישע מעגלעכקייט און געלעגנהייט צו טענהן, אַז ניט זיי האָבן באַצוואונגען די „באַצוואונגענע", נאָר אַז די לעצטע האָבן, אדרבא, באַצוואונגען זייערע „באַצווינגער"...

ביי מיין ביז־איצטיקער שטענדיקער נטיה פון מיין שטאַם זיך צוצוקלעפּן ניטגעפרעגטערהייט צו פרעמדע ווענט האָט מיט מיר עטלעכע מאָל געטראָפן, אַז איך האָב זיך דערקליבן צו דער גרויער וואַנט פון אַ „חדר" און איך האָב געהערט ווי דער מלמד לערנט מיט זיינע תלמידים אַ פּרשה חומש וועגן אַ קנעכט, וואָס ס'איז געקומען די צייט פון זיין באַפרייאונג און ער וויל זיך ניט באַפרייען, וואָס־זשע טוט מען מיט אַזאַ איינעם? — נעמט זיין בעל־הבית, וואָס זיין קנעכט איז מודיע, אַז ער האָט אים ליב און וויל ניט ווערן פריי פון אים, און לעכערט דורך זיין אויער, צוגאַגלדיק־צושליסנדיק אים ביי זיין אויער צום אושאָק פון דער טיר, האָב איך זיך פאַרטראַכט דערנאָך וועגן עווענטועלן גורל פון אַזאַ קנעכט: וואָס וועט זיין מיט אַט דעמדאָזיקן קנעכט, למשל, ווען ער וועט זיך שפּעטער אַרומזען, אַז ער איז באַגאַנגען אַ טעות, ווען ער וועט שפּעטער באַשליסן זיך יאַ צו באַפרייען פון זיין האַר. וויאַזוי וועט ער עס קענען טון? — אַ רעוואָלוציאָנער באַדאַרף דאָך זיין גרייט אויף אַ קרבן, אויף אָננעמען באַהבה צייטווייליקן צער און ווייטיק לטובת דער געוואונטשענער באַפרייאונג. וואָלט דאָך, אייינטלעך, דאָס סאַמע־פּשוטסטע פאַר אונזער רעוואָלטירטן קנעכט געווען אין אַפּרייסן מיט כוח זיין צוגענאַגלטן אויער פון דעם אושאָק אפילו ווען ער וועט דערביי מוזן איבערלאָזן אַ שטיקל צעבלוטיקטן אויער זיינעם אויף יענעם אושאָק, — וועט עס אָבער דער קנעכט מסכים זיין צו טון?... האָב איך זיך מתקנאַ געווען אין אייערע מענטשלעכע פאַבל־שרייבער און האָב דעם גאַנצן דערמאָנטן ענין פאַרוואַנדלט אין אַ פאַבל, דאָס מאָל אַ פאַבל פון מענטשלעכן לעבן וואָס דאַרף איבערגעטראַגן ווערן אויפן לעבן פון חיות און עופות. און אין אַט דעם פאַבל איז דער שילדערונגס־פאַרלויף אַן ערך אַזאַ: דער רעוואָלטירטער קנעכט קלויבט זיך אויס אַ לייכטערן וועג איידער דאָס אַפּרייסן זיין אויער פון אושאַק, ווייל ער ווייס פון פריער, אַז זיך באַפרייענדיק פון איין האַר וועט ער אליין און ווייליק אַריבער צו אַ צווייטן האַר, אַז לויז ווערנדיק פון איין אושאַק וועט ער אליין און ווייליק פאַרשלאָגן צוצונאַגלען־צוצושליסן זיין אויער צו

א צווייטן אושאַק, וואָס־זשע טוט ער? — באַזאָרגט ער זיך, א פון לכתחילה באַוואָפנטער מיט פּראַקטישער קלוגער פאַראויסזעאונג, מיט א„וויטריך״, א גנבים־שליסל וואָס פּאַסט זיך צו צו יעדן שלעסל, און ווען ער באַשליסט זיך צו באַפרייען פון אַלטן האַר זיינעם און פון פריערדיקן אושאַק, שליסט ער אָפּ זיין אויער — אָן וויי־טיק — פון אושאַק און גייט אַוועק צו זיין „באַפרייאונג״ מיט, אמת, א געלעכערטן, אָבער אַ ניט פונדאַסניי־צעבלוטיקטן אויער, כדי ער זאָל קענען אביסל שפּעטער אנבאַטן אַט דעם אויער זיינעם א נייעם האַר, זאָל יענער אים צונאָגלען־צושליסן צו א נייעם אושאַק... איי דאָס לעכל אין אויער? — עלעהיי א פרוי וואָס איז פאַראינטערעסירט אין שיינקייט, אין פּוץ, אפילו ביי א מינימום־קרבן פון איר זייט: מעג זי נאָך קינדווייז לאָזן מאַכן א לעכעלע אין אויער־לעפּעלע אויף אַנצוטון תכשיטים־אויערינגלעך?.. אויך אונזער מיכלומרשט־רעוואָלטירטער קנעכט זעט, הפּנים, אין זיין צוגענאָגלט־צוגעשלאָסן זיין מיטן אויער צו עפּעס א האַרס טיר־אושאַק א מין „תכשיט״ פאַר זיך. אמת, אין אַ רעוואָלוציאָנער בכלל איז מען צוגעוווינט צו זען בעיקר דווקא דעם מאַסקולינישן יסוד. און ביי אונזער אקאַרשט געבראַכטן פאַרגלייך וואָגן מיר אים צוצושרייבן אַ שפּאַר־ביסל גאָר פון פעמיניסטישן יסוד, איז אין דעם אפשר טאַקע פאַראַן באַליידיקנדיקס פאַר אים, ס׳איז אָבער ניט קיין בייזוויליקע סתירה צום רעוואָלוציאָנער׳ס פּסיכישער ווירקלעכקייט! — דאָס אייגענע באַציט זיך אויך צום ענין אַזויגערופענעם „צוואַנג״, וואָס אַ רעוואָ־לוציאָנער מעלאַדעקלאַמירט וועגן דער באַפרייאונג פון אים און אין דער ווירקלעכקייט נעמט ער אים גאָר אויף ברצון, ער בייט בלויז די באַצווינגער, ער לאָזט זיך איבער, ווי געזאָגט, בלויז די פרייהייט פאַר זיך „אויסצוויילן״, אַז אָך און וויי איז צו אַזאַ „אויסוואַל״!, — די צופּאַסונג־סביבות, די שכנות־דיקע אכסניות. ער ווערט אָבער ניט פריי פול און גאַנץ, און דער עיקר — וויל גאָר ניט ווערן פריי פול און גאַנץ, פון צוואַנג בכלל, פון יעדער צופּאַסונג אלס אַזעלכער: אויך אין דעם פּרט מישט זיך צו צום רעוואָלוציאָנערס מאַסקוליניזם א היפּש־ביסל פון פעמיניסטישן יסוד: יעדע פרוי — ווערט פעסטגעשטעלט דורך מערערע פּסיכאָ־אַנאַליטיקער, וויסנשאַפטלער ווי קינסטלער־בעלעטריסטן, און ווען זיי זענען כלל ניט קיין אָבזיכטלעכע פּרינציפּיעלע אַנטי־פעמיניסטן, — האָט ליב אַביסל פאַרגוואַלטיקט צו ווערן...

און זאָל זיך זיין מאַיעסטעט דער מענטש ניט ווונדערן, זאָל ער אויפהערן זיין אומצופרידן, פאַרוואָס ס׳האָט זיך געפונען א העזהדיקער נידעריקער קאַמעלעאָן ווי איך און איז אַריין אין זיין מאָנאָפּאָליזירטן תחום, פון רעוואָלוציע ביז אַזש פּאַבל־שאַפונג און גראַם טעכניק, מיין ענטפער־פאַרענטפערונג, וואָס האָט כלל ניט בדעה אים, דעם מענטשן, צו ערגערן, איז א פּשוטע: אויב ער, דער מענטש, און ניט סתם א מענטש, נאָר אפילו דער בעסטער צווישן די מענטשן — דער רעוואָלוציאָנערן־מענטש, קען און מעג, אוי וויי! פאַרקאָמע־לעאָנעוועט ווערן אין אַסך־אַסך פּרטים, פאַרוואָס־זשע זאָל אויך אַ קאַמעלעאָן, דער ערשטער און איינציקער צווישן דורי־דורות קאַמעלעאָנען, ניט מעגן און קענען אביסל פאַרמענטשלעכט ווערן?...

און איך ענדיק מיין מאַנאָלאָג מיט דעם וואָס איך האָב אנגעהויבן: מיר גייט, אייגנטלעך, קיינער־קיינער ניט אָן ביי מיין רעוואָלטירן קעגן מיין פאַרשאָלטענער קאַמעלעאָנישער שטאַם־נאַטור, אויסער איך אַליין, און אויב איך האָב פונדעסטוועגן אַזוי פיל גערעדט וועגן מענטשן, איז עס בלויז דערפאַר, וואָס איך האָב ניט קיין נחת פון מיין כמו־פאַרמענטשלעכט ווערן, דעם מענטשנס רעוואָלוציע באַדאַרף זיין א מוסטער פאַר מיר, דעם כמו פאַרמענטש־לעכטן. פאַרדינט זי אָבער דען, אָט די מענטשן־רעוואָלוציע, שטענדיק און באמת, מיט דער עכטקייט אירער, צו גילטן ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע רעוואָלטירטע באַשעפענישן? ווען אָט די לעצטע זאָלן ווערן אָט פונקט ווי איך איצט, כמו־פאַרמענטשלעכט און אויך זיי זאָלן זיך לאָזן טריי און געטריי אין די פיס־טריט פון ס׳רוב מענטשלעכע רעוואָלוציאָנערן, וואָלטן זיי דורכדעם דען טאַקע דערהויבן געוואָרן דערגרייכן געגאַרטע שלמות? ווי איז דער דין פון אַ רבי׳ן וואָס זיינע תלמידים לערנען און נעמען פון אים איבער ניט בלויז אַלדאָס גוטס?..

אָט זענען זיך נוהג די מענטשלעכע רעוואָלוציעס־היסטאָריקער, זייענדיק טריי דער אַלגעמיין־מענטשלעכער בוכהאַלטערישער „טוגנט" פון קלאַסיפיצירן, אַבסאָלוט־אַלץ און אומעטום אויסצווירן אין באַזונדערע „רובריקן", באַגלייטע מיט צייט־פאַרצייכנונגען, אויסצוטיילן רעוואָלוציעס־„סעזאָנען":

אין 1848, א שטייגער, איז געווען א רעוואָלוציעס־„סעזאָן" פאַר מערב־אייראָפּע, אין 1918 דער אָנהויב רעוואָלוציעס־„סעזאָן" פאַר רוסלאַנד און די נאָענטע מזרח־אייראָפּעישע לענדער — טאָ זאָלן עס די בכבודיקע מענטשלעכע רעוואָלוציעס־היסטאָריקער ניט נעמען פאַר אומגוט פון מיין זייט, ווען איך וועל זיי אָפן און ערלעך מעלדן, אַז אָט דידאָזיקע „סעזאָנען"־פאַרטיילונג זייערע אַסאָציאירט זיך אין מיין קאַמעלעאָנישן מוח מיט אַן אַנדערער מענטשלעכן „סעזאָן", וואָס איז אָנגענומען אין דער מענטשן־געזעלשאַפט, מיט דעם „סעזאָן" פון דירות־בייטונג:

אין א באַשטימטן חודש פון יאָר הויבן אָן אַלע שכנים זיך אַרויסצוציען פון זייערע פריערדיקע דירות אין אַנדערע, נייע, זיי גייען, הייסט עס, ניט אַריבער פון סוב־לאַקאַטאַרישן שטאַנד צום ווערן אַליין בעלי־בתים איבער זיך, זיי בייטן בלויז דעם פּלאַץ פון דעם צייטווייליקן און אָפּהענגיקן סוב־לאַקאַטאַרנטום זייערן...

ס׳אַסאָציאירט זיך ביי מיר אויך מיט עפּעס דירעקט פון מיין אייגענעם קאַמעלעאָנישן לעבן, ווי כ׳האָב עס אויבן שוין געשילדערט:

משל למה הדבר דומה — צו דעם, ווען רעוואָלטירטע קאַמעלעאָנען זאָלן האָבן באַשלאָסן זיך שוין מער ניט צוצוקלעפּן צו גרינע צווייגן און גרויע ווענט, נאָר צו אַנדערש־קאָלירטע אָביעקטן...

אַמאָל טוען מענטשן־רעוואָלוציאָנערן זיך אַלע אָן אין גרויע אָדער שוואַרצע העמדלעך, און אָט רעוואָלטירן זיי און בייטן איבער די העמדלעך אויף אַן אַנדער קאָליר, מעג עס אַפילו זיין דער בכבודיקער, פאַר רעוואָלוציע פּאַסנדיקער רויטער קאָליר, זיי אַליין אָבער בייטן זיך כלל ניט, זייער צופּאַסונג צו עמיצן אַנדערש, וועלכער „באַצווינגט" זיי, פאַרבלייבט ווי געווען.

פרעגט איר, מענטשן, דאס וואס איך אליין פרעג מיט פחד ביי זיך: צי גראמט זיך „קאמעלעאן" און „רעוואלוציאן"?, איך פון מיין זייט וואלט, אין מערערן הסכם מיט מיין פחד פאַר דער מפוקפק׳דיקער אויסזיכט פון מיין רעוואלטירן, אביסעלע אנדערש פארמולירט די אייגענע פראגע: צי קען אט דער גראם זוכה זיין, צו ווערן באַרעכטיקט טאַקע אין תוך?, איך האָב אָבער גלייכצייטיק נאך א פראגע, אזא וואס איז שוין געווענדעט צו אייך, מענטשן, דירעקט, און צו מיר, קאמעלעאן אומדירעקט: צי איז „מענטש" גופא אין זיין תוך געבויט אזוי, ער — אויך ער — זאל זיך גראמען מיט „רעוואלוציע"? און ווען וועט ער, אט דער אויסנאם־מענטש, ווערן דער מוסטער פאר עכטער רעוואלוציע אויך פאַר זיינס גלייכן, זייער מאַיעסטעט די מענטשן בכלל?...

# לייד און... האב הנאה

— גוט יום טוב אייך מתים, לשנה הבאה
בירושלים של מעלה אין פרידן!
(א. סוצקעווער — געהיימשטאט)

## א. כיבוש־היסורים

נאָר דער מענטש האָט דערגרייכט צו דער אייגנשאַפט פון כבוש־היסורים. אַזוי, לכל־הפחות, האָט דער מענטש אַליין פאַר זיך פעסטגעשטעלט אין דער פסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, וואָס איז דורך אים גופא געשאַפן געוואָרן און וואָס איר כוונה איז ארויסצוהייבן זיין בחיר־היצורימקייט, — אַז ער, און נאָר ער אַליין זאָל עס האָבן מאָנאָפּאָליזירט די איידלסטע אייגנשאַפטן און דערגרייכט די גרעסטע גייסטיקע פיינקייטן. אָט די פסיכאָלאָגיע, וואָס איז דורך מענטשן און פאַר מענטשן געשאַפן, שרייבט עס צו נאָר דעם מענטשן אליין זיין דורכויסיקע רעכט אויף כיבוש־היסורים.

כיבוש־היסורים איז שפּראַכיק פאָרמולירט לויטן מוסטער פון כיבוש־היצרים. עס איז אָבער פאַראַן אַ גרונטיקער און דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטער אונטערשייד צווישן אָט דיביידע אויסדריקן: בעת ביים באַהערשן די יצרים, די אינסטינקטן, באַמיט זיך דער מענטש אַראָפּצושטויסן און צו נישט מאַכן אַ נעגאַטיווע, גייסטיקע טואונג, איז ביים באַהערשן יסורים, פונקט פאַרקערט,— דער מענטש וויל דווקא אַרויפהויבן און אַלקרעפטיק מאַכן אַ פּאָזיטיווע, אַ העכסט געוווּנטשענע גייסטיקע טואונג. אויף דער ראָלע פון אינסטינקטן, לכל הפחות פון געוויסע אינסטינקטן, קוקט דער מענטש ווי אויף שוואַרצע וואָלקנס, וואָס מע דאַרף זיי צעשטרייען און פאַרטרייבן. דאַקעגן, אויף דער אַנטפּלעקונג פון יסורים קוקט דער מענטש זייער־זייער אָפט ווי אויף יענעם תנכישן זונענליכט אין גבעון, וואָס ס'איז כדאי אים אויפצוהאלטן, ווען ער האַלט שוין אפילו אין דעמערן, און מ'דארף ממעמקים אויסשרייען צו אים: „יסורים־זון, פאַרמייד ניט דיין שיין פאַר אונדז!". בנוגע דער נעגאַטיווער ראָלע פון אינסטינקטן גיט צו די פסיכאָלאָגיע — באַזונדערס די פסיכאָאַנאַליטישע שול אירע — אַז ווען דער מענטש באַהערשט זיי, פאַרשווינדן זיי ניט לגמרי, נאָר ווערן אַראָפּגעשטויסן פונעם נשמהדיקן אייבערפלאַך אין די פאַרבאָרגענע לאַטענץ־שיכטן אַריין. וואָס שייך דער בכלל פּאָזיטיווער אַנטפּלעקונג פון יסורים, באַמיט זיך די פסיכאָלאָגיע אויפצווייזן, אַז די פּריאָריזירטע ראָלע פון דעם מענטשן אין דער וועלט פון באַשעפענישן באַשטייט דווקא אין דעם,

וואָס ער, דער מענטש, ברענגט די יסורים אַרויס פון די טיף באַהאַלטענע לאָטענק־שיכטן אויפן בולטן אייבערפלאַך אַרויף.

ווייל בלויז דער מענטש — זאָגט די פסיכאָלאָגיע — איז צווישן אַלע אַנדערע באַשעפענישן באַשאָנקען מיט דער שפּירעוודיקייט פון ווייטיק, מיט דעם געפיל פאַר יסורים. שפּירן ווייטיק און ליידן יסורים קאָן בלויז דער, וואָס איז פון דער נאַטור באַשאָנקען מיט נשמה־רייכקייט און רירעוודיקייט אין גבול פון געפיל און באַוווּסטזיין. אַזאַ איז נאָר דער מענטש; ער אַליין און ניט בלויז אין פאַרגלייך מיט דער שטומער וועלט פון מינעראַלן און געוויקסן, נאָר אויך אין פאַרגלייך מיט דעם עולם־החי, און אַפילו מיט אַנדערע חיות, וואָס די פסיכאָלאָגיע האָט שוין אויך זיי, ביז אַ געוויסער מאָס, צוגעשריבן אַ באַשטימטן פסיכישן אינהאַלט. כ'מיין דערביי יענעם אָפּטייל פאַר די געציילטע, אָבער צומערסטן אַנטוויקלטע חיות, מיטן נאָמען „זאָאָ־פסיכאָלאָגיע", וואָס די מענטשן־פסיכאָלאָגיע האָט געלאָזן אויפבויען ביי זיך.

ווען מ'זאָל, אַ שטייגער, צוגיין באמת פסיכאָלאָגיש צו דער וווּנדערלעך לעגענדאַרער פאָלקס־מעשהלע חד־גדיא מיט אלע אירע פּערסאָנאַזשן, וואָס דער גורם פון ווייטיק און יסורים האָט געהאַט דורכגעשניטן זייער עקסיסטענץ אייגעם נאָכן צווייטן וואָלט מען באַדאַרפט פעסטשטעלן, אַז בלויז צוויי פון אָט די אַלע ניין האָבן באמת געליטן יסורים און ניט די איבעריקע זיבן: ניט דאָס ציגעלע, ווען ס'איז אויפגעפרעסן געוואָרן פון דער קאַץ; און ניט דאָס קעצעלע, ווען ס'איז געביסן געוואָרן פון דעם הונט; און ניט דער הונט, ווען ער איז געשלאָגן געוואָרן פון דעם שטעקן; און ניט דער שטעקן, ווען ער איז פאַרברענט געוואָרן פון דעם פייער; און ניט דאָס פייער, ווען עס איז פאַרלאָשן געוואָרן פון דעם וואַסער; און ניט דאָס וואַסער, ווען ס'איז אויסגעטרונקען געוואָרן פון דעם אָקס; און ניט דער אָקס, ווען ער איז געשאָכטן געוואָרן דורך דעם שוחט; געפילט ווייטיק און געליטן יסורים האָבן בלויז די צוויי לעצטע — דער שוחט וואָס איז געשאָכטן געוואָרן דורכן מלאך־המוות, און דער מלאך־המוות, וואָס איז געשאָכטן געוואָרן דורך גאָט ברוך הוא. דער מענטש, הייסט עס, איז אין דעם פּרט פון פילן ווייטיק און ליידן יסורים אַ „קאָלעגע" פון אַ מלאך, די דורכויסיקע אייגנשאַפט פון דעם מענטשן צו פילן ווייטיק און ליידן פון יסורים דערנענטערט אים צו דער העכסטער שלמות־מדרגה פון אַ מלאך.

און שוין דער פאַקט אליין וואָס די מענטשן־פסיכאָלאָגיע האָט צוגעשריבן בלויז דעם מענטשן די ליידן־פעיקייט, כדי צו פריאָריזירן זיין חשיבות צווישן די איבעריקע באַשעפענישן, לערנט אונדז, אַז דער מענטש קוקט אויף ליידן ניט בלויז ווי אויף אַ בויט סתם, נאָר דווקא ווי אויף א נויט וואָס איז באמת אַ טוגנט. דער אָ פאַקט ברענגט אונדז צום אויספיר, אַז דער מענטש איז נוטה ארויסצופילן פון זיינע יסורים אויך דעם שלאָגנדיקן קוואַל פון הנאה. אַזוי באַציט זיך דער טעכניש גוט־שפּירעוודיקער מענטש צו שוואַרצע, דרויסנדיק אומסימפּאַטישע שטיינקוילן, מיט זוכערישן און גריבלערישן אינטערעס נאָר דערפאַר, וואָס אין אָט דער שוואַרצקייט איז באַהאַלטן אַ קוואַל פון וואַרעמקייט און ליכט... דער

מענטש האָט אין זײַן פּסיכאָלאָגיע אויסגעקליבן פאַר זיך נאָר דאָס בעסטע און דאָס שענסטע; אַלצדינג וואָס קאָן מיט נאָך עפּעס באַרייכערן זײַן בחיר־היצורים־מדיקייט; אַלצדינג וואָס קאָן פאַרמערן זײַן הנאה — און לײַדן איז איינס פון די אָ ווערטן.

אַוודאי, ווען דער איבעריקער עולם־החי, און מיט אים צוזאַמען אויך דער עולם־הצומח און דער עולם־הדומם, וואָלטן פּלוצעם באַקומען מענטשלעך לשון, אָט אזוי, אַ שטייגער, ווי ס'האָט אַמאָל — לויט דער לעגענדע — באַקומען לשון בלעמס אייזל, און וואָלטן זיך געקאָנט אויסטענהן מיט די מענטשלעכע פּסיכאָ־לאָגיע־שאַפערס, וואָלטן זיי מסתמא אַרויס מיט אַ העפטיקן פּראָטעסט קעגן דעם מענטשנס אַליין־באַלעבטעווען אין דער ספערע פון ווייטיק און יסורים. ס'וואָלטן זיך דעמאָלט אפשר צונויפגעטראָפן צוויי מינים טענות פון צוויי באַזונדערע צדדים קעגן איין אומרעכט: „ווייל איר זענט עס די געזעצגעבער, האָט איר פאַר זיך גענומען די בעסטע און די באַקוועמסטע געזעצן און אלע אַנדערע האָט איר צוגעוואָרפן בלויז פּסולת־דיקע רעשטלעך אָדער אין גאַנצן גאָרנישט איבערגעלאָזט פאַר זיי״.

און פון די צווייערליי מינים טענות איז איין מין אַזאַ וואָס לאָזט זיך הערן אויף אַ מענטשלעך לשון און דער אַנדערער אַזאַ, וואָס כדי מען זאָל אים הערן מוז מען אָנווענדן פאַנטאַזיע: „ווען עס זאָל זיך אַ מאָל לאָזן הערן״.

די ווייבערישע טענה קעגן מאַנסבילשע תפילות, אַ שטייגער:

— איר, מאַנסבילן, ווייל איר זענט עס געווען די, וואָס האָבן צונויפ־געשטעלט דעם נוסח פון ברכות, האָט איר זיך אַליין גענומען די ברכה: „געבענטשט זאָלסטו זײַן, גאָט, דערפאַר וואָס דו האָסט מיך ניט געמאַכט פאַר קיין פרוי״, און פאַר אונדז, פרויען, האָט איר איבערגעלאָזט די טיף באַליידיקנ־דיקע, דערנידערנדיקע ברכה, וואָס איז גאָר אַ קללה פאַר אונדז: „געבענטשט זאָלסטו זײַן, גאָט, וואָס דו האָסט מיך געמאַכט לויט דײַן ווילן״. איז דען גאָטס ווילן געווען דערביי? ס'איז דאָך מער אייער מאַנסביליש־ענגהאַרציקער ווילן אונדז צו דערנידעריקן... און ווען ניט איר, נאָר מיר וואָלטן געווען די מחברים פון די ברכות, וואָלטן מיר דאָך געוויס איבערגעאַנדערשט דעם נוסח פאַר אונדזער טובה וועגן... אין די צייטן פון אַמאָליקן מאַטריאַרכאַט, ווען מיר, פרויען, האָבן געהערשט אין דער מענטשנוועלט, האָבן אפשר טאַקע אונדזערע עלטער־עלטער־באָבעס געטאָן מיט אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס דאָס אייגענע, וואָס איר טוט איצט מיט אונדז — די בעסטע ברכות גענומען פאַר זיך און די זיידעס צוגעוואָרפן פּסולת...

אין איינקלאַנג מיט דער אַ טענה וואָלט זיך פון שטיינערדיקע מיילערשפּאַלטן, און פון בלומען־בעכערס, און פון בעלי־חיימס שרײַענדיקע העלדזער געקאָנט לאָזן הערן אויך די צווייטע טענה קעגן די מענטשן וואָס האָבן געשאַפן די מענטשן־פּסיכאָלאָגיע: — נאָר דערפאַר, וואָס איר, מענטשן, האָט אויסגעפורעמט אייער פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט בלויז פאַר זיך, כדי צו שטיין איבער אונדז, האָט איר אויך דאָס פילן ווייטיק און דאָס לײַדן פון יסורים גענומען נאָר פאַר זיך אַליין און אונדז איבערגעלאָזט גאָרנישט אָדער כמעט גאָרנישט... ווייל — האָט איר זיך

געטראַכט — אויב הנאה האָבן פון ליידן — טאָ לאָמיר די גאַנצע און פולע הנאה נעמען פאַר זיך אַליין... ווען מיר אָבער וואָלטן געווען די פסיכאָלאָגיע־שאַפערס, וואָלט אויך דאָס ליידן און דאָס הנאה האָבן פון ליידן אויסגעזען גאַנץ־גאַנץ אַנדערש !...

די דאָזיקע טענה אָבער ווערט ניט דערהערט. און ווען מען וואָלט זי יאָ דערהערט, וואָלטן זיך אפשר געפונען צווישן די מענטשן אַזעלכע, וואָס וואָלטן זי ווען אָפּפרעגן מיט אַזאַ מין קעגן־טענה: נאָר די ניט־פאַרגינערישע שינאה קעגן מענטשן רעדט ארויס פון אייערע שטומע מיילער ווען איר טענהט, אַז דער מענטש זאָל קיין מאָל ניט האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אייער גייסטיקן לעבן און ניט האָבן געזען דאָס שותפותדיקע צווישן אייער און זיין מענטשלעכע נשמה!

דער אמת איז דאָך פונקט אַ פאַרקערטער. ס'איז ניט דעם מענטשנס שולד וואָס איר, פאַרבלענדטע פון שינאה, דערמאָנט זיך ניט אין דעם, וואָס קאָן באַשטעטיקן אָט דעם אמת: נאָך איידער ס'איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער וויסנשאַפטלעכער פסיכאָלאָגיע, נאָך אין דער צייט ווען ס'האָט געווירקט איין־איינציק די מאַסן־פסיכאָלאָגישע מענטשלעכע אינטואיציע, האָבן שוין די פרימיטיווע אורזיידעס פון היינטיקע מענטשן פאַרגליכן זייערע מענטשלעכע אייגנשאַפטן מיט אייערע פאַרשידענע אייגנשאַפטן און האָבן מעטאַפאָריזירט מענטשלעכע נייגונגען מיט דעם, וואָס זיי האָבן געזען אין לעבן פון פעלדזנ־שטיינער, פעלדגעוויקסן, חיות און בהמות... שפּעטער זענען געקומען די פאַבל־דיכטערס, די עזאָפּס, לאַפאָנטענס און קרילאָווס, און האָבן נאָך מער פאַרטיפט אָט די דאָזיקע נשמה־שותפות צווישן מענטש און אייך. אייער פּראָטעסט־טענה, אַז דער מענטש נעמט פאַר זיך אַליין דאָס סאַמע בעסטע און דערהייבנסטע פון נשמה־לעבן איז, בכן, אַ בילבול אויף דעם מענטשן!

ביי אַזאַ קעגן־טענה וואָלט די עווענטועלע אַטאַקע מצד דער מינעראַלישער, באָטאַנישער און חיות־וועלט אויף דעם מענטשן דורכגעפאַלן — ניין! — אפשר וואָלט זיך צווישן די אָנגרייפערס געפונען איינער אַן אויפגעקלערטער באַרג־פעלדז, אַ גוטער פאַלעמיקער פון צווישן די פעלדגעוויקסן, אַן אויסגעצייכנטער אַנאַליטיקער פון צווישן די וואַלד־חיות, און יענער וואָלט אָפּגעענטפערט אַזוי: — דאָס וואָס פרימיטיווע און קינסטלערישע פאַבל־דיכטערס פלעגן מזווג זיווגים זיין צווישן מענטשלעכע אייגנשאַפטן מיט ענלעכע אייגנשאַפטן אין דער וועלט פון חיות, צומח און דומם, איז כלל ניט קיין ראיה, אַז מענטשן זאָלן ווען ס'איז באמת דערלאָזן אין זייער געדאַנק אַ גלייכווערטיק נשמהדיק לעבן אויך ביי אַנדערע באַשעפענישן. זיי פלעגן מיט דעם נאָר אויסנוצן, ווי זייער שטייגער איז, שטענדיק און אין אַלע פאַלן, יענע באַשעפענישן ווי באַדינערס פאַר זייער מענטשלעכער טובה וועגן, זיי פלעגן יענע באַשעפענישן בלויז באַהאַנדלען ווי אַ לייכט עקספּלואַטירלעכן רוישטאָף פאַר משל־און נמשל־פאַבריקאַציע... אויב מ'קאָן פון בהמהשן חלב מאַכן וואַשזייף, פון בלומענהאַרץ — איינגענעמע געווירצן, פון פעלדזן־געדערעם — אַרבעט־געצייג, פאַר וואָס זשע זאָל מען פון זיי אויך ניט מאַכן קיין גוטן משל־שטאָף? אין די אַלע פאַבלען פלעגט דאָך דער מענטש

צוליב משל־נמשל־צילן מער איבערטראָגן דאָס מענטשלעכע צו די חיות, געוויקסן און מינעראַלן, איידער פאַרקערט. אַלע אַנדערע באַשעפענישן, אויסער דעם מענטשן, זענען געוואָרן בלויז אכסניות פאַר מענטשלעכע אייגנשאַפטן, און זעלטן־זעלטן פלעגט אויך דער מענטש ווערן אַן אכסניא פאַר אַ חיישער אייגנשאַפט; דעמאָלט פלעגט עס זיין פאַרבונדן בפירוש מיט אַן אומגליק פון דעם מענטשן (א גילגול פון אַ חיה אין אַ מענטשן א״א).

און יענער גוטער פאָלעמיסט פון צווישן די חיות, געוויקסן און מינעראַלן, וואָס וואָלט אָפּגעפרעגט אַלע מענטשלעכע קעגן־טענות, וואָלט אפשר מסיים געווען אַזוי: — ווייסט זשע, איר גאווהדיקע און אייגננוצן־זוכנדיקע מענטשן, אַז מיט דעם וואָס איר האָט פאַר זיך אַליין צוגענומען דאָס דורכויסיקע רעכט אויף ליידן און הנאה האָבן פון ליידן, האָט איר אונדז גורם געווען די גרעסטע און שווערסטע ליידן!

און דעם מענטשן וואָלט צוגעוואָרפן געוואָרן, דער עיקר, די קווינטעסענץ פון דער לעצטער הנחה וואָס מ׳האָט מ׳כלומרשט קעגן אים, באמת אָבער לטובת אים, געמאַכט: פון אַלע מעלות דיינע, מענטש, איז כיבוש־היסורים די גרעסטע מעלה; דער וויכטיקסטער לויב, וואָס דו מעגסט לאָזן אָפּדרוקן אויף דיין וויזיט־קאַרטע אין דער וועלט איז: „לייד און... האָב הנאה״...

## ב. טרויער־פייער

— „אָ, גוט־יום־טוב דיר, אָבל!״ — פון וועמענס מויל, א שטייגער, וואָלט מען, לויט אונדזער אויבנאויפיקער פאַרשטעלונג, געקאָנט הערן אַזאַ אומגעלומ־פערטע ווענדונג? יעדערער וועט זיכער ענטפערן: נאָר פון פאַטענטירטן פאַלקסנאַר, וואָס פיגורירט אין אַלטשפּראַכיקן פאָלקלאָר, — פון אַן „איוואַניושקאַ דוראַטשאָק״, אַ „יקיש־לעקיש״, אַ „חושם״ וכדומה. אָט פון יענעם פאָלקסנאַר, וואָס האַלט אין איין איבערדרייען און פאַרפּלאָנטערן דעם סדר פון די פסוקים, וועלכע מען חזרט מיט אים איין, ער זאָל זיי זאָגן אין פאַרשידענע פאַלן: אַנשטאָט צו זאָגן, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, מזל־טוב אַ כלה נאָך דער חופה אָדער „נעמט אָן מיין מיטגעפיל־אויסדרוק״ צו אַ יונגער אַלמנה נאָכן טויט פון איר מאַן, דריקט ער גאָר אויס מיטגעפיל דער כלה און גיט אָפּ מזל־טוב דער אלמנה...

באמת ווערט אָבער אָט די כלומרשט אומגעלומפערטע ווענדונג: „אָ, גוט יום־טוב דיר, אָבל״! איבערגעחזרט דורך אונדז אַלעמען, אויך דורך די קליגסטע צווישן אונדז, אלא וואָס דען? — ניט מען הערט זי פון אונדזער מויל, נאָר מען זעט זי אין אונדזער האַלטונג, ווען מיר קומען אַריין „טרייסטן״ אַן אומגליק־געטראָפענעם, אַ ליידנדיקן. מיר אַלע ברענגען מיט זיך אַריין אין אַזאַ פאַל אַ מין פייערלעכקייט, אַ דערהייבנקייט, דאָס אייגענע האָט אין זיך גופא אויך דער ליידנדיקער אַליין.

זאָגט דאָך עדות וועגן דעם שוין דער געברויכלעכער אויסדרוק „טרויער־פייערונג״, ווי ס׳הייסט דער צערעמאָניאַל, וואָס מענטשן האַלטן פאַר נייטיק

אין דער אָדער יענער פאָרם דורכצופירן ביי יעדער אומגליקפאַל. גלייביקע מענטשן טוען עס אויף אַ רעליגיעז צערעמאָניאַלן אופן, פריידענקער — לויט די כללים פון זייערע וועלטלעכע מינהגים.

פסיכאָלאָגיש גענומען איז אין תוך גאַנץ גלייך, למשל, צי ביים אָפענעם קבר פון אַ פאַרשטאָרבענעם ווערט געזאָגט "קדיש", אָדער עס ווערט דאָרטן געהאַלטן אַ רעדע; צי דער בר־מינן ווערט איינגעוויקלט אין אַ טלית צי אין אַ פאָן; צי די טרויערנדיקע משפחה־מיטגלידער פון פאַרשטאָרבענעם, טוען אויף זיך אָן גראָב האַמעטענע זעק, ווי ס'פלעגן זיך נוהג זיין פרימיטיווע שבטים, אָדער די הייבטוועלטיקע יונגע, עלעגאַנטע אלמנה לאָזט זיך עקסטרע באַשטעלן אַ שוואַרצע טרויערקלייד און פאַר דער לוויה כאַפּט זי אַ קוק אין שפיגל. ביי אָט די אַלע באַזונדערע פאַלן גילט דאָך איין און דער זעלביקער נשמה־צושטאַנד פון די טרויערנדיקע: אַ יום־טובדיקייט האָט זיי מיט אַמאָל אָפגעגרענעצט פון דער געוויינטלעכער וואָכעדיקייט זייערער; דורך דעם אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן, פילן זיי זיך מער דערהויבן, זייער אייגנווערט ווערט בולטער אין זייערע אויגן, אויך אין די אויגן פון די אַרומיקע.

דאָס אומגליק וועקט ביי די אַרומיקע רחמנות צו דעם געטראָפענעם, וועקט ביים לעצטן ווידער אַ מאָל רחמנות צו זיך אליין, און דאָס איז אייגנעגעם; מ'שטעלט זיך דורך דעם אין צענטער פון אויפמערקזאַמקייט, די ביטערניש פון צער ווערט אַ היפּש ביסל פאַרזיסט דורך אָט דעם געפיל.

און די זיסקייט איז אַזוי גרויס און צוציענדיק, אַז אין געוויסע פאַלן קלייבן זיך מענטשן אַפילו אַליין אויס, ווילִיק און צילבאַוווסט, דעם מצב פון ליידן: רעליגיעזע נזירים, אַ שטייגער, זענען באַוווסטזיניק און אויסגערעכנט מוותר אויף באַקוועמלעכקייטן אין זייער געוויינטלעכן וואָכיקן לעבן צוליב דער אויסערגעוויינטלעכער ליידן־פייערלעכקייט. אַוודאי, וועלן זיי זיך אין דעם ניט מודה זיין אָפן און קלאָר, אַוודאי וועלן זיי ניט אויפדעקן די אמתע סיבה, וואָס האָט זיי באַוועגט אויסצובייטן געוויינטלעכע וואָכיקע באַקוועמלעכקייטן אויף מכלומרשטע יום־טובדיקע אומבאַקוועמלעכקייטן. פאַר אַנדערע און אויך פאַר זיך גופא וועלן זיי זייער טואונג מאָטיווירן מיט גאָטס ווילן. ווען אָבער ס'וועט אָנגעווענדט ווערן צו דער דערמאָנטער סיבה דער פסיכאָלאָגישער דעשיפער, ווען דער פסיכאָלאָגיש פאָרשערישער פינצעט וועט אויפשניידן דעם אייבערשטן שיכט פון אויסגעשטעלטן מאָטיוו, וועט זיך באַלד אַרויסווייזן, אַז גאָטס ווילן איז דאָ בלויז אַ פאַרגרימירונג, — אין דער אמתן אָבער לוינט זיך אים, דעם נזיר, זיין ליידן צוליב דער הנאה, וואָס ער האָט פון דעם ליידן.

דער ליידנסוועג פון דעם נזיר איז אָבער אַן אויסנעמפאַל, ווי זשע האַלט עס מיט דעם פשוטן כלל־מענטש? — פונקט דאָס אייגענע, הגם ניט אין אַזאַ בולטער מאָס און פאָרעם.

וואָס מער סענטימענטאַל דער מענטש איז, וואָס שפּאָרעוודיקער ס'איז זיין גייסטיקע קאָנסטיטוציע — ווי ווייט ס'איז אָפּהענגיק פון געשלעכט, עלטער אָדער סביבה — אַלץ ראַשיקער לאָזט ער זיך זוכן גוטווילִיק ס'ביסל זיסקייט אין דער ביטערניש פון ליידן.

נעמט, למשל, די יסורים פון ליבע, יענע יסורים פון ליבע, וואָס ווערן אָנגענומען מיט פרייד, און אין זיי אַליין איז איינגעוויקלט זייער הנאה.

האָבן דאָך פסיכאָלאָגן שוין לאַנג פעסטגעשטעלט די געשלאָסענע רונדיקייט צווישן יסורים און ליבע: פונקט אַזוי ווי ס׳עקסיסטירן, אַ שטייגער, אין יונג מיידלשן לעבן יסורים פון ליבע, אַזוי עקסיסטירט און ווירקט אין דעם אייגענעם לעבן אויך ליבשאַפט צו יסורים אַרום סעקסועלער ליבע. פון דער שיר־השירים־דיקער שולמית ביז פושקינס טאַטיאַנע און האַמסאָנס וויקטאָריע אאַז״וו איז די יונג מיידלשע ליבע, וואָס לעכצט נאָך קעגנזייטיקייט, פאַרבונדן מיט יסורים. ווען אָבער אָט די יסורי־אהבה וואָלטן גלייך פון אָנהייב אָן געווען פאַרשפּאַרט, ווען די געלעכצטע קעגנזייטיקייט וואָלט געוואָרן דערגרייכט באַלד, וואָלט אין די ליבנדיקע מיידלשע הערצער פאַרבליבן אַ בלויז אויף וועלכן ס׳מעג געזאָגט ווערן העיקר חסר.

און פונקט אַזוי אויך אין אַלע אַנדערע מינים פון ליבע, אַ שטייגער, טרייקייט צום ריינעם מאָראַלישן געוויסן — אַ ליבע וואָס ווערט פאַררעכנט ווי אַ כאַראַקטעריסטיש־מאַנסבילישע, ווייל מענער האָבן עס אָט דעם באַנעם געשאַפן, כדי צו שטעלן זיך העכער אין די ליידן און שווערע נסיונות וואָס זענען מיט דער ליבע פאַרבונדן: די לעצטע דינען ווי אַ קאָמפּענסאַט, ווי אַ קוואַל פון זיסקייט אין דער עצם ביטערקייט זייערער; די יסורי־אהבה ברענגען מיט זיך ממילא אויך די אהבת־יסורים. אַ ראיה: טאָלסטאָיס פאַטער סערגיי פילט זיך גליקליך ביים פאַרשאַפן זיך אַליין ווייטיקן, כדי בייצושטיין דעם נסיון.

יעדער אידעאַליסט, וואָס איז זיך מקריב פאַר זיין אידעע, פילט זיך אַזוי ווי דער פאַטער סערגיי. יום־טובדיק דערהויבן פילט זיך זייער אָפּט דער רעוואָלוציאָנער, ווען ער גייט זיין לעצטן וועג — צום עשאַפאָט; זיין שטאַרקן זיך איבער יאוש אין רעזיגנאַציע איז פאַר אים דער יום־טובדיקער נצחון זיינער. אַנדערש איז כלל ניט צו פאַרשטיין ווי אַזוי, למשל, לאָזט עס אַן אַטעיסטישער רעוואָלוציאָנער, וואָס האַלט ניט פון יענער וועלט, פון השארת־הנפש — ווי אַזוי לאָזט ער זיך ווינטשן פאַר זיין טויט, מ׳זאָל אים דערלויבן זיך אָפּראַזירן און אָנטאָן זיינע וועש און אָנצוג פון דער פריי. ער טוט עס נאָר דערפאַר ווייל ער גייט צום טויט אין אַ יום־טובדיקער שטימונג; ביז אַנדערע וועלן שפּעטער פייערן דעם טרויער איבער אים, פייערט ער אַליין דעם טרויער איבער זיך.

און וועגן דער הנאה, וואָס באַגלייט יסורים ביי רעליגיעזע מענטשן, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. דאָרטן איז עס פיל פשוטער: „אחד מששים״ פון הנאה־פאַרשאַפנדיקן מאַזאָכיזם געפינט מען ביי פרומע, ביי גלייביקע מענטשן. זיי, אָט די רעליגיעזע מענטשן, האָבן דאָך עס געשאַפן דעם כלל, אַז יסורים לייטערן די נשמה, אַז יסורים דערנענטערן דעם מענטשן צו גאָט. די העכסטע הנאה פון ליידן, דעם גאַנצן מאַזאָכיזם טרעפן מיר ביים געצנדינערישן שאַמאַן און ביים מוסולמענישן דערוויש, ווען זיי פייניקן אַליין זייער גוף; אין אַ קלענערער מאָס געפינען מיר עס ביי דורכשניטלעכע רעליגיעזע מענטשן, ווען זיי זענען מקבל באהבה טיילווייזע יסורים (תעניתים אדג״ל).

אונדזערע יידישע זיידעס און טאַטעס האָבן געפּילט טעם עולם־הזה פון אַ יום־כּפּור־תּענית און פון אַ חצות־נאַכט אפשר נאָך מער ווי זייערע אַטעיסטישע זין און אייניקלעך פון עסן אַ פעטן הזיר־מיטיק אָדער פון שפּילן אין קאָרטן אַ גאַנצע נאַכט — דאָס איז כּלל ניט קיין פּאַראַדאָקס.

אַט יענע פרומע זיידעס און טאַטעס אונדזערע האָבן כּלעבן, געמעגט פאַראַפראַזירן פּרצ׳ס „מיר, שבת־יום־טובדיקע יידן" און וועגן זיך אליין מכריז ומודיע זיין: „מיר, יום־כּפּורדיקע און צו סליחות אויפשטייענדיקע יידן", ווייל אויך פון דעם יום־כּפּורדיקן תּענית און דעם אויפשטיין צו סליחות האָבן זיי זיכער געהאַט מער יום־טובדיקע הנאה איידער זייערע אַטעיסטישע זין און אייניקלעך פון זייערער וועלטלעכע תּענוגים.

טרויער איז פאַרבליבן געניוג־איבערגענוג אויך ביי די זין און אייניקלעך, אָבער טרויער־פייערלעכקייט האָבן אַ סך מער פאַרמאָגט דווקא די זיידעס און די טאַטעס.

## ג. איובס שערבל, דאָסטאָיעווסקיס כאַראַקטירי־פּעך און טאָלסטאָיס פויערשער גאַרטל

ווי האַלט עס מיט ליידן און הנאה האָבן פון ליידן ביים קינסטלער?

היות ווי דאָס פילן ליידן איז, ווי געזאָגט, בכלל אַ סימן פון מענטשלעכער בחיר־היצורימדיקייט, איז ממילא די שטאַרקייט פון אָט דעם געפיל פאַרטיילט ניט גלייך ביי פאַרשידענע מענטשן. די אויסדערוויילטע צווישן דעם גאַנצן מענטשלעכן בחיר־היצורימדיקן מין זענען די קינסטלערס, די וואָס זיינען באַשאָנקען מיט דער העכסטער און שטאַרקסטער פילעוודיקייט. און דעריבער איז אמתדיק די הנחה, אַז פון די צען מאָס ליידן, וואָס האָבן אַראָפּגענידערט אויף דער מענטשנוועלט, האָבן קינסטלער צוגענומען די גאַנצע ניין מאָס און מער. מחמת ווען מ׳רעדט וועגן ליידן, מוז מען האָבן אין זינען ניט אַזוי פיל זייער קוואַנטיטאַטיוון פשוטן חשבון ווי זייער קוואַליטאַטיווע ווערטיקייט. קינסטלערס נעמען אויף קוואַליטאַטיוו טיפער די אַלגעמיינע ליידן, וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון מענטשן; זיי דעקן אויף קוואַלן פון ליידן אויך אין אַזעלכע לעבנס־דערשיינונגען, וואָס פאַר סתם מענטשן בלייבן זיי, אָט די קוואַלן, פאַרהוילן. און ווי עס איז מיט די ליידן גופא אַזוי איז אויך מיט דער הנאה פון די ליידן — די קינסטלערס ליידן מער, זיי האָבן אָבער צוגלייך אויך מער הנאה פון די ליידן.

פאַרשיידן זענען אָבער ביי די קינסטלערס סיי זייערע עצם ליידן, סיי דאָס מאַניפעסטירן די הנאה, וואָס אָט די ליידן פאַרשאַפן זיי. איז טאַקע די „גאַמע" פון כלערליי מינים ליידן און הנאה אויפגעשטעלט ביים קינסטלער פון אַן אומגעהויער צאָל טענער און האַלבטענער מיט די איידלסטע ניואַנסן.

לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן קורץ אויף דריי פון אָט די אַלע „גאַמע"־טענער. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז אין אַ ספּעציעלן מוזיי קאָנען ווערן אויפגעזאַמלט

„עקספּאַנאַטן" פון כלערליי מינים ליידן און הנאה ביים קינסטלער. פון אָט דער דאָזיקער גוואַלדיק רייכער צאָל עקספּאַנאַטן זאָלן אויסגעטיילט ווערן פאַר די צילן פון פאַרגלייכונג די וויכטיקסטע דריי: איובס שערבל, דאָסטאָיעווסקיס כאַראַקטער־פּען און טאָלסטאָיס פויערשער גאַרטל.

וואָס וואָלט אונדז יעדערער פון זיי געלאָזט הערן? וואָס וואָלטן מיר פון זיי געקאָנט און באַדאַרפט דערינגען? —

הגם בדרך־כלל, איז דאָס בשותפותדיקע פאַר אַלע קינסטלערס זייער העכסט עגאָצענטרישע איינשטעלונג, זייער להוט זיין נאָכן רשות־היחיד אַפילו דעמאָלט, ווען זיי שאַפן פאַרן רשות־הרבים; הגם אין זייערע שאַפונגען וועגן ליידן און הנאה פון אנדערע זענען אַלע קינסטלערס, אין אַ געוויסער מאָס, אויטאָ־ביאָגראַפיש, איז אָבער ביי זיי פאַרשיידן די ריכטונג פון אָט דער בשותפותדיקער עגאָצענטרישקייט זייערער, פאַרשידן די פּראָצענט־נאָרמע פון דעם אויטאָ־ביאָגראַפישן עלעמענט אין זייער שאַפונג. די פאַרטיילונג פון אָט דער אַנדערש־קייט אין אונדזער פאַל איז אַזאַ: אין איובס ליידנדיקער פערזענלעכקייט גייען פּאַראַלעל ביידע שטראָמען — דער צענטריפוגאַלער און דער צענטריפּיטאַלער — וואָס האָבן צו טאָן מיט איובס אייגענעם נשמה־צענטער.

איוב קרעכצט אויס זיינע אייגענע ליידן בעיקר פאַר זיך אַליין, און אָט דער קרעכץ זיינער, ווען ער קערט זיך אום און דערגייט צו איובן, פון איובס מויל צו איובס אייגענע אויערן, פאַרשטאַרקט נאָך מער ביי איובן זיין פריערדיקן ליידגעפיל; דער צענטריפּיטאַלער שטראָם טראָגט אונטער איובן גופא, אַזוי צו זאָגן, אַ „פאַרבעסערטע און פאַרפיינערטע אויפלאַגע" פון יענע ליידן, וואָס איוב האָט זיי פריער אַליין אַרויס־געשטראָמט צענטריפוגאַל.

אין דאָסטאָיעווסקיס ליידנדיקער פערזענלעכקייט, דאַקעגן, ווירקט בעיקר דער צענטריפּיטאַלער שטראָם. אַלע און אַלעמענס ליידן אַרום דאָסטאָיעווסקין שלאָגן זיך אָן אין דאָסטאָיעווסקיס עגאָ. אַלץ וואָס ער זעט ביי אַנדערע ווערט באַלד און אוממיטלדיק פאַרוואַנדלט אין אַ דירעקטער אָפּשפּיגלונג פון דעם קינסטלערס אייגענער נשמה.

טאָלסטאָיס פערזענלעכקייט, דאַקעגן, פּריאָריזירט דעם צענטריפוגאַלן שטראָם. ער פירט אַריבער זיין אייגענעם איך צו אַנדערע, ווען זיי זענען אים וויליק און סימפּאַטיש, בכדי צו ווערן, לכל־הפחות דרויסנדיק, ווי איינער פון זיי. דעריבער טאָקע מעג ביים פאַרגלייך צווישן די דריי פעסטגעשטעלט ווערן, אַז טאָלסטאָי איז מער ווי איוב און דאָסטאָיעווסקי אָפּט אויך קינסטלעך, ניט בלויז קינסטלעריש.

איוב'ס שערבל האָט אים געדינט ווי אַ מיטל צו קראַצן און אויפרייסן זיינע אייטערנדיקע ווונדן. כדי מכלומרשט גרינגער צו מאַכן זיינע ליידן באַנוצט זיך איוב מיט אָט דעם שערבל הגם באמת פאַרגרעסערט ער גאָר דורך אים זיינע ליידן. דאָס שערבל ברענגט איובן בלויז צייטווייליקע „הנאה", אָבער הנאה אין זיינע ליידן און פון זיינע ליידן ברענגט ער אים פאַרט.

מיר ווייסן ניט פון וואָס פאַר אַ כלי איובס שערבל האָט געשטאַמט. מעגלעך, אַז ער איז געווען גאָר אַ גרויסער יחסן — אַ טייל פון אַ פיינער

אַרכאַיש קינסטלערישער וואָזע, וואָס האָט בשעתו פאַרשאַפט אירע באַזיצערס, און אפשר טאַקע אויך איובן אַליין, די העכסטע הנאה. די הנאה אָבער וואָס איוב האָט שפּעטער געהאַט פון דעם שערבל, איז אַוודאי געווען אַסך שטאַרקער און גרעסער, ווי די הנאה פון דער גאַנצער וואָזע, ווייל די הנאה פון ליידן איז רייצנדיקער און צוציענדיקער איידער נאָרמאַלע הנאה.

באַזונדער גרויס איז די מאַזאָכיסטישע הנאה! זי האָט זיכער געשפּילט איר גרויסע ראָלע אויך אין דאָסטאָיעווסקיס ליידן. צוליב דער דאָזיקער מאַזאָכיסטישער הנאה פלעגט זיך דאָסטאָיעווסקי זיכער באַנוצן בכוונה־תחילה מיט זיין קינסטלער־פען און פאַרוואַנדלען זי אין אַ כאַראַקירי־געצייג.

טאָלסטאָיס ליידן קאָמפּלעקס איז שוין געווען גאָר פון אַן אַנדער מין. אָט די אַנדערשקייט האָט אים באַוויגן, אָנצוקומען צו זיין פּראָסט פויערשן גאַרטל, צו פאַרבייטן זיין פּריצישן מלבוש אויף אַ פויעריש העמד. טאָלסטאָי איז אַוועק אויפן וועג פון פּראָסטאַקעווען זיך. אין אָט דער עניוות האָט זיכער געשטעקט אַ היפש ביסל גאווה, פּריצישע גאווה, וואָס האָט זיך געקליידט אין גראָבן פויערישן לבוש. אַוודאי איז געווען אַן אידעישער גרונט פאַר טאָלסטאָיס „גיין אין פאָלק"; זיין פויערשער גאַרטל איז זיכער געווען אויסגעוועבט פון ערלעך געמיינטער אידעישער כוונה. ס'זענען אָבער גלייכצייטיק אַ מוז־באַגלייט־דערשיינונג די פּריצישע יסורים, וואָס טאָלסטאָי האָט געשפּירט אין דער טיף פון זיין נשמה ביים אָנגאַרטלען די פּראָסט פויערשע שטריק אויף זיינע לענדן, און אויך די הנאה וואָס ער האָט געהאַט פון די ליידן.

# ניט דערקרעכצט

„...ושירת חייו באמצע נפסקה — און דאָס געזאַנג
פון זיין לעבן האָט זיך אָפּגעהאַקט אינמיטן".
(ח. נ. ביאַליק)

איינעם א בן־ששים, וואָס איז באַקאַנט ווי א פּעסימיסט, האָט זיין פריינד, א דיכטער, צוגעוואָרפן דעם עקספּראָמט־איינפאַל: „ס׳גראַמט זיך „זעכציק" מיט „קרעכציק". איז דערביי געזעסן נאָך א דיכטער וואָס שטאַמט פון וואָלין און רעדט אויס ווערטער לויט דעם דאָרטיקן יידיש־דיאַלעקט, האָט ער באַלד צוגע־בייסטייערט אויך זיין עקספּראָמט־איינפאַל: „און פּונקט אַזוי גראַמט זיך אויך „פּיפּציק" „זיפּציק". דאָס האָט באַדאַרפט לאָזן וויסן, אַז דער קרעכץ־פּעריאָד אין בכלל מענטשנס לעבן (און ניט בלויז אין פּרט־לעבן פון דערמאָנטן בן־ששים) הייבט זיך אָן א סך פריער איידער אין 60־יאָריקן עלטער. דער דריער פון אט דעם קרעכץ־פּעריאָד איז א גאַנץ־לאַנגער, יש אומרים אפילו, אז ער אין גלייך צום דריער פון מענטשנס לעבן אינגאַנצן, און גערעכט וואָלט געווען אַפילו דער דריטער דיכטער, וואָס וואָלט אויסגעפונען, אז ס׳גראַמט זיך שוין „צוואַנציק" מיט „פון טערערן די אויגן גלאַנציק". אלא וואָס דען? — וואָס עלטער דער מענטש איז, אַלץ שטאַרקער ווערט דער צופּלוס פון זיינע קרעכץ־כוואַליעס. די צעם קרעכציקייט אָבער עקסיסטירט און כוואַליעט זיך אין אבסאָלוט אַלע עלטער־שטופן פון מענטשנס לעבן. און פונוואַנען נעמט זיך אָט דערדאָזיקער כסדר זיך־פאַרשטאַרקנדיקער צופלוס? — פון דעם בלויז, וואָס דער זיך עלטערנדיקער מענטש זאָל זיך שטענדיק האָבן געאיילט ניט איבערצובלייבן, חלילה, אין א גרויסן קרעכץ־דעפיציט. וואָס עלטער דער מענטש ווערט, אַלץ בולטער ווערט ביי אים די מורא זיינע פאַר אָט דעם דעפיציט אַלץ מער און ווייטאָגדיקער פּאַסט ער אויף די גרויסקייט פון דעפיציט, און דעריבער טאַקע אינטענסיפיצירט ער זיינע אנשטרענגונגען צו דעקן ווי ווייט ס׳לאָזט זיך און נאָך מער ווי ס׳לאָזט זיך יענעם דעפיציט. ווען אַ מענטש איז יונגער, קאָן ער זיך נאָך טרייסטן אויך אויפן חשבון פון דער קרעכץ־קוואָטע, וואָס ער באַדאַרף אויספּילן: ס׳איז נאָך צייט דערפאַר אין דער צוקונפט, כ׳וועל עס נאָך באַוויזן שפּעטער משלים צו זיין. באַגנוגנט זיך טאַקע דער יינגערער מענטש מיט קלענערע דאָזעס קרעכץ. ווען אָבער ער דערגייט צום טיפערן עלטער, מוז ער שוין ממילא אָנקומען צו גרעסערע קרעכץ־דאָזעס בכדי צו פאַרקלענערן דעם דעפיציט.

פארקלענערן יאָ, אָבער ניט פּטור צו ווערן אינגאנצן פון דעם דעפּיציט.

„א קרעכץ" — וואָלט געקאָנט דעפיניִרט ווערן אין א ווערטער־בוך א פּאַרפּאסטן פון צווי מחברים צוזאמען, א פּסיכאָלאָג און פיזיאָלאָג — איז „א טרוקענער געוויין". דער ערשטער אַפּאַראַט, וואָס איז געגעבן דעם מענטשן צו רעאַגירן אויף א ווייטיק און צו אויסדריקן אומצופרידנקייט, איז דער טרערן־דריז, — האָט טאַקע אַ קליין קינד אָפּט דעם „נאַסן געוויין" — וויינט מיט טרערן, ווייל שוין דאָס קליינע קינד ווערט צוזאמענגעפרעסט פון ווייטאָג און אומצופרידנקייט. שוין אויך פאר אים איז דער אָנהייב־וועג פון זיין לעבן כּלל ניט אויסגעטעפּיכט מיט לויטער סאמעטווייכע און באַקוועם־גלעטנדיקע גראָזן, נאָר איז א דערנער־וועג, א שווער־נסיונותדיקער שטרויכלדיקער וועג, און די שטרויכלונגען ווערן אויך ווייטער ניט פארמידן לחלוטין. די צוגעקומענע דערפאַרונג פון שפּעטערן לעבן באַווייזט נאָר אויסצומיידן אַ טייל פון זיי, אויף וועמענס פּלאַץ עס קומען אָבער באלד אָן נייע און ע"פּ־רוב נאָך שווערערע שטרויכלונגען ווי פריער. וואָס זשע ווערט אָבער יאָ געענדערט ביים דער־וואַקסענעם, ביים זיך עלטערנדיקן מענטשן אין פאַרגלייך מיטן קינד? — בלויז דאָס, וואָס אָנשטאָט איין רעאַגיר־אַפּאַראַט פאַר ווייטיק און אומצו־פרידנקייט קומט אָן אַנדערער, פון דעם טרערן־דריז ביי דעם יינגסטן ערב־מענטש גייט די רעאַגיר־פונקציע אריבער צו די שטים־בענדער ביים עלטערן מענטשן — „נאַסער געווין" ווערט פארביטן מיט „טרוקענעם געוויין".

דער רעאַגיר־אַפּאַראַט פאר ווייטיק און אומצופרידנקייט קאָן מעטאַפאָריש ווערן פארבונדן מיט דעם אָטעם־אַפּאַראַט — דער מענטש אָטעמט אַריין זויערשטאָף און אָטעמט אַרויס קוילנשטאָף. אויך דער „נאַסער" אָדער „טרוקענער" געוויין איז אַ מין קוילנשטאָף, וואָס דער מענטש אָטעמט פון זיך אַרויס שטענדיק אָן אויפהער.

דער עלטערער מענטש אָטעמט אַרויס אָט דעם קוילנשטאָף מער און אינטענסיווער איידער דער יונגער, ווייל ער — ווי געזאָגט — פילט די גרעסערע נייטיקייט אין שנעלערן פאַרקלענערן דעם אָנגעקליבענעם דעפּיציט, קומט ער, אָט דער עלטערער מענטש, אָן צו ביידע מינים געוויין מיטאַמאָל. צוגלייך מיט דעם „טרוקענעם געוויין" קערט ער זיך אום צוריק און נאָך אַמאָל אויך צום „נאַסן געוויין", צו דעם, פון וואָס ער האָט שוין געהאַט זיך אָנטוויינט. ער לאָזט אין גאַנג אַלע זעגלען פון זיינע ביידע „שיפלעך", כּדי פון זיי אויסצולאָדן די גוואַלדיק־גרויסע משא ווייטיק און אומצופרידנקייט...

ביידע צינגער פון מענטשן, וואָס שטעלן זיך ניט פאָר און פאַרשטייען ניט די אמתע סיבה פון דער זאַך, וואָס שטעלן זיך ניט פאָר, אַז אויך זיי אַליין, ווען ס'וועט קומען זייער אַלטקייט־שעה, וועלן ווערן פונקט ווי דער כּסדרדיק־וויינענדיקער און קרעכצנדיקער זקן, וויצלען זיך אָפּט איבער אָט דעם אַלטן:

— אָ, ער וויינט און קרעכצט היינט אָפּט אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט נאָך ניט אויף מאָרגן קיין סיבה פאַר געוויין און קרעכץ...

און אָט די ביידע צינגער זענען אומגערעכט: באמת וויינט און קרעכצט דער זקן ניט צוליב מאַנגל אין געוויין־ און קרעכץ־סיבה אויף מאָרגן, נאָר דווקא

צוליב דעם ניט־אויסגעשעפּטן עודף פון אַט דער סיבה נאָך פון נעכטן. דאָס רעאַגירן אויף ווייטיק און אומצופרידנקייט, דאָס קרעכצן איז באמת אַ מין ראַטעס־אויסצאָלונג פון אַ חוב, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן און הענגט לאַנג נאָך פון פריער.

קיינמאָל קרעכצט ניט אַ מענטש, אַ יונגער פונקט אַזוי ווי אַן אַלטער, בלויז אויף היינטיקע צרות זיינע, נאָר אויך — און ווען אפילו ער פילט און אנערקענט עס ניט אליין — אויך און בעיקר אויף נעכטיקע, אויף לאַנג־פריערדיקע צרות זיינע, זיינע אייגענע און אויך אפילו פון זיינע אבות־אבותיו.

אָט, למשל, זיינען מיר אָפּט עדות פון דעם, אז ווען אַ קליין קינד, פילט זיך געטראָפן פון — נאָך זיין מיינונג — אומגערעכטער באַציונג צו אים מצד טאַטע־מאַמע, ברעכט אויס אין אַ געוויין און אין אַ כליפּן, איז ניט נאָר וואָס דאָס דאַזיקע וויינען־כליפּן דויערט און האַלט אַן לאַנג, ניט ווי אַלע מאָל, נאָר האַלט זיך אין איין ווערן צוריק שטאַרק נאָך דער וועסט אַריינגעטראָטענער אָפּשוואַכונג, און דאָס כליפּן גייט ווידער איבער אין געוויין. ס'איז אין דעם דאַזיקן פאַל אונדזערן ווי מיט, להבדיל, דער פאַרוויילונג־ראַקעטע, וואָס באַלד ביים אָנהייבן אויסלעשן זיך פלאַקערט זי פלוצלינג ווידער אַמאָל אויף, און אזוי אַ סך מאָל כסדר איינע נאָך דער אנדערער. וואָס זאָל זיין די סיבה פון אָט דעם מערקווערדיקן, אזוי צו זאָגן, „ראַקעטע״־געוויין אין פרי־קינדערשן לעבן? — איז פאַראַן אַ פּסיכאָלאָגישער יסוד פאַר דער דערקלערונג פון אָט דער דערשיינונג אזוי: ביים קינד טויכן אויף אויסער זיין איצטיקער באַליידיקונג נאָך אנדערע, פריערדיקע באַליידיקונגען און איין אומצופרידנקייט מיט טאַטע־מאַמעס אויפפירונג לגבי אים שלעפּט נאָך זיך נאָך פאַלן פון אומצופרידנקייט פון פריער. אומזיסט זענען מיר בכלל נוטה צו האַלטן, אַז דאָס קליינע קינד האָט אַ „קעצישן זכרון״, אז איבער אים ווייזט ארויס זיין באַזונדערע הערשאַפט דער שר פון שכחה, — ס'קאָן זייער געמאָלט זיין, אז דעם קליינעם קינדס מיכלומרשט גיכן פאַרגעסן וואָס מיט אים גופא איז פריער פאַרגעקומען, און זיין שנעלן פאַרלירן אויפמערקזאַמקייט צו דעם, איז צו פאַרבינדן מיט גאָר אַן אנדער אייגנשאַפט פון קינד, און ניט מיט אמתער שכחה — דאָס אַלץ זאָל זיין אַ מוז־רעזולטאַט פון קינדס דינאַמישקייט, פון זיין ניט קענען זיך לאַנג פאַרהאַלטן אויף איין זאַך סיי ביים עצם־אויפנעמען דעם איינדרוק און סיי ביים רעאַגירן אויף אָט דעם איינדרוק. שפּרינגט טאַקע דאָס קליינע קינד שנעל איבער פון איין איינדרוק צום צווייטן, פון איין רעאַקציע אויף דעם טיילווייז־אויפגענו־מענעם איינדרוק צו אַ צווייטן; ס'באַוועגט זיך כסדר בלויז צווישן ברוכטיילי־קע איינדרוקן און רעאַקציעס און קאָן ניט, אין קעגנזאַץ צו זיין ווילן דערגיין אַפילו צו פאַרהעלטנישמעסיקער גאַנצקייט. הייבט עס טאַקע כסדר אָן איצט און קערט זיך אום ערשט שפּעטער, ניט נאָר איין מאָל נאָר אַ סך מאָל, צום וועסט־אָנגעהייבענעם, כדי אים ממשיך צו זיין און וואָס ווייטער אַלץ מער אים דערנענטערן צו דער גאַנצקייט. אויפן לשון פון דער פּסיכאָלאָגיע הייסט עס „דאָס געזעץ פון קאָנצענטרישקייט אין דער מענטשלעכער אנטוויקלונג בכלל און באַזונדערס אין דער פרי־קינדערשער אנטוויקלונג״. בלייבן טאַקע

הענגען אין פרי־קינדערשן אויפנעם־ און רעאַגיר־אַפּאַראַט אַסך ניט־רעאַליזירטע רעשטלעך, וואָס אַז ס'קומט אָן די פּאַסיקע געלעגנהייט טויכן זיי אויף און הייבן אָן אַנצושילסן זיך איינע אין די אַנדערע. דאָס אייגענע קומט פאַר אויך אין אונדזער פאַל, וואָס דאַרף דינען ווי אַ פּרט־ביישפּיל צו אַ גאַנצן כּלל, ווען צו איין באַליידיקונג־איבערלעבונג קייטלען זיך צו אויך אַנדערע, פריערדיקע באַליידיקונג־איבערלעבונגען, און ווען אַ קליין קינד וויינט און כליפּעט איז ניט בלויז צוליב דעם איצט־פאָרגעקומענעם, נאָר אויך צוליב דעם, וואָס איז פריער פאָרגעקומען.

און ס'טרעפט זיך דאָך אַזוי אָפט, אַז דאָס קליינע קינד אַליין גיט אונדז די איבערצייגנדיקע גביית־עדות וועגן דעם, ווען ער אַליין שטעלט אונדז צו דעם דעשיפריר־שליסל פאַר דעם רעטעניש פון זיין נאָכאַנאַנד אָפּגעשוואַכטן־פאַרשטאַרקטן געוויין־כליפּען, — פרעגט די מאַמע, ווען זי וויל זיך איבערבעטן מיט דעם וויינענדיקן קינד און אים פאַרגיטיקן פאַר דער קעגן אים באַגאַנגענער לעצטער עוולה, פאַרוואָס ער וויינט אַזוי לאַנג, כליפּעט דאָס קינד אויס זיין דערקלערונג־ענטפער דורך דערמאָנען אויך פריערדיקע עוולות אין באַציונג צו אים:

— ... און פאַרוואָס האָסטו מיך אַמאָל געהאַט אָפּגענאַרט — צוגעזאָגט צו בלייבן ביינאַכט אינדערהיים און אַוועק נאָכדעם, ווען כ'בין איינגעשלאָפן, אין קינאָ?... און פאַרוואָס האָסטו מיך אַמאָל, נאָך פאַר דעם, אָנגעשלאָגן בשעת מיין סכסוך מיט מיין חבר ביים שפּילן זיך, הגם שולדיק אין אָט דעם סכסוך איז געווען גאָר ער און ניט איך?... און"וו.

אויך אַ קליין קינד, אויף אַזאַ אופן, איז אָפט אין מצב פון ניט דערקרעכצן זיין רעאַקציע אויף ווייטיק און אומצופרידנקייט. אַ דערוואַקסענעם מענטשן געפינען מיר נאָך אָפטער, בכל־אופן: נאָך בולטער, אין אָט דעם מצב פון ניט דערקרעכצן...

אַזוי איז נאָך ביים לעבן פון דעם מענטשן, אויך דעמאָלט ווען ער האָט נאָך מיכלומרשט רעזערוו־צייט אויף צו — לכל־הפחות — פּרווון פאַרקלענערן, אויב שוין ניט אינגאַנצן דעקן דעם קרעכץ־דעפיציט, און אוודאי איז עס אַזוי ביים מענטשנס שטאַרבן, ווען ס'ווערט שוין פאַרשטאָפּט און אָפּגעהאַקט יענער רעזערוו. אויף יעדן מענטשן, ווען ער שטאַרבט, און נאָכדעם ווי ער איז שוין געשטאָרבן, קאָן געזאָגט ווערן, ווי אָן ערשטער בעקראַלאָג־פּסוק: „אָ, ער האָט, נעבעך, ניט דערקרעכצט!" —

די טראַגעדיע פון מענטשנס שטאַרבן בכלל איז דאָך אין דעם, וואָס ס'ווערן אינגאַנצן איבערגעהאַקט און אָפּגעשטעלט נאָך יווירנדיקע לעבנס־פּאָטענצן, אינמיטן איבערגעהאַקטע טואונגען, וואָס האָבן שוין אָנגעהייבן קומען צו זייער תיקון.

אַלע מאָל און אומעטום, ווען און ווען דער טויט זאָל פּלוצלינג ניט אַרויסרייסן פון לעבן און פון די לעבעדיקע, „ווערט דאָס לעבנס־געזאַנג אָפּגעהאַקט אין סאַמע מיטן". צי איז אָבער געזאַנג נאָר אויסשליסלעך מאַזשאָר? ס'איז דאָך אויך מינאָר, און וואָס ס'איז שייך ניט דעם סתם־געזאַנג וואָס אין

לעבן, נאָר טאַקע ספּעציעל דעם לעבן גופא, דעם געזאַנג פון לעבן, איז דאָס געזאַנג ניט בלויז אויך־מינאָר נאָר בעיקר־מינאָר. דער צולעצט־אונטערגעפירטער סך־הכל אין דער בוכפירונג פון יעדן מענטשנס לעבן, נאָך דער פאַרגלייכונג פוןביידע אָפּטיילן אין אָט דער בוכפירונג פאַר „הכנסה" — צופרידנקייט און נחת און „הוצאה" — אומצופרידנקייט, ערגערונג און ווייטיק, ווייזט דאָס־רוב, אויב אפילו שוין ניט אלעמאָל, א גרעסערע „הוצאה" איידער „הכנסה".

איינער א יידישער דיכטער, א. לוצקי, וואָס האָט ליב פּאַראַדאָקסן־שפּיל אין אויסדרוק, האָט אַמאָל א גאַנצע זאמלונג לידער זיינע באַטיטלט מיטן נאָמען „בראשית־אינמיטן". אויף דעם לעבנס־געזאַנג פון יעדן מענטשן, אויף אָט דעם געזאַנג, וואָס ווערט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און איבערגעהאַקט מיטן מענטשנס שטאַרבן, וואָלט געקאָנט געזאָגט ווערן, און כלל ניט צוליב רעטאָריק און יאָגעניש נאָך פּאַראַדאָקסן־שפּיל, „ביים סאַמע סוף אינמיטן". א געפיל וואָס דער מענטש האָט אָנגעהייבן פילן האַרט ערב זיין טויט, האַרט איידער ס'איז אַריינגעגאַלאָפּירט די גסיסה זיינע, איז ניט דערפילט געוואָרן, ד. ה. ניט דערפירט געוואָרן צו דער מעגלעכער, פאַרהעלנישמעסיקער שלימות, וואָס א מענטשן־געפיל איז מסוגל דערפירט צו ווערן ביים מענטשנס לעבן; א געדאַנק, וואָס האָט זיך ווען אָנגעהייבן ווען אין מענטשלעכן מוח ערב דעם מענטשנס שטאַרבן, איז ניט דערטראַכט געוואָרן; א קרעכץ, א רעאַקציע פון אומצופרידנקייט, וואָס האָט געהאַט אָנגעהייבן ירירן אין מענטשלעכן מוח און האַרץ ערב דעם מענטשנס שטאַרבן איז ניט אויסגעקרעכצט געוואָרן.

אויף דעם שטאַרק־געאַכפּערטן און פאַרהייליקטן משה רבינו, וואָס חז"ל און יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע רינגלען אַרום זיין אָנדענק מיט דיכטערישע היפּערבאַלע־באַפּוצונגען, ווערט, צווישן אַנדערן, למשל דערציילט, אַז ווען ער פלעגט נאָך ביי זיין לעבן אָפּווישן די טינט פון זיין תורה־שרייבנדיקער פעדער אין זיינע האָר, פלעגן די האָר אָנהייבן שיינען, — דאָס וואָס משה רבינו האָט, הייסט עס, ניט דערזאָגט, האָט געהאַט בכוח אָנצוצינדן העלן ליכט. און אויף דעם אייגענעם משה רבינו ערב זיין טויט, דאַן ווען ער האָט זיך געראַנגלט מיט גאָט־ברוך־הוא'ס גזירה און מיט מעכטיקער אָנשטרענגונג, אָנגעפּראָפּטער מיט טיפער טראַגיק, באַמיט זיך צו דערוויטערן פון זיך דעם מלאך־המות, ווערט דערציילט, אַז ער זאָל האָבן צווישן אלעם אַנדערן געוויינט אויך אויף דעם לעצטן, ניט־אויסגענוצטן טראָפּן טינט, וואָס איז געבליבן הענגען אויפן שפּיץ פעדער. אים, משה רבינו'ן, הייסט עס, האָט שטאַרק געאַרט וואָס ס'וועט פאַרבלייבן עפּעס ניט־דערזאָגט אין דער שאַפונגס־פּאָטענץ פון זיין פעדער, ווייל דאָס דאָזיקע ניט דערזאָגטע — האָט ער אפשר געהאַלטן, איז נאָך פיל־פיל וויכטיקער איידער אַלץ וואָס ער האָט באַוויזן ביים לעבן זיינעם צו זאָגן.

און פון משה רבינו צו יעדן סתם־מענטשן בכלל: ווערט דאָך טאַקע וועגן משה רבינו'ן און זיין ווערט־פאַרגלייכונג מיט פּשוטע מענטשן געזאָגט — פּונקט אַזוי ווי ס'איז ריכטיק, אַז ער, משה רבינו, זאָל האָבן געווען שקול, ד.ה. ווערט־גלייך, קעגן אַלע ששים רבוא יוצאי־מצרים, איז אויך ריכטיק אַז

די לעצטע, די געווינטלעכע סתם־יידן, סתם־מענטשן זענען געווען שקול קעגן משה־רבינו'ן. באַדאַרף מען, אַלזאָ, באַווייִנען, זיין טיף־געריירט פון דער טראַגיק וואָס אין יעדן מענטשנס ניט־דערזאָגטן, און באַזונדערס פון ניט־דערקרעכצטן, וואָס דאָס פלוצלינגדיקע שטאַרבן רייסט און האַקט איבער ביים־סוף אין סאַמע מיטן...

פילצאַליק זענען די אַנטפּלעקונגען פון דער טראַגיק וואָס אין יעדנס מענטשן שטאַרבן, אָבער איינע פון די צומיינסטן רירנדיקע צווישן זיי איז די טראַגיק פון ניט־דערקרעכצטן...

און אויב ס'איז אזוי לגבי יעדן בכלל מענטשן, איז עס נאָך מערער אזוי לגבי דעם יידישן מענטשן בפרט, ווייל „פון די צען מאָסן קרעכצן, וואָס זיינען אַראָפּגענידערט געוואָרן אויף דער ערד האָט ספּעציעל דער יידישער מענטש געגנ־מען פאַר זיך גאַנצע ניין מאָסן און נאָך מער". פון אַלע אַנדערע מערערע רעכט איז דער ייד אָפּגעשטויסן געוואָרן דורך אַנדערע אין אַ זייט, ביי איין רעכט־געניסן האָט ער אָבער אָפּגעשטויסן אלע אנדערע אין א זייט, דאָס איז ביי דעם רעכט אויף זיין אומצופרידן, אויף אויסדריקן אומצופרידנקייט, ביי דעם רעכט פון קרעכצן.

די ספּעציפיק פון יידישן קרעכץ איז ניט בלויז אין כמות, ניט בלויז אין דעם, וואָס אָט דער קרעכט איז ביים יידישן מענטשן מער און אָפטער ווי ביי אלע אנדערע בני־אומה ולשון, נאָר אויך — און אפשר בעיקר — אין איכות, אין דעם, וואָס ביים יידישן מענטשן איז דער קרעכץ א באַזונדערס־שאַרפער, אזוי צו זאָגן — א קאָנדענסירטער, א „מועט המחזיק את המרובה". דער יידישער קרעכץ איז ספּעציפיש אויך מצד דעם סדר און אופן פון זיין אריינפּלעכטן זיך אין איבעריקן געוועב פון אויפפירונג, מצד דעם ווען און וויאזוי ער שלאָגט זיך אדורך אהין. די טאָפּעלע בוכפירונג פון געמיט־צושטאַנד ביים יידישן מענטשן, אָט די וואָס וואָלט באַדאַרפט זיך טיילן פונקט אזוי ווי ביי אלע אנדערע מענטשן אויף א באַזונדערע „הכנסה"־רובריק פאַר נחת און צופרידנקייט און אויף א באַזונדערע „הוצאה"־רובריק פאַר צער און אומצופרידנקייט, איז כלל ניט קיין טאָפּעלע, ווייל אין איר מישן זיך אויף און פּלאָנטערן זיך צוזאַמען ביידע רובריקן מיט אַמאָל און איינע גנבעט כסדר דער צווייטערס גרענעצן. באַזונדערס אָפט און אינטענסיוו טוט עס די „הוצאה"־רובריק לגבי דער „הכנסה"־רובריק, — צער און צאָרן באַווייזן ביי דעם יידישן מענטשן כמעט שטענדיק און אויף אַן אויסערגעוויינטלעכן, וווּנדערלעכן אופן אריינצו־שטעננז'ן זיך אויך אין סאַמע העלן געוועב פון פרייד און נחת.

ס'איז, למשל, העכסט כאַראַקטעריסטיש־באַלערנדיק, ממש סימבאַליש אין דעם פּרט דאָס, וואָס נאָר ביי יידן געפינט איר די דריטע פאַרעם פון חול־המועד ווי א מין זעלבפאַרשטענדלעכע „ביילאגע" צו דער נאַטירלעכער צוויי־טיילונג פון פאַרמען פאַר יום־טוב — באַזונדער און וואָך — באַזונדער. ביי יידן עקסיסטירט כמעט אינגאַנצן ניט אָט די באַזונדערקייט, די לויערנדיקע וואָך מיט אירע צער־זאָרגן לאָזן ניט לאַנג דער יום־טובדיקער פריידיקער זאָרגלאָזיקייט

צו פאַרבלייבן אין איר האָפּערדיקער באַזונדערקייט; ביי וועמען אַנדערש איז ליכט באַזוימט מיט שאַטנס, ביי דעם יידישן מענטשן רייסט זיך דער שאָטן אַריין אין סאַמע־מיטן ליכט.

און דאָס איז טאַקע דער זין פון פאָפולערן, ספּעציפיש־יידישלעכן אימפּעראַטיוו: „אל תשמח ישראל אל גיל כעמים" — פריי זיך ניט, דו ייד, פונקט אַזוי ווי די גויים. דער לאָגישער אַקצענט איז דאָ ניט אויף דעם „פריי זיך ניט", נאָר אויף דעם „פונקט אַזוי", ד.ה. אויך אַ ייד מעג און באַדאַרף אַפילו פרייען זיך, ער באַדאַרף אָבער אַנדערש זיך פרייען. ביי יענע איז פרייד באַזונדער און צער באַזונדער, ביי יידן אָבער איז אויך די פרייד אַ היבש־ביסל באַ׳צערט (און ניט אומגערעכט וועט זיין אויך די צווייטע העלפט פון אָט דער אויסטייטשונג: „בי יידן איז אויך צער אַ היבש־ביסל באַ׳שמחהט, ביי די טויערן פון יידישן צער איז שטענדיק געשטאַנען אויך דער היטער און מונטערער פון גלויבן און האָפענונג"). ביי דעם יידישן מענטשן איז סיאַם־צווילינגדיק באַהאָפטן מינאָר און מאַזשאָר, דאָס קרעכצל איז דער שטענדיקער מוז־רעפריין אויך ביי יום־טובדיקער שמחהדיקייט.

קומט אַן אַלטער יידישער טאַטע אַריין אין שמחהדיקן עקסטאַז ביים אויסגעבן זיין מיזינקע (אין מ. מ. וואַרשאַווסקיס באַקאַנטן ליד), איז אויך אָט דער העכסטער עקסטאַז זיינער דורכגעפעפרייטע רעפריינ׳ט מיט קרעכצן... איז אַ יעדן אַנדערן יידן בכלל גוט אויפן האַרצן און ער איז ביז־גאָר פריידיק־אויפגעלייגט, מישט ער צו דעם אַלעמען צו אומבאַדינגט זיין קרעכץ־„אוי":

— ...אוי, ס׳איז מיר גוט, אוי, ס׳איז מיר פשיעמנע, אוי ס׳איז ווויל צו זיין אַ ייד!"... — זינגט זיך אין אַ צווייטן פאָפולערן יידישן פאָלקס־ליד.

און אַז דער בדחן מאָביליזירט זיין גאַנצע קונסט־קראַפט אויף משמח צו זיין די כלה אין גליקלעכן טאָג פון איר נייעם לעבן, ערב און נאָך איר גיין צו דער חופה, קען ער דאָך ניט אויסמיידן זיין יידישלעכע ווענדונג צו איר: „וויין, כלה׳ניו, וויין!"...

בראש פון יעדער שמחה ברענגט אַ ייד אַרויף דעם זכר פון חורבן אין סאַמע בכבודיקן פּלאַץ אין זיין פּריוואַט־וווינונג, פונקט אַזוי ווי אין הייליקן כלל־בנין, אין בית־מדרש, לאָזט ער איבער אַ ניט־אָפּגעשטוקאַטורטע סטעליע אָדער וואַנט־ווינקל, דאָס מינאָריקע פאַדערט זיין שכנות־רעכט אויך אין מאַזשאָר.

פאַר מינאָר און קרעכץ איז אָפּגעגעבן מער צייט און געלעגנהייט ווי פאַר מאַזשאָר און יום־טובדיקער פריידיקייט, הגם אויך אין די לעצטע, ווי געזאָגט, פאַרנעמען די ערשטע כסדר זייער אַריינמישונגס־אָרט: „כולו קרעכץ" איז פאָרט בעסער און וויליקער אין דעם יידנס אויגן איידער „חצי־קרעכץ", איידער „צוגאָב־קרעכץ", און דעריבער האָבן מיר טאַקע „כולו־קרעכץ"־טעג בשפע און אין מערצאָל: „ניין־טעג", „דריי וואָכן", ווען פורים, אַ שטייגער, אָדער שמחת־תורה זענען אין איינצאָל.

יעדער ייד, בכל־אופן אין די פריערדיקע דורות, איז געווען כל־ימיו דער היסטאָראָגראַף פון זיין משפחה, פלעגט פארצייכענען זאָרגפעלטיק יעדע וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פון זיין משפחה. פאר אָט דערדאָזיקער משפחה־כראָניק זיינער פלעגט ע״פ־רוב דינען דאָס שער־בלאַט פון געברויכלעכסטן ספר, וואָס איז שטענדיק געווען פאר די אויגן און האָט דעריבער אָפגעהיט פון פאַרגעסונג. דאָס שער בלאט פון סידור אָדער פון מחזור, — מיט וואָט איז אָבער צומערסטן געווען אָנגעפילט אָט די משפחה־כראָניק? — מיט יאָרצייטן און ניט מיט דאַטעס פון פאמיליע־שמחות, ווי חתונות און געבאָרן־טעג. אויך די משפחה־כראניק האָט מיט מער ליבע און פאר׳געניגטקייט איינגעזאפט אין זיך דעם קרעכץ איידער די פרייד־שאַלונג.

דער קרעכץ האָט באגלייט דעם יידישן מענטשן אלע מאָל און אומעטום — פון אָנהייבן אָטעמען ביז אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם.ביים יידישן מענטשן, ווי געזאָגט, איז דער קרעכץ סיי בכלל דאָמינירנדיק אין פרט פון כמות און סיי שטענדיק צוזאמענגעמישט אפילו מיט פרייד אין פרט פון איכות.

פונוואנען נעמט זיך אָט די־דאָזיקע צווייענדיקע ספעציפיק פון יידישלעכן קרעכץ ? — פון דעם, וואָס דער אלגעמיין־מענטשלעכער קרעכץ־דעפיציט און די אלגעמיין־מענטשלעכע באזאָרגטקייט, אינסטינקטיווער חשש־געפיל טאָמער וועט זיך ניט איינגעבן ווי געהעריק צו פאַרקלענערן אָט דעם דעפיציט זענען אַסך־אַסך קלענער פון די, וואָס ביים יידישן מענטשן. ביי אַלע מענטשן בכלל באציט זיך דער קרעכץ ניט נאָר צו די נאָענטע און אייגענעם צער און אומצופרידנקייט, נאָר אויך צום ווייטערן פריער און אויך צום קאָלעקטיוון צער, אויך צו צרת־הרבים, אָבער ביים יידישן מענטשן איז אָט די רעטראָס־פעקטיווע און פאַרגעמיינשאַפטלעכע אויסגעצויגנקייט פון קרעכץ אַסך־אַסך אַ גרעסערע. דער ראַדיוס פון דער יידישער געשיכטע איז אַ לענגערער און אָט די לענגערער יידישע געשיכטע איז נאָך צו דעם נאָך אַן אָנגעפראָפטע מיט ווייטיק און אומצופרידנקייט, מיט נייטיקייט אין קרעכץ־רעאגירונג.

אָ, ווען ס׳וואָלט דערפונדן געוואָרן א מיטל אויפצולייזן א יידישן קרעכץ, צו אנאליזירן זיין באשטאַנד און אויסצוגעפינען אין אים גענוי אלע געדיכט־תמציתדיק־אויפגעפו׳עסטע עלעמענטן, וואָלט זיך זיכער אַרויסגעוויזן, אַז אין יעדן הייִנטצייטיקן יידישן קרעכץ זענען נאָך פאַראַן אָפקלאַנגען־רעשטלעך פון עלטער־עלטער זיידעשן געוויין ביים חורבן בית־המקדש, ביי שפעטערע כלעריי עלילות־דם׳ס, ביי די אומציילִיקע אומעטומיקע גירושים און פאָגראָמען. אונדזערע עלטער־עלטער זיידעס אין אלע זייערע לאנגע דורות האָבן ניט באוויזן ווי געהעריק אויסצוקרעכצן זייער קרעכץ אין זייער צייט און איבערגעלאָזן עס צו טאָן זייערע אור־אור־אייניקלעך עד סוף כל הדורות.

וועגן כל־נדרי עקסיסטירט א סברא, אז אָט דער וווּנדער־מוסטער פון קאָלעקטיוון יידישן קרעכץ זאָל זיין צוזאמענגעהאָפטן נאָך פון די גסיסה־קרעכצן, וואס האָבן זיך בשעתם ארויסגעריסן פון אויסגעקרימטע, ספאַזמירנדיקע מיילער ביי די יידישע נשרפים פון די אינקוויזיציע־שייטערהויפנס אין שפאַניע. מיר

חזרן איבער אָט די קרעכצן אומעטום הונדערטער יאָרן נאָכדעם — און דער קאָלעקטיווער פאלק־צער איז נאָך אלץ ניט אויסגעשעפּט, דער קרעכץ־דעפיציט איז נאָך אַלץ ניט פאַרקלענערט אין קענטיקער מאָס. און דאָס אייגענע באדארף אריבערגעטאָגן ווערן פון אונדזער קרעכץ הגדול, וואָס אין „כל־נדרי" אויך אויף אלע קלענערע און געוויינטלעכע קרעכצן אונדזערע.

און וויפיל א יידישער מענטש זאָל ניט אינטענסיפיצירן זיין קרעכץ, וועט ער, אַוועקגייענדיק פון דער וועלט, איבערלאָזן אַ גוואַלדיק־גרויסן קרעכץ־דעפיציט, ער וועט נאָך אין די סאַמע לעצטע מינוטן פון זיין באַוווסטזיין־און געפיל־טעטיקייט מוזן הערן זיין אייגענעם קול צו זיין אייגענעם קרעכץ־חשבון:

— ניט דערקרעכצט!...

# א „טויטער סעזאָן" ווען ס׳זענען ניטא קיין טויטע

ס׳פעלט, כידוע, און ס׳מוז פעלן אינטערעסן־איינהייטלעכקייט ביי די באַשעפטיקטע אין פאַרשידענע פאַכן: וואָס ס׳איז גוט און געווונטשן פאַר איינעם איז שלעכט און שטערנדיק פאַר דעם אַנדערן. שפּאַסט טאַקי סאַרקאַסטיש אויף דעם חשבון דער יידישער פאָלקלאָר. יידישע אינדיווידועלע יום־כפור׳דיקע תפילות; איידער ס׳בדארף אַנטשיידן און פאַראויס־באַשטימט ווער׳ן אין הימלישן העכסטן געריכט דער גורל פון יעדן איינצעלן יידן אויף אַ גאַנץ יאָר, זענען די שערי־שמים־היטער, וואָס נעמען אויף אָט יענע אלע תפילות און רייכן זיי איבער צום גרינעם טיש פון די העכסטע ריכטער, אין געוואַלדיקער פאַרלעגנהייט, ניט געקוקט אויף זייער מלאכימדיקער מיושב׳דיקער נאַטור ווערן זיי שטאַרק מבולבל און קלאַפּן אַלע, אין סוף פון שווערן טאָג, אין דער הימלשער אַפּטייק, בעטנדיק אַ מיטל קעגן „מיגרען", קעגן קאָפּ־שווינדל... ווייל די יידישע אינדי־ווידועלע תפילות וואָס שטראָמען צו זיי פון אונטן אַרויף מיט געפילדער־קראַפט פון אַ שלאַקס־רעגן זענען כמעט אַלע סותר איינע די אַנדערע, שניידן זיך איין און מאַכן בלוט־ווונדן איינע אין דער אַנדערער. און גיי, דו שערי־שמים־היטער, און פאַררונדיק און גלעט אויס אַ גאַנצע ווילד־אַנגעהויפטע קופּע פון שאַרפע, שטאַרצנדיקע שפּיזן... איין ייד, אַ שטייגער, וואָס האַנדלט מיט הייך־געהילץ, בעט ס׳זאָל זיין אַ קאַלטער, שטאַרק־פראָסטיקער ווינטער, דער אַנדערער, וואָס שטייט האַרט נעבן אים אין בית־מדרש, בעט, פאַרקערט, אַז דער ווינטער זאָל זיין אַ לינדער, אַ וואַרימער, ווייל ער האַנדלט דאָך גאָר מיט מינים תבואה, וועלכע ווערט לייכט אָנגעגריפן און קאַליע פון דער קלענסטער קעלט...

אין אַבסאָלוט אַלע פאַכן איז פאַראַן אַן אַזוי־גערופענער „טויטער־סעזאָן", אַ מער אָדער ווייניקער־דויערנדיקע צווישן־צייט ווען קיינער באַדאַרף ניט די אויסאַרבעטונג פון דעם פאַך און די קאָנסומציע אויף איר שטעלט זיך איינגאַנצן אָפּ. דער סוחרישער אָטעם פון פאַך־באַשעפטיקטן ווערט אין אַזאַ „טויטן סעזאָן" — ניט פאַר קיינעם געדאַכט — אָסטמאַטיש אָפּגעהאַקט, קוים וואָס ער ווערט ניט דערשטיקט פון געצוווונגענער ליידיק־גייעריי.

פאַרנעמט דאָך אין דער גאַנצער לאַנגער, פיל־טעניקער „גאַמע" פון כלערליי פאַכן אויך דער קברנים־פאַך זיין פּלאַץ, — ראַדיקאַלע פאָליטיקער, באַקעמפער פון מלחמות, באַהויפּטן, אַז געוועזער־אינדוסטריעלער, די וואָס ציען זייערע ריזן־רווחים פון טויט, זענען עס די איניצירער און פאַרפלאָנטערער פון צווישן־פעלקערלעכע מלחמות. אָבער אויך אין גאָר־נאָרמאַלע, רויקע צייטן און אין די קלענסטע ישובים זענען דאָך פאַראַן „קאַלעגן" פון יענע גרויס־בורזשואַזע

געווער־אינדוסטריעלער אין פרט פון לעבן און טויט; דידאַזיקע „קאַלעגן" האָבן כלל ניט קיין פּרעטענזיעס אויף ריזן־רווחים, פאַראייניקן זיך ניט אין „טראַסטן" צום באַוויגן די וועלט־פּאָליטיק, זיי מישן זיך ניט אין קיין זאַך וואָס איז איבער זייער ענגן תחום, זיי זענען אַלע אָרעמע מסתפקים־במועט, פאַרדינען זייערע גראָשנס דורך שווערער אַרבעט, דאָס זענען די מענטשן פון קברנים־פאַך. —

ווען ס׳טרעפט זיך אַמאָל, ווי זעלטן ס׳זאָל ניט זיין, און מ׳הערט אויף אין שטעטל אין משך פון אַ געוויסער צייט צו שטאַרבן, האָבן זיי, אָט די קברנים, ניט וואָס צו טון. און אויך זיי דערפילן דעם ביטערן טעם פון „טויטן" סעזאָן, אַ „טויטער סעזאָן" דווקא ווען און ווייל ס׳איז ניטאָ קיין טויט...

אַלע — זאָגט איר — זענען פאַר „תחיית־המתים", אַלע גאַרן און וואַרטן, ווי אויף דער העכסטער ישועה פאַר דעם מענטשלעכן מין, ס׳זאָל סוף־כל־סוף דערהערט און אָנגענומען ווערן די תפילה וועגן „יבולע המוות לנצח" — ס׳זאָל ענדגילטיק פאַרשווינדן דער שטערבלעכקייט־פּלאָג, איז עס אָבער אַ טעות לגבי די „קאַלעגן" פון צוויי פאַכן, — ווען אָט די תפילה זאָל יאָ אָנגענומען ווערן, וואָלטן מלחמה־מאַכער, געווער־אינדוסטריעלער, פון איין זייט, און בידנע קברנים, פון דער אַנדערער זייט, געבליבן אָן אַרבעט און וואָלטן — די ערשטע צייט על־כל־פנים — אין אָט דער גרויסער ישועה געזען אַ גרויסן אומגליק... זיי וואָלטן אפשר יאָ איינגעגאַנגען אויף „תחיית־המתים", אָבער מיט דעם תנאי, אַז די ווידער־אויפגעלעבטע מתים זאָלן שפּעטער נאָך אַמאָל שטאַרבן, אַ שלום נאָך אַ מלחמה יאָ, אָבער בתנאי ס׳זאָל שפּעטער אַביסל אויסברעכן אַ נייע און נאָך שטאַרקערע און בייזערע מלחמה...

כ׳ווייס ניט, צי די אָרעמע קברנים וועלן זיך פילן געשמייכלט וואָס מ׳שטעלט זיי אין איין ריי מיט די שטאָק־רייכע געווער־אינדוסטריעלער, מעגלעך אַז ביי זייער תמימות און פּרעטענציעלאָזיקייט וועלן זיי זיך פילן אומאַנגענעם צווישן יענע „קאַלעגן", וואָס זאָל מען אָבער טון ווען אַ געוויסער באַרירונגס־פונקט איז פאָרט פאַראַן צווישן אָט די ביידע פאַכן? — און ס׳איז אַ באַרירונגס־פונקט אפילו מיט צוויי טייטשן: אַוודאי האָבן די באַשעפטיקטע מיט אָט די ביידע פאַכן קודם־כל אַ מאַטעריעלן אינטערעס צו זייער פאַך, דער איז אָבער ניט דער איינציקער אינטערעס, צו אים קומט צו מיט דער צייט אויך אַן אַזוי־צו־זאָגן „פּסיכישער" אינטערעס, אַן אינערלעכע זעלישע געניגטקייט. פונקט ווי אין אַלע פאַכן בכלל גילט אויך אין אָט דעם צווייאייניקן פאַך, ביי וועלכן זיינע באַשעפטיקטע „לעבן פון טויט", דאָס אינערלעך־זעלישע אַקטיווירטקייט פון „ליבע צו קונסט" ביים אויספילן דעם פאַך, — מעג דער צווייטער, דער „פּסיכישער" אינטערעס פון לכתחילה זיין אַ „צווייטער" ניט בלויז כראָנאָלאָגיש, נאָר אויך לויט זיין עצם־מהות, איז עס אָבער נאָר פון לכתחילה, שפּעטער, מיט דער צייט, באַפרייט ער זיך ביסלעכווייז און וואָס ווייטער אַלץ מער פון זיין אָפּהענגיקייט און ווערט אויטאָנאָם, גילט אפשר ווי אַ גלייכקרעפטיקער פאַקטאָר פונקט אַזוי ווי דער מאַטעריעלער אינטערעס. דאָס וועלן זיך פאַרנעמען מיט דעם פאַך צוליב זעלישער געניגטקייט ווערט אַ „צווייטע נאַטור", און די פּסיכאָלאָגישע פאָרשונג האָט שוין לאַנג פעסטגעשטעלט, אַז די קראַפט פון

„צווייטער" נאַטור קען ווערן ניט קלענער פון דער וואָס אין דער ערשטער נאַטור. לאָמיר אָננעמען, ווי געזאָגט, אַז די זעלישע געגנויגטקייט צום „לעבן פון טויט" איז ניט מער ווי אַ קינד, וואָס די מאַטעריעלע פרימערע פאַראינטערעסירטקייט האָט אויפגעכאָוועט פון עמבריאָנעלן צושטאַנד ביזן געבוירן ווערן. רייסט דאָך יעדעס קינד זיך אָפּ פון זיין מוטער־לייב ביים געבוירן ווערן, ווערט דאָך איבערגעהאַקט דער נאָפּל־שנור וואָס האָט אים פריער באַהאָפטן צום מוטער־לייב און ער, דאָס קינד, הויבט אָן לעבן און אָטעמען אויף זיין אייגענעם חשבון.

מען מעג און מען דאַרף אפשר אָט די זעלביקע געגנויגטקייט ביים קברן אַוועקשטעלן אויף אַ קלענערן גראַד איידער ביים געוועהר־אינדוסטריעלער, דאָס אויסגעכאָוועטע און געבוירענע „קינד" אין געשטאַלט פון אַ פסיכישן אינטערעס צום פאַך איז ביים קברן אפשר טאַקע אַ ראַכיטיש־שוואַכערס ביי זיין מוטער: די מאַטעריעלע פאַראינטערעסירטקייט, איידער דאָס ענלעכע „קינד" ביים געוועהר־אינדוסטריעלער, וואָס איז פון געבוירן־אָן שוין אַ שטאַרק צעוואַקסנס און פעסט־געבויטעס, אָבער אויך ביים קברן, אפילו ביים קברן ווערט אַזאַ קינד געבוירן און פירט זיין שפּעטערן לעבן ביז אַ געוויסער מאָס, ווי געזאָגט, אומאָפּהענגיק פון מאַטעריעלן אינטערעס; לעבט און געדייעט אויף זיין אייגענעם חשבון, ווי קליין און שוואַך אָט דער חשבון זאָל ניט זיין. אין דער שיינער קינסטלערישער ליטעראַטור געפינען מיר דאָך ניט ווייניק און ניט זעלטן טיפּאָלאָגישע שילדערונגען פון קברנים, וועלכע האָבן ליב זייער פאַך און פילן זיך אין אים אפילו הויכווערטיקער לגבי די באַשעפטיקטע אין אַנדערע פאַכן, זיי שעפּן פון זייער פאַך אפילו פילאָזאָפישע חיונה און מיינען, אַז זיי, דווקא זיי, פאַרשטייען מער איידער אַנדערע דעם זין־אומזין פון לעבן...

און וואָלט אַ פּסיכאָ־טעכניקער געשטעלט צום טעסט דעם קברן און דעם געוועהר־אינדוסטריעלער, וואָלט ביי זיי ביידן, ביי וועמען מער און ביי וועמען ווייניקער, זיך אַרויסגעוויזן אַ פון־אָנהויב־ווילן, אַ זעלבסט־באַשטימונג, אַ פאַר־געגנויגטקייט צום פאַך...

„לעבן פון טויט" אין דער פולער מאָס איז, אמת, מצד דער זעלישער פאַר־געגנויגטקייט, דער סימן מובהק ביי אָט די צוויי פאַכן, אָבער טיילווייז, אין ברוכצאָלן טרעפט זיך דאָך אָט דידאָזיקע פאַר־געגנויגטקייט צום „לעבן פון טויט", על־כל־פנים צום מהנה זיין דאָס לעבן און אים אינטערעסאַנטער מאַכן דורך טויט, ביי אַ שפּאַר־ביסל מענטשן אויך פון אַלע אַנדערע פאַכן, אויך יענע טריפן ברצון אַריין אַביסל שוואַרצן, קלעפּיקן „לעבן פון טויט"־דזעגעכץ אין זייערע מיכלומרשט זיסע האָניק־פעסער, אויך זיי זוכן, ווערן ציל־געריכטעטע פאַראורזאַכער פון צווישמענטשלעכע צאַנקענישן, מלחמות, אויך זייערע אויס־געאיידלטע הענט כאַפּן זיך אָפּט פאַרן טויט־סערפּ צום אונטערשניידן שלום־לעבן אַרום זיך... לאָמיר ניט איבערטרייבן און זאָגן, אַז ס'איז אַזוי ביי אַבסאָלוט־אַלע מענטשן, אָבער אַז גאָר־גאָר אַ גרויסער טייל, אפשר אפילו דער איבערוויגנדיק־גרעסטער טייל, פון די מענטשן איז אָנגעשטעקט מיט דעם קברן'ס־געוועהר־

אינדוסטריעלערס פאַרגענויגטקייט צום „לעבן פון טויט", מעגן מיר זיין זיכער, איז אַ פאַקט ניט צום אָפּלייקענען און פאַרטושן.

אַלע קענען מיר, למשל, די פאַרשפּרייט־מענטשלעכע גענויגטקייט צום חערשן, יענע גענויגטקייט וואָס איז אפילו פון געוויסע פסיכאָלאָגן גענעראַליזירט און דערפירט געוואָרן אַזש צו אַ פרימערער, אור־נאַטירלעכער דערשיינונג אין נאָרמאַלן פסיכישן לעבן. אַרויסגעהויבן געוואָרן פון אונטערגעאָרדנטן מצב „צווייטע נאַטור" ביז צו אַ „הערש־טריב", מיט וועלכן דער מענטש בכלל איז באַשאַנקען דורך זיין ערשטער נאַטור; מעג מען אָפּפרעגן אָט דידאָזיקע פסיכאָ־לאָגישע איינשטעלונג לגבי דער פסיכאָ־גענעזע פון אָט יענער הערש־גענויגטקייט און לגבי איר פאַרנעם צווישן מענטשן, אָבער אויף וויפל די דערמאנטע גענויגט־קייט פאַרנעמט אַן אָרט אין לעבן פון מערערע מענטשן איז זי דאָך פאַרקנסט מיט דער קברניש־געוווער־אינדוסטריעלישער פאַך־גענויגטקייט צום „לעבן פון טויט"... הערשן איבער יענעם הייסט אומבאַדינגט און אומפאַרמיידלעך אָפּרויבן, פאַרקלענערן ביי יענעם זיין לעבן, אויסשניידן ביי אים איבערגעוואַלד גאַנצע „אברים מן החי" — אנצווינגען אים סיסטעמאַטיש און מיט הנאה געוויסע טויט־דאָזעס.

יאָ, וועגן דעם אָקאָרשט־געברויכטן אויסדרוק: „טויט־דאָזעס" — „טויט" — פסיכאָ־פיזיאָלאָגיש גענומען — עקזיסטריט און טרעט אויף ניט בלויז אַלע מאָל אין זיין פולער מאָס, נאָר אויך אין קודמדיקן ביסלעכווייז. „אַ מענטש איז געשטאָרבן" באַטייט „דער פריערדיקער טיילווייזער טויט־פּראָצעס האָט זיך פאַרענדיקט", ווייל איידער ער איז „אָפּגעשטאָרבן" אינגאַנצן און ענדגילטיק איז ער שוין ביסלעכווייז און טיילווייז געשטאָרבן. ביי אַן אומגליקס־פאַל בשעת דער אַרבעט אָדער ביי אַ רייזע־עקצידענס שטעלן, כידוע, די מומחים מצד די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן פעסט וואָס פאַר אַ טייל לעבנס־פעיקייט, אַרבעטס־לייסטונג, דער געטראָפענער האָט פאַרלוירן, אַנדערש גערעדט: וואָס פאַר אַ טויט־דאָזע דער מלאך־המוות האָט אָנגעצוווּנגען דעם געטראָפענעם. דער הערשער, דער מאַכט־האָבער צווינגט כסדר די באַהערשטע אַן טויט־דאָזעס, הגם קיין איין פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט גיט זיך ניט אָפּ מיט פעסטשטעלן די מאָס פון אָט די אַלע „דאָזעס", ווייל אין אונזער איצטיקער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין וועלכער מען מעלאָדעקלאַמירט אַזוי פיל און אַזוי הויך וועגן מיכלומרטשער אַלגעמיינער מענטשן־פריינדשאַפט און מענטשלעכער גורל־געבונדנקייט, פאַלט קיינעם ניט איין צו צאָלן פאַרגיטיקונג פאַר דעם וואָס באַהערשטע פאַרלירן גאַנצע טיילן פון זייער לעבן, פאַר דעם טיילווייזן טויט־פאַרלוסט וואָס באַהערשער און מאַכט־האָבער זענען גורם זייערע קרבנות....

און דעם „הערש־טריב" געפינען מיר דאָך אַפילו צווישן די יעניקע, וואָס קומען אָנפירן מיט דער באַפרייאונגס־מלחמה קעגן הערשער און מאַכט־האָבער, ניט זעלטן — כ׳קלויב אויס אַ מילדן אויסדרוק, באמת וואָלט באַדאַרף געזאָגט ווערן: אַלע מאָל און אומעטום — ווערן אויך די פירער פון אַזאַ באַפרייאונגס־מלחמה אַליין באַהערשער און מאַכט־האָבער, אויך זיי ווערן „קאַלעגן" פון קברניש־געוווער־אינדוסטריעלישן פאַך־באַשעפטיקטן און לעבן פון גורם זיין ביי

אייגענע חברים טיילווייזן טויט־פּאַרלוסט. למען דעם פּולן און גאַנצן חשבון פון טויט בשעת און דורך אַ באַפרייאונגס־מלחמה באַדאַרף דאָך אָנגעווענדעט ווערן אַ טאָפּעלע אויסרעכנונג: נומער איינס — ענדגילטיקער טויט אויף באַריקאַדן, אין די טורמעס און אויף עשאַפאָטן, וואָס די דירעקטע קעגנער באַשטראָפן מיט דעם די „בונטאָווּשציקעס״, און נומער צוויי — טיילווייזער טויט, וואָס די אייגענע פירער־פריינד, אַליין געוואָרענע הערשער און מאַכט־האָבער, ברענגען זייערע חברים פון די מאַסן, זייערע אייגענע פּאַרטיי־אָנגעהער־ריקע דורך כלערליי געהייליקטע „גענעראַלע ליניעס״, אין פעטיש־פאַרוואַנדלטער „פּאַרטיי־דיסציפּלין״, דורך באַפוילערישע צענטראַל־קאָמיטעט־צירקולאַרן, וואָס טרעטירן און מאַכן צו וויסט און צונישט דאָס אינדיווידועלע געוויסן פון די מאַסן־חברים...

„טייל און הערש״ — שרייבט מען צו געוויינלעך דער סטראַטעגיק פון די בפירושע הערשער, די וואָס פאַרלייקענען ניט און פאַרמאַסקירן כלל ניט זייער הערש־טריב, אינדער׳אמת׳ן אָבער באַדאַרף געשטעלט ווערן פּאַראַלעל צו יענעם לאָזונג אויך „טייל און באַפריי״, וואָס די קעמפער קעגן הערשאַפט נעמען אַריין אין זייער סטראַטעגיק, אויך זיי באַזונדערס זייערע פירער, ווענדן זיך צו הערשאַפט, און ווען אפילו אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם, אונטער דער מאַסקע פון מיכלומרשטער באַפרייערישער צוועקמעסיקייט, צו הערשאַפט אין די אייגענע רייען. אויף די פאָנען פון די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פאַרטייען שטייט אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער (אָדער: פעלקער), פאַראייניקט זיך!״, בשעת די טרעגער פון אָט די פאָנען טוען אַלץ בכדי צו שפּאַלטן דעם פּראָלעטאַריאַט, אויסצובילדן וואָס ווייטער אַלץ מער זיך קעגנזייטיק־באַקעמפנדיקע פאַרטייען צווישן פּראָלעטאַריאַט גופא, צוצעקרישלען און צעפּיצלען די אייניקייט פון באַפרייאונגס־קאַמף. מ׳הויבט אָן מיט מלחמה קעגן אַנדערע און מ׳דערגייט צום ברידער־קאַמף, צו מלחמה אין די אייגענע רייען, ליפערנדיק דערביי מערערע געלעגנהייטן פאַר שאָדנפרייד דעם געמיינ־זאַמען שונא. די הערשעריש־בורזשואזע וועלט באַקומט כסדר אומזיסטע און וויכטיקע הילף פאַר איר הערשאַפטס־המשך און זיין פאַרשטאַרקונג אין דער אייגנאַרטיקער „פינפטער קאָלאָנע״, וועלכע קאָמפּלעקטירט זיך פון די צעשפּליטערטע כלערליי זיך קעגנזייטיק־באַקעמפנדיקע סאָציאַליסטישע און קאָמוניס־טישע פאַרטייען גופא. און לאָמיר זיין גערעכט לגבי אָט דער בכלל אומגערעכטער, פאַלש־צינישער הערשעריש־בורזשואזער וועלט: זי מעג וואַרפן אין פּנים דער צעשפּליטערטער קעגן איר געווענדעטער, באַפרייערישער וועלט אַזאַ מין כיכיקן מיט שאָדנפרייד: „איר מאָנט פון אונז מוותר זיין אויף הערשאַפט, ווען איר אַליין צווישן זיך גופא זענט אויף דעם ניט מוותר, איר ביטערט פאַראורטיילנדיק אונזער שפּאַלטן און טיילן די געזעלשאַפט, ווען אויך איר אַליין האָט זיך אַנטוווינט פון ביסל זיס וואָס אין אמת׳ער אייניקייט צווישן זיך גופא״...

דער כלל איז, אַז ווער ס׳פירט שטענדיק מלחמות, פאַר וועמען מלחמות איז אַ פערמאַנענץ־עניַן, אַ מין תכלית פאַר זיך, איז ממילא אַ „קאָלעגע״ פון

קברן און געווער־אינדוסטריעלער, וועלכע „לעבן פון טויט". און אויך די אַזוי־גערופענע „שלום־מאַכער" זענען דאָך אין זייער גרויסער מערהייט פּאַראינטערע־סירט אין פּערמאַנענטער מלחמה־פירונג, בכדי זיי זאָלן האָבן נאָך וואָס שלום צו מאַכן... הייסן זיי „פּאַציפיסטן" און וואָלטן צוליב מערערער פּינקטלעכקייט באַדאַרפט הייסן: „פּאַציפיקאַטאָרן" — „פּאַציפיסט" איז אַן אויסדרוק פון סטאַטיק, פון איינמאַליקייט, ווען „פּאַציפיקאַטאָר" מיינט אַ דינאַמישע, אַ דויערנדיקע פונקציע־אויספילונג, אַ „פּאַציפיסט" וויל ס'זאָל זיך האָבן איינגעשטעלט אַ שטענ־דיקער, אַן אייביקער שלום איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז די „אַנטשיידענע מלחמה", נאָך וועלכער ס'זאָל דערגרייכט ווערן דער געוווּנטשענער שלום, זאָל טאַקע זיין אויך די לעצטע מלחמה, דער פּאַציפיקאַטאָר, דאַקעגן, וויל שלום'ס אין מער־צאָל, נאָך דעם שלום ביים סוף פון איין מלחמה זאָל אָנקומען אַ נייע מלחמה און אויך דעמאָלט זאָל ווידער זיין נויטיק „מאַכן שלום". „מאַכן שלום" איז אַ מין פאַך, און ווי ביי יעדן אַנדערן פאַך ווירקט דער קאָנסומענטן־באַדאַרף אויף דעם המשך פון דער פּראָדוקציע — פאַרברויכט געוואָרן איין קוואַנטום פּראָדוקציע, מוז מען צוגרייטן אַ צווייטן, אַ דריטן קוואַנטום, אָן אויפהער, אָן איבעררייס. אדרבא, לאָזט איבער אַ „פּאַציפיקאַטאָר" אַמאָל אָן אַ מלחמה, אָן אַ נויטיקייט אין „מאַכן שלום", און ער וועט זיך פילן באַרויבט און פאַראָרעמט, ווי אַ געוועזענער גביר וואָס האָט באַנקראָטירט...

די פּאַציפיקאַטאָרישע מענטשן פון דעם מין האָבן זייער אייגענע פאַך־„טוגנט" אפילו אָנגעהאָנגען אין גאָר אַ גרויסן בוים, אין דעם אַלערהעכסטן בוים פון אַלע בוימער — אַפילו גאָט אַליין איז דאָך — ווי אין דער לויב־תפילה ווערט געזאָגט — אַן „עושה־שלום במרומיו" — ער מאַכט כסדר שלום, די וועלט האָט ער איין מאָל באַשאַפן און גענוג, שלום אָבער מאַכט ער כסדר, חזרט איבער און מאַכט פונדאָס ניי מאָל נאָך מאָל. נו, אַז אויב אויך אין די געטלעכע הימלען איז פּערמאַנענטע מלחמה און פּערמאַנענטע שלום־מאַכעריי, וואָס זשע זאָלן ערדישע מענטשן טון, אויב ניט גיין אין די אייגענע דרכים ?...

און די מענטשן האָבן דאָך מלחמות פון פאַרשידענע מינים, אויף אַזוי ווייט, אַז ס'פאָדערט זיך אַ קלאַסיפיקאַציע פאַר זיי — אַלע שיכטן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אין אַלע ריכטונגען פאַרכאַפּן אָט די מלחמות. ווי אַזוי און פאַרוואָס איז דער מענטש דערגאַנגען צו אַזוי פיל מלחמות ? — איז באַקאַנט די באַהויפּטונג, אַז די סיבה פאַר צוויי פון די דריי עיקר־מינים מלחמות: צווישן עקאָנאָמישע קלאַסן („קלאַסן־קאַמף") און צווישןביידע געשלעכטער זאָל ליגן בלויז אין דער הערשנדיקער געזעלשאַפטס־אָרדנונג (אָדער, ריכטיקער, אומאָרדנונג), מיט דער אָפּשאַפונג פון אָט דער אָרדנונג וועלן ממילא פאַרשווינדן אויך די מלחמות. אַנדערש איז מיט דער סיבה פון דריטן מלחמה־מין — די אַזוי־גערופענע „מלחמה צווישן עלטערן און קינדער", די מלחמה לויט דער ליניע פון עלטער־שטופן, פון יונג און אַלט, דאָ זאָל ליגן די סיבה אין דעם מענטשנס אור־נאַטור, אין די פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישע אונטערשיידן צווישן יונגן און עלטערן מענטשן. איז דאָך אָבער די גרעניץ־ליניע צווישן די ניט־

גלייכע סיבות פון די ערשטע צוויי און דעם דריטן מין מלחמות אַ געקינצלטע, זי איז סותר אַן אַנדער באַהויפּטונג, געמאַכט דורך די אייגענע פּסיכאָלאָגן, וועלכע פירן דורך אָט די גרעניץ־ליניע: די זעלביקע פּסיכאָלאָגן האַלטן דאָך אויך, ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, אַז דער הערש־טריב, אָט דער וואָס האָט געבראַכט צו דער עקזיסטירנדיקער „אָרדנונג״־אומאָרדנונג, זאָל זיין אַן אור־נאַטירלעכע נויגונג און אייגנשאַפט פון דעם מענטשן, אויב אַזוי קומט דאָך ממילא אויס, אַז די סיבה אויך פון די ערשטע צוויי מינים מלחמות, פּונקט אַזוי ווי פון דעם דריטן, זאָל באמת ליגן ניט אין אויסערלעכע פאַקטאָרן, וואָס מ׳קען און מ׳דאַרף באַזייטיקן, נאָר אין דער אינערלעכקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס מ׳קען זי, אָט די אינערלעכקייט, ניט ענדערן, בכל־אופן — ניט אזוי לייכט ענדערן. פונוואַנען־זשע נעמט זיך עס ביי די באַקעמפער פון דער איצטיקער אָרדנונג, אויב זיי האַלטן נאָר פון דער פּסיכאָלאָגישער באַהויפּטונג וועגן דער אור־נאַטירלעכקייט פון הערש־טריב, די זיכערקייט, אַז זיי וועט עס געלונגען אָפּצושאַפן יענע געגנזנפּיסלדיקע „אָרדנונג״ און פאַרבייטן זי מיט אַן אמתער אָרדנונג?...

אָדער אפשר איז גאָר דער גרונט־אמת אין דעם, אַז מענטשן האָבן זיך פּשוט צוגעוווינט צו מלחמות, אַז די אינערץ האָט אָט די מלחמות־„באַדערפניש״ פאַרוואַנדלט אין אַ צווייטע נאַטור און דערצו נאָך אַזאַ, וואָס די ערשטע נאַטור איז כלל ניט געווען קיין נויטיקייט פאַר איר? ווייסן דאָך אַגראָ־מומחים צו פאַרצייכענען, אַז צוליב פאַרוואָרלאָזטער באַציונג צו דער ערד קענען אויך אויף גוטן און געזונטן באָדן אָנהויבן וואַקסן ווילד־גראָזן, יענע וואָס שטאַמען ניט פון די נאַטירלעכע אור־אייגנשאַפטן פון אָט דעם באָדן, נאָר דווקא פון צופעליקע, אויסערלעכע סיבות, וואָס ווען זיי ווערן ניט באַזייטיקט אין דער רעכטער צייט וואַקסן זיי זיך פונאַנדער ניט בלויז אין דער לענג און ברייט, נאָר אויך אין דער טיף און קענען זיך אויסדאַכטן אַפילו ווי פאַראורזאַכטע דורך דעם באָדנ׳ס אור־נאַטור?..

די מענטשלעכע געזעלשאַפט האָט זיך פּשוט צוגעוווינט צו מלחמות און דווקא אין מערצאָל און אין פאַרשידענע ריכטונגען און מינים, און די צופעליקע, בעצם־איבעריקע ווילד־גראָזן פון אָט דער צוגעוווינטקייט האָבן זיך פאַרשפּרייט אין דער מאַסן־מענטשלעכער נשמה אין דער טיף, — און נאָך איידער די מלחמות־באַקעמפער, אַפילו זיי, זענען דורך זייער באַפרייאונגס־דראַנג לויז געוואָרן, ווי זיי ווילן — לויט זייער באַהויפּטונג, פון יענע מלחמות, האָבן זיי שוין צוגעגרייט אַ נייעם מין מלחמות: צווישנפּאַרטייאישע שטרייטיקייטן, ווי געזאָגט, אַפילו אין דער אייגענער סביבה. ממש ווי — להבדיל — ביי מאָנאַרכן־בייטונג: „געשטאָרבן דער מלך!״ און באַלד נאָכדעם: „זאָל לעבן דער מלך!״...

איז דאָך, ביי אָט דערדאָזיקער ביז־איצטיקער אינערץ־באַציונג פון מענטשן צו מלחמות, וועלכע ברענגט אויך צו כאָווען און פלעגן מלחמות־המשך, און ווען אַפילו אין סוראָגאַטיווער פאָרם, אין פאָרם פון צוגרייטן נייע ממלאי־מקום פאַר אַלטע מלחמות, אויך אַזאַ עווענטועלע מעגלעכקייט איז ניט קיין זאַך פון בלויזער פאַנטאַזיע: ווען ס׳וואָלט געלונגען, — די היינטיקע דערפינדערישע

טעכניק שאַפט דאָך וווּנדער! — ס׳זאָל ווערן דערגרייכלעך די אָפּשאַפונג פון אַלטקייט, אויך דאַמאָלס זאָל דער דערמאַנטער דריטער מין פון די הויפּט־מלחמות, די „מלחמה צווישן אַלט און יונג״ ניט פאַרמיטן געוואָרן, ווייל אין דער אייגענער צייט ווען אין אַלע מושב־זקנים׳ס זאָל מיט דעם פולסטן דערפאָלג דורכגעפירט ווערן די וואָראָנאָווּשע פאַריונגערונגס־אָפּעראַציע, זאָלן אין אַלע זויג־קינדער־אַנשטאַלטן ביי די קליינע קינדער מיט אַמאָל זיך צעקנייטשן די פנימער און אויסוואַקסן לאַנגע בערד פון זקנים... און אַלץ צוליב דעם, אַז אויך דער מין מלחמה זאָל פאַרגעזעצט ווערן...

אַזאַ איז געווען דער מצב ביז איצט, ער טאָר אָבער ניט בלייבן אַזאַ אויך אויף ווייטער, דער עיקר — ס׳איז אַבסאָלוט פאַראַן די מעגלעכקייט, ס׳זאָל ניט בלייבן שטענדיק, אייביק אָט דער מצב. כ׳קאָנטראָליר זיך אַליין: ווען איך פאַרענדיק מיט אָט דעם זאַץ די אָפּהאַנדלונג, טו איך עס דען לויטן טראַפאַרעט פון אַ מגיד, וועלכער ווייכט אָפּ בכוונה די טרויעריקע האַרטקייט פון זיין דרשה וועגן „צוויי טויזנט יאָר יידן אין גלות״ מיט אַ מונטערנדיקן, פאַרגיטיקנדיקן „ובא לציון גואל״? און איך קום צום שלוס: ס׳איז ניט אַזוי. פאַר דער פאַרשווינדונג פון מלחמות אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז פאַראַן אַן אָנהאַלט דווקא אין דער אור־נאַטור פון מענטשן, אין דער ניט קינסטלעך געפּעלשטער און פאַרדרעגטער אור־נאַטור. אין דעם אידעאָלאָגישן מחלוקת צווישן די אָנהענגער פון דאַרווין און קראַפּאָטקין איז דער אמת דווקא ביי די לעצטע: דער אור־יסוד פון מענטשן איז אין קעגנזייטיקער הילף און ניט אין יענער אכזריותדיקער סעלעקציע, ביי וועלכע די שטאַרקערע מוזן איינשלינגען די שוואַכערע. איז די צרה בלויז אין דעם, וואָס מיט דער צייט איז די פּשוטע, איינשיכטיקע מענטשלעכע אור־נאַטור פון קעגנזייטיקער הילף, צוליב צופעליקע סיבות, אויפגעוויקלט און אויפגעדריקט געוואָרן קינסטלעך אין אַ גאַנצער פּילשיכטיקער פּרוזשינע פון בייזער „סעלעקציע״, בלייבט דעריבער נאָר איבער אויפצועפענען אָט די פּרוזשינע, לאָזן זי זיך אויסגלייכן, פּטור צו ווערן פון איר דרוק און מ׳באַדאַרף גלויבן אין מענטשנס דערוואַכטן ווילן: ס׳קען און ס׳וועט געשען. מענטשן וועלן סוף־כל־סוף אויפהערן מורא צו האָבן פאַר דעם „טויטן סעזאָן״ ווען ס׳זעבען ניטאָ קיין טויטע״, וועט דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן ווערן איינאיינציק אַ לעבעדיקער סעזאָן. און ווי פרומע יידן זאָגן וועגן משיח׳ן: הגם ער זוימט זיך מיט זיין קומען, וועט ער דאָך סוף־כל־סוף קומען.

# BIS!, — איבערלעבונג!

אַזאַ איז שוין דער נאַטירלעכער, דער לייכט־דערקלערלעכער זכות יוואָס איז צוגעטיילט געוואָרן יעדער איבערלעבונג, איר באַזיצער זאָל אומעטום און שטענדיק זיין זיכער אַין איר מיכלומרשט־אַבסאָלוטער איינמאָליקייט, און מעג אַ געוויסע איבערלעבונג אפילו האָבן זיך איבערגעחזרט N (ען) מאָל, מעג יעדע איינע פון אָט דידאָזיקע איבערחזרונגען זיין באמת ניט עטוואָס אַנדערש ווי אַ נייע אויפלאַגע פון אַן עלטערער, פריערדיקער דערשיינונג, ווייזט זי זיך אויס דעם בעל־האיבערלעבונג ווי אַ בת־יחידה, ווי אַ מין „ערשטער־דרוק״־דערשיינונג. אויף יעדער איבערלעבונג בכלל, אָן צו לייגן אַכט אויף דע־קאָנווענציאָנעל־אָנגענומענער געקעסטעלטער פאַרטיילונג פאַר פאַרשידענע סוגים פון נשמה־טעטיקייט, וואָס ווערט אין רוסישן פאָלקלאָר פסיכאָלאָגיש־אינטואיטיוו גאַנץ־טרעפלעך געזאָגט וועגן דער ליבע־איבערלעבונג, דהיינו: „יעדע ערשטע ליבע ווייזט זיך אויס איר באַזיצער דורכאויס ווי אַ לעצטע, און פונקט אַזוי — יעדע לעצטע ליבע ווי אַ דורכאויס־ערשטע״.

און אויב מיר האַלטן שוין ביי אַסאָציאַציע צווישן איבערלעבונגען־בכלל און דער סעקסועלער ליבע־איבערלעבנוג ווי אַ פרט, וועלן מיר גיין נאָך איין טריט ווייטער און פעסטשטעלן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן יעדן באַזיצער פון יעדער איבערגעחזרטער, צוריקגעקומענער איבערלעבונג בכלל און דעמיעניקן וואָס האָט, נאָך אַן איבערייס, נאָך אַמאָל חתונה געהאַט מיט זיין אייגענער גרושה און פילט דערביי פריש־קוואַליקע חתן־פרייד ווי ביים ערשטן מאָל גיין צו דער חופה.

די איינמאָליקייט־עמפינדונג ביי יעדן בעל־איבערלעבונג לגבי יעדער איבערלעבונג זיינער בכלל איז אַליין און פאַר זיך אַן איבערלעבונג, אַ צוגאָב־איבערלעבונג צו דער וואָס זי איז מיט איר באַהאָפטן, זי איז אָבער ניט מער ווי די סוביעקטיווע עמפינדונג פון איר באַזיצער, אָביעקטיוו־גענומען איז אָט די מיכלומרשטע איינמאָליקייט ניט מער ווי אַ געקינצלטער יוגנט־גרים אויפן צעקנייטשטן פנים פון מערמאָליקייט, אַ מין בן־יחידישע איינרעדעניש ביי איינעם אַ מיטגליד פון אַ מטופלער פיל־קינדערדיקער משפחה, פון „אַ געזינד זאַלבע אכט״ און אַמאָל אַפילו פון „אַ געזינד זאַלבע אַכט מאָל אַכט״...

אין איר תוך, אין עצם וועזן אירן איז דאָך יעדע אָן־אויסנאַם איבער־לעבונג אַ עמאָציע, די צאָל עמאָציעס איז אָבער זייער־זייער באַשרענקט אין דער מענטשלעכער נשמה־טעטיקייט, אַזוי ווייט כמותדיק־קנאַפּ אַז ממש „אַ יינגל

וואָלט זיי געקענט איבערציילן". „וואָלט געקענט" אין פאָרם פון מיטלבאַרן תנאי און ניט „קען" אין פאָרם פון דירעקטן פאַקט ווערט געזאָגט אין פאָריקן זאַץ בלויז דערפאַר, וואָס די וויסנשאַפטלער פון דער פסיכאָלאָגיע האָבן צו טון דווקא מיט אַ גוואַלדיק־גרויסער „גאַמע" פון עמאָציעס, — אויך זיי, ווייזט אויס פון קנאה און דעריאָגן־איבעריאָגן־דראַנג צו זייערע קאָלעגן אויף די געביטן פון די פיל־עקזאַקטערע נאַטור־ און טעכניק־וויסנשאַפטן (פאַראַן אָפט אַ נויטיקייט אויך אין דער פסיכאָלאָגיע פון פסיכאָלאָגן, אַזאַ מין ספּעציעלע אָפּצווייגונג פון אַלגעמיינעם פסיכאָלאָגישן בוים, אַזאַ מין עקסטראַ־„אינדיווידואַל־פסיכאָלאָגיע", וואָס באַציט זיך צו פסיכאָלאָגן גופא און די לעצטע זענען — ניט ווי אַלע מאָל — ניט בלויז די סוביעקטן, נאָר בעיקר טאַקע די אָביעקטן פון דער פסיכאָלאָגישער פאָרשונג!), אויך זיי זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם סותרדיקן טאָפּל־שפּיל, וואָס צווישן אינטענסיפיצירטער דיפערענצירונג, פון איין זייט, און דער שטרעבונג צום אויפקלערן און דערווייזן דעם מאָניזם, פון דער אַנדערער זייט, וואָס ווייטער ווערט טאַקע אַלץ קלאָרער און אַקטועל־נויטיקער, אַז „פאַראייניקנדיקער מאָניזם איבער אַלעס" איז דער וויכטיקסטער ציל, ממש ביז צום צוריקקער צו דער אַלט־גריכישער אויפפאַסונג פון „סאָפיע" — געאייניקטער און איינהייטלעכער וויסן וואָס די מערערע איינצל־וויסנשאַפטן זענען נאָר זיין אַנטפּלעקונג, בחינת איין פּנים אין אַ סך שפּיגלען, און צוגלייך מיט דעם גילט אויך דער אימפּעראַטיוו: „כל המרבה בשפיגלען הריהו משובח" — און די דיפערענצירונג און צעפּיצלונג ווערט ווי אַ מין מיטל צום ציל. די דיפערענצירונג אַליין, הייסט עס, זאָל דערנענטערן צום נויטיקן מאָניזם, וואָס מער בוימער (און אַמאָל אַפילו בלויז דעקאָראַטיווע, אָפּנאַרערישע, יעקאַטערינישע „בוימער"), אַלץ קאָנצענטרירטער און אין זיך געשלאָסענער זאָל ווערן דער וואַלד...

ווערט דאָס אייגענע געטון, פּונקט אַזוי ווי אויף אַסך אַנדערע פסיכאָלאָגישע (אַנאַלאָג צו נאַטור־ און טעכניק־) געביטן אויך לגבי עמאָציעס: ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גוואַלדיק־גרויסע און קאָמפּליצירטע „גאַמע" פון עמאָציעס. אינדעראמתן אָבער באַשטייט זי, אָט די „גאַמע". כלל ניט פון אַזוי פיל, ווי ס'דאַכט זיך, גרונט־טענער, איר פּילצאָליקייט באַשטייט פון עלעמענטאַר־טענער, געשפּאַלטענע אויף מערערע ברוכצאָלן טענער־ניואַנסן ווערן אויפגעפאַסט ווי מיכלומרשט־זעלבשטענדיקע גרונט־טענער.

ווען מיר זאָלן, אַדרבא, קריטיש צוגיין צו דער שפּע־צאָל פון עמאָציעס, ווי זיי ווערן געוויינלעך געברויכט אין דער פסיכאָלאָגיע, וועלן מיר מוזן אויסגעפינען אַ שטאַרקע ענלעכקייט צווישן זיי און די נעמען פאַר געשמאַק־ און ריח־קלאַסיפיצירונג אין דער חושים פסיכאָלאָגיע: יעדער פאַרזוכס־פּערזאָן וועט לייכטער און גיכער אָנרופן אַסך מער נעמען פון וויזואַלע, אַקוסטישע און מאַטראָישע איינדרוקן איידער די ווייניק נעמען פון געשמאַק־ און ריח־איינדרוקן, און דאָס איז פּשוט דערפאַר, ווייל די געשמאַק־ און ריח־חושים זענען הינטערשטעליק די איבעריקע דריי חושים איז מעגלעך מאַכן אַ היפּשן איינדרוק־

אויסוואַל, ביז־גאָר אַ קליינע צאָל גרונט־איינדרוקן קענען די חושים פון געשמאַק און ריח ברענגען מיט זיך.

וואָס וועט אָבער טון די פּאַרזוכס־פּערזאָן נאָכדעם ווי זי וועט זיך איבער־צייגן אין דער צאָל־דיפערענץ צווישן די חוש־הטעם־והריח־איינדרוקן און די איינדרוקן פון די איבעריקע דריי חושים און ניט לטובת די ערשטע און וועט וועלן דורכאויס „דעקן דעם דעפיציט" און אויספילן דעם בלויז? — זי וועט בדלית־ברירה זיכער מוזן פּאַרוואַנדלען ניואַנסן, שפּליטערן פון איינדרוקן אין מיכלומרשט־זעלבשטענדיקע און גאַנצע איינדרוקן, צו „זויער", אַ שטייגער, וועלן צוגעגעבן ווערן „ווייניק", „עסיקדיק", „זויער־זיסלעך" (ווי אין דער יידישלעכער קולינאַריע: „זיס־זויערעס פלייש־געבראָטנס") א. אז. וו., ד. ה. געשמאַק־ריח־איינדרוקן, וועלכע זענען געליען גאָר פון אַנדערע פּאַראור־זאַכנדיקע געגנשטאַנדן אָדער אַזעלכע, וואָס זענען בלויז גראַדואַציעס, טייל־פּאַרצייכענונגען פון איין־און דעמזעלביקן עלעמענטאַר־איינדרוק. מיט די איינדרוקן פון די חושי טעם און ריח איז עס באַזונדערס לייכט צו טון ד'ערפּאַר, וואָס ביידע חושים זענען אָרגאַניש־אַפּאַראַטיוו פּאַרבונדען צווישן זיך און זענען ביידע אַ כמעט צוויי־אייניקער חוש. דאָס אייגענע איז מיט דער געדאַכטער פיל־גלידערדיקער פּאַרטיילונג פון עמאָציעס. ווען מ'זאָל, למשל, צו דער עמאָציע „ליבע" צוגעבן אויך „צונייגונג", „סימפּאַטיע", „אַכפּערונג" וכדומה, וועלן אָט די אַלע צוגאָבן באַטייטן אַסך ווייניקער באַצייכנונג פון נייע עמאָציעס איידער די באַצייכנונג פון גראַדאַציעס אין איין דערזעלביקער עמאָציע. ס'וועט גיכער זיין אַן אָנהויבונג פון סינאָנימען. אַ־לאַ „אמת ויציב ונכון א. אז. וו." איידער די אויסברענגונג פון נעמען פאַר נייע עמאָציאָנעלע וועזנס, דער אמת פון „אמת ויציב ונכון א. אז. וו." איז סוף־כל־סוף איין אמת.

דער אמתער פול־ווערט פון דער עמאָציע, פון דער עלעמענטאַרער זעלבשטענדיקער עמאָציע, די, אַזוי צו זאָגן, „96'ער גאָלד־פּראָבע" אירע, איז דורכאויס אין איר „וואָס" און ניט אין איר „ווי אַזוי", — דער „ווי אַזוי" איז די אָרט־ און צייט־ראַם, אין וועלכער די עלעמענטאַר־עמאָציע איז איינגעפּאַסט, ווו און ווען די עלעמענטאַר־עמאָציע ווערט אַנטפּלעקט, אין וואָס פאַר אַן אומ־שטענדן־צוזאַמענטרעף און ביי וואָס פאַר אַ צייט־אָפּשניט פון מענטשנס לעבנס־עלטער — דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ זייטיקער, באַדינגטער נעבן־שאָלעכץ, וואָס ניט ער ענדערט דעם עמאָציע־קערן, נאָר דערווייטערט בלויז פון אויפפּאַסן אָט דעם קערן אין זיין ניט־געענדערטן וועזן. פון דעם נאָר וואָס מ'פאַרבייט ניט ווי ס'באַדאַרף צו זיין דעם עמאָציע־„וואָס" מיט דעם עמאָציע־„ווי אַזוי" קומט אַרויס די דאַכטונג וועגן מיכלומרשטער, וועגן איבערטריבענער מער־צאָליקייט פון עמאָציעס.

אַוודאי איז, למשל, די פילמאָל־איבערגעחזרטע שרעק־עמאָציע אין מענטש־לעכן לעבן אַנדערש יעדעס מאָל מצד איר „ווי אַזוי", — ס'איז ניט גלייך די ערשטע, פריי־קינדערשע איבערשרעקונג פון אַ פּלוצימדיקן איבערדרוקן ס'וויגעלע אין צימער, פון מיט אַ קלאַפּ פאַרמאַכטער טיר אָדער פון דערזען אַ פרעמדן

מענטשן אין אַ פּורים־מאַסקע מיט בכוונהדיקער דיספּראָפּאָרץ אין די פּנים־טיילן: אַ לאַנגע, אויסגעקרימטע שופר־נאָז צווישן צוויי קאָמיש־קליינע פליגן־אויגן איבער גראָבע, אַנגעבלאָזענע פּעסלעך־ליפּן צום פחד וואָס אַ היראָשימאָער אַלטער, אויסגעפּרוווטער יאַפּאַנער האָט געהאַט ווען ס'האָט זיך אויפגעריכן די אַטאָם־באָמבע. און פונדעסטוועגן איז די פחד־עמאָציע אין אָט די ביידע פאַלן מצד איר „וואָס", מצד איר גרונט־וועזן די זעלביקע עמאָציע! —

די צאָל גרונט־עמאָציעס אין מענטשלעכן לעבן איז, ווי געזאָגט, זייער קליין און באַשרענקט, דאָס מענטשלעכע לעבן איז אָבער פאַרהעלטניסמעסיק לאַנג און ליפערט אַסך־אַסך „ווי אַזוי'ס" פאַר איבערגעחזרטן גרונט־„וואָס", אַסך פאַרשידענע אומשטאַנד־צוזאַמענטרעפונגען און פאַרשידענע צייט־איבערקריי־צונגען, וואָס דינען כסדר ווי אַ ציל־ברעט פאַר דער פילמאָל־טרעפנדיקער און זיך אומקערנדיקער עמאָציע־קויל. די עמאָציע איז געגליכן צו יענער ראַקעטע, וואָס רייסט זיך אויף אַסך מאָל איינע נאָך דער אַנדערער, נאָך געוויסע צייט־הפסקות און אויף פאַרשידענע ערטער אויף דעם פאַרוויילונגס־פּלאַץ. ווערט טאַקע איין און דיזעלביקע גרונט־עמאָציע אַסך מאָל איבערגעחזרט אין מענטשלעכן לעבן, — דידאָזיקע איבערחזרונג — ווען פאַראַלגעמיינערנדיקע, מאָניזם־פעסטשטעלנדיקע פילאָסאָפן מיט רעכט באַהויפּטן — איז בכלל אַ מוז־דערשיינונג, אַ פּרט־איבערחזרונג בתוך אַ כלל־איבערחזרונג, ווייל דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, פּונקט אַזוי ווי די גאַנצע נאַטור, דער גאַנצער וועלטאַל אין אַלגעמיין באַשטייט פון לויטער איבערחזרונגען, פון „אין כל חדש", פון „וואָס געווען איז און וועט זיין", און פאַרוואָס? ווייל דעם מענטשן פעלט „אין־סוף"־אויפפאַסונג, ווייל אַלץ האָט און מוז זיין אין זיינע אויגן צוזאַמענגעפּרעסט צווישן אַנהויב־ און סוף־תחומים, און איז די עצם־צאָל פאַקטן, אָט דער רוי־שטאָף פאַר קאָמבינירונגען, באַשטימטע, אַ סופיקע, מוז ממילא אויך די צאָל קאָמבינירונגען זיין אַ באַשטימטע, אַ סופיקע. נאָך דעם ווי די צאָל קאָמבינירונגען איז אויס־געשעפּט, הויבט זיך ממילא אָן די איבערחזרונג. אַ ריי פאַקטן, למשל: אבג מוז דאָך האָבן אויסגעשעפּט און אויסגעענדיקט געוואָרן אין איר קאָמבינירונגס־פאַרשידנהייט — 1) אבג, 2) אגב, 3) באג, 4) בגא, 5) גאב, 6) גבא און וואָס וועט זיין ווייטער, נאָכדעם ווי אַלע זעקס קאָמבינירונגען האָבן זיך שוין געהאַט פאַרענדיקט? — הויבט זיך אָן דאַמאָלס די אייגענע ריי אבג ווידער צו דרייען אַרום דער אַקס פון שוין דורכגעמאַכטע קאָמבינירונגען. ס'קומט ממילא די איבערחזרונג...

די עמאָציעס, די איבערלעבונגען ווערן, אַלזאָ, איבערגעחזרט אין מענטש־לעכן לעבן סיי־ווי, מיט זייער אייגענער אינערץ־קראַפט, אַפילו אָן דעם דער מענטש זאָל עס וועלן, זאָל אויפפאָדערן ווייליק און ציל־געריכטעט זייער מערמאָליקייט, אָן דעם ער זאָל זיך ווענדן צו זיי און באַפעלן, בעטן: „ביס!" —

איז אָבער פאַראַן אויך אַ צווייטע פאַזע ביי אָט דער סיי־ווי'איקער איבער־חזרונג, אויך אַזאַ וואָס קומט שוין לויטן מענטשנס באַשטעלונג, לויט זיין דורך ווילן דיקטירטן „ביס!". צו אָט דער פאַזע געהערט די זכרון־רעפּראָדוקציע פון

געוועזענע איבערלעבונגען, — ניט יענע זכרון־רעפּראָדוקציע וואָס ווערט אויפגעטויכט און דערוועקט, ווי אין ס׳רוב פאַלן, ווי פון זיך אַליין, אָן דעם מענטשנס פאָרבאַשטימענדיקן ווילן, אָן „מחשבה קודמת למעשה״, נייערט די אַנדערש־אַרטיקע זכרון־רעפּראָדוקציע, וואָס דער מענטש וויל זי און ברענגט זי ציל־געריכטעט אין באַוועגונג.

אַלע מאָל ציען זיך טאַקע אין מענטשנס נשמה־טעטיקייט טראַנסמיסיע־פּאַסן צווישן „היינט״ און דעם מאָטאָר פון פריערדיקן, נעכטיקן געשעען, געווען אָן אַנטשפּרעכנדיקער ריר אין געהעריקן פּלאַץ פון אָט דער טראַנסמיסיע־סיסטעם, און דער מאָטאָר הויבט אָן ווידער צואַרבעטן און דורך די טראַנסמיסיע־פּאַסן ווערט גלייך דאָס נעכטיקע געשעען נאָך אַמאָל זכרונדיק באַנייט און איבערגעטראָגן פון נעכטן אין היינט אַריין, איז אָבער דערביי וויכטיק צו אונטער־שיידן פון וועמען און פונוואַנען אָט דער אַנטשפּרעכנדיקער ריר ווערט געמאַכט — צי פון אַ צופעליקער אַסאָציאַציע, פון אַ זייטיקער באַוועג־קראַפט אָדער פון מענטשנס ווילן אַליין. לעולם איז טאַקע די מענטשלעכע נשמה פאַרנומען צוגלייך מיט דער ניי־פּראָדוקציע אירער אויך מיט אָפּפרישן אַלטע, אַמאָל שוין געהאַט געשאַפענע פּראָדוקציע, יעדנס נשמה־טעטיקייט באַשטייט אין אַ געוויסן טייל אירן אויך פון „מחיה־מתים״־זיין אַלטע, וועסט־אָפּגעשטאַרבענע, פאַרגאַנ־גענע־פאַרשוווּנדענע איבערלעבונגען, איז אָבער דערביי נויטיק צו אונטערשיידן דעם מענטשנס ווילן־באַטייליקונג אין אָט דעם פּראָצעס פון אָפּגעפרישטער אַלטער פּראָדוקציע, צי דער תחיית־המתים פון געוועזענע איבערלעבונגען קומט בדרך־נס, פּלוצים און ווי פון זיך אַליין אָדער דורך עפּעס אַ פון־אויסן, מחוץ דעם מענשנס ווילן שטייענדיקער מיסטעריעזער השגחה פּרטית, אָדער אפשר איז דער מענטש אַליין דער וואָס וויל עס און באַשטעלט עס.

דאָ אין אונזער פאַל האָבן מיר בדעה די צווייטע מעגלעכקייט פון זכרון־רעפּראָדוקיצע, די וואָס קומט מיט דעם אייגענעם מענשנס ווילן, לויט זיין אייגענער באַשטעלונג ביי זיך אַליין.

פאַראַן דאָך אַזוי פיל פאַלן אין מענטשלעכן לעבן, ווען ער, דער מענטש, ווערט געגליכן צו דעם אלט־תנ״כישן שאול המלך דאַמאָלס ווען יענער איז געקומען צו דער בת־אוב און האָט ביי איר געבעטן, באַשטעלט זי זאָל אים מחיה־מתים־זיין שמואל הנביא, נאָך איין מאָל קאָנקרעטיזירן־מאַטעריאַליזירן שמואל׳ס נאָנטקייט, — מיט דעם אונטערשייד בלויז וואָס שאול המלך האָט זיך ביי אַ טראַגישער נויטיקייט געווענדעט צו פרעמדער הילף, ווען ער, דער סתם־מענטש, יעדער מענטש, שטענדיק און אומעטום, טוט עס ניט בלויז ביי טראַגישער געלעגנהייט (הגם דאָס עצם אָנקומען צו תחיית־המתים פון געוועזענעם געשען איז אין זיך אַלע מאָל געווען טראַגיש!) און ווענדעט זיך שוין ניט צו פרעמדער הילף, נאָר צו זיך אַליין, צו זיין אייגענעם זכרונות־אַרסענאַל, ער ווערט פאַר זיך אַליין אַ „בת־אוב״...

מענטשן ווילן זיך דערמאָנען אין דעם וואָס ס׳איז אַמאָל געשען אין זייער לעבן, לאָזן זיי זיך אָפּט וויליק אין אַ רעטראָספּעקטיווער רייזע צוריק

צום נעכטן־אייערנעכטן זייערן, ווילן נאָך אַמאָל דורכלעבן דאָס וואָס זיי האָבן שוין געהאַט מיט אַ צייט פריער איבערגעלעבט. אַט דידאָזיקע רעטראָספּעקטיווע זכרונות־רייזעס זענען, ווי באַוווּסט, באַזונדערס הויפיק און אינטענסיוו אין לעבן פון עלטערן מענטשן, דעמיעניקן וואָס צוליב קנאַפקייט אין היינט „עסט ער קעסט" ביי זיין אייגענעם נעכטן, קאָמפּענסירט זיין היינטיקע איבערלעבונגס־קראַפּטלאָזיקייט מיט רעפּראָדוצירן נעכטיקע פול־קרעפטיקייט אויפן געביט פון איבערלעבונגען. אין שווערע, אויסגעליידיקטע טעג, אין שווערע שלאָפלאָזע נעכט ווערט יעדער זקן ווי אחשוורוש בשעתו להוט נאָך עפּעגען און פונאַנדערוויקלען מגילות וועגן אַל־געוועזענעם אַמאָליקן געשעען, בכדי זיי נאָך אַמאָל אָפּצופרישן און ווידער אַמאָל איבערצולעבן. דער זיך פאַרמערנדיקער סקלעראָז פון זקן פאַרקירצט וואָס ווייטער אַלץ מער דעם ראַדיוס פון אָט די רעטראָספּעקטיווע זכרונות־רייזעס. ניט אין גאַנצן אַמאָל דערמאָנט זיך דער זקן און ניט אין דער פולער באַטירלעכער רייען־פאָלגע איז ער מחיה־מתים אַלדאָס פריערדיקע געשען פון זיין לעבן, נאָר בלויז געוויסע קליינע טיילן פון דעם אלעם, און צו די קומט ער אָן ביי זיין זכרונות־רייזע דורך „קפיצת־הדרך" — שפּרינגט איבער און היפּט איבער וואָס פאַר דעם, ע"פ־רוב קאָנצענטריט זיך ביי אַזאַ זקן די זכרונות־רעפּראָדוקציע אויף דווקא דער פריסטער־קינדהייט זיינער...

די זכרון־רעפּראָדוקציע פון געוועזענעם איז אָבער פאַראַן אין לעבן פון יעדן מענטשן בכלל, ביים ייִנגערן פונקט אַזוי ווי ביים אַלטן, ווייל יעדער מענטש בכלל וויל אָפּט איבערלעבן נאָך אַמאָל דאָס דורך אים שוין געהאַט איבער־געלעבטע, ער באַשטעלט אַליין די איבערחזרונג, ער רופט אַרויס די שוין־געוועזענע איבערלעבונג אויף „ביס".

וויאַזוי־זשע ווייזט אויס אַזאַ ביסירטע איבערלעבונג? צי איז זי באמת אידענטיש מיט איר מקור אָדער ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן זיי ביידן, ס'זאָלן אין דער ביסירטער איבערלעבונג זיין סיי בלויזן און סיי צוגעקומענע עלעמענטן אין פאַרגלייך מיט דער מקור־איבערלעבונג? —

אַליין דער איבערלעבונג־ביסירער גופא קען ניט מאַכן אָט די פאַרגליי־כונגען אַפילו מיט רעלאַטיוו־אָביעקטיווער זיכערקייט, ער אַליין איז אין דעם פּרט זייער זעלטן און באַשרענקט אַ באַגלויבטער עדות, וואָרום ווי דואַליזירט־געשפּאָלטן ס'זאָל ניט זיין די דענק־ און געפיל־פעיקייט אַפילו ביי די געציילטע מענטשלעכע ווירטואָזן, איז אויך לגבי זיי אַ ספק, צי זענען זיי בכח מיט זייער פעיקייט אַזוי ווייט אָנגיין, זיי זאָלן קענען זען דייטלעך צוזאַמען און ביז פולער פאַרגלייכונגס־מעגלעכקייט, אַט ווי אין אַ טאָפּעלן, איינער קעגן דעם איבערזייטיקן שפּיגל, די מקור־איבערלעבונג און די ביסירט־רעפּראָדוצירטע נייע אויפלאַגע אירע. איז דאָך די קשיא: ווי אַזוי קען וועגן דעם אורטיילן און אַרויסזאָגן זיין פּסק־דין אויך דער פּסיכאָלאָג? — דעם פּסיכאָלאָגס באַהויפּטונג בדרך־כלל איז דאָך, ווי באַקאַנט און ניט־אָפּפרעגלעך, אַ רעזולטאַט קודם־כל פון פּסיכאָלאָגס זעלבסטבאַאָבאַכטונג, ער מוז לכתחילה אַריינקוקן אין דער אייגענער נשמה־טעטיקייט בכדי זי זאָל אים דינען ווי אַ הילפס־מאָס פאַר

אורטיילן וועגן דער דורך אים באַאָבאַכטער נשמה־טעטיקייט פֿון אַן אַנדערן. אין פּרט פֿון דייטלעך קעגנאיבערשטעלן און פֿאַרגלייכן אייגענע מקור־ און רעפּראָדוצירטע־איבערלעבונגען איז דאָך אויך דעם פּסיכאָלאָגס מעגלעכקייט ניט אומבאַשרענקט. און פֿונדעסטוועגן זענען פֿאַראַן געוויסע, ווען אַפֿילו באַשרענקטע, געגעבענע פֿאַר פּסיכאָלאָגישער באַהויפּטונג אין דעם ענין. אויפֿן סמך פֿון אָט די געגעבענע לאָזט זיך, ווען אַפֿילו נאָך געוויסער רעזערוואַציע, פֿעסטשטעלן, אַז —

1) די זכרון־רעפּראָדוקציע, די דורך ווילן ביסירטע איבערלעבונג איז ניט אידענטיש מיט איר מקור, און

2) אין איר זענען פֿאַראַן, אין פֿאַרגלייך מיט דער מקור־איבערלעבונג, סיי „חסר" און סיי „יתיר", סיי ס'פֿעלן אין איר גאַנצע טיילן פֿון דער מקור־איבערלעבונג און סיי ס'קומען צו איר צו גאַנץ־נייע טיילן, אַזעלכע וואָס זענען אין דער מקור־איבערלעבונג ניט געווען.

אונזער זכרון־אַפּאַראַט, ווי פֿאָלקאָם ער זאָל ניט זיין, איז שטענדיק ווי אַ זיפּ מיט לעכלעך — אין אונזער זכרון פֿאַרהאַלטן זיך און ווערן אָפּגעהיט ע"פּ־רוב נאָר די „גרעסערע שטיקער" פֿון דער מקור־איבערלעבונג, די קלענערע, דאַקעגן, גליטשן זיך אַרויס און פֿאַלן דורך די לעכלעך און גייען פֿאַרלוירן פֿאַר דער רעפּראָדוצירטער, שפּעטער־באַנייטער איבערלעבונג. ביי אָט דער איבער־זיפּונג גילט אָבער ניט בלויז די ממילאדיקע, די מעכאַנישע סיבה וואָס האָט צו טון מיט דער זיפּ־כלי, נאָר אויך אַ צווייטע סיבה, אַזאַ וואָס האָט שוין צו טון מיט דעם בעל־הכלי, מיט דעם זכרון־באַזיצנדיקן מענטשן: דער מענטש גופא ווערט ניט באַאיינדרוקט, גלייכמאָסיק פֿון זיין מקור־איבערלעבונג, אַזוי צו זאָגן, אין איר רונדיקייט, ער נעמט אויף מער און שאַרפֿער די בליטות, די קאַנטן פֿון דער איבערלעבונג.

דער מענטש אַליין — שוין תוך כדי אויפֿנעמען און באַאיינדרוקט ווערן פֿון דער מקור־איבערלעבונג, פֿאַרוואַנדלט די רונדיקסטע סיטואַציע אין אַ מער־ווינקלדיקע, ציט אַרויס, כמעט ווי מיט ווילּיקער אָנשטרענגונג, פֿון אונטער דער קרייז־ליניע ווייניקער אָדער מער שאַרפֿע שפּיצן, ער איז זיך עוסק, אַליין ניט ווילנדיק און אָנערקענענדיק עס, מיט „קוואַדראַטור פֿון קרייז", שוין ביים אויפֿנעמען אַן איבערלעבונג בויט ער זי איבער, פֿון דער גאַנצער מאַסע רויִ־שטאָף וואָס ווערט אים געליפֿערט ביי דער אויפֿגענומענער מקור־איבערלעבונג טיילט ער אויס פֿאַר זיך, פֿאַר זיין באַאיינדרוקטקייט, בלויז געוויסע צו דעם צוועק מער־צוגעפּאַסטע ברוכטיילן. און מכל־שכן, נאָך פֿיל־פֿיל מערער איז עס אַזוי ביי דער ביסירטער, רעפּראָדוצירטער איבערלעבונג, אין יענער זענען די ברוכטיילן נאָך קלענערע, ברוכטיילן פֿון ברוכטיילן. וויאַזוי־זשע ווערן אָבער אָט דידאָזיקע צוויי מאָל געבראָכענע טיילן פֿאַרבונדן צווישן זיך, אין דער ביסירטער, רעפּראָדוצירטער איבערלעבונג, כדי זיי זאָלן זיך כאָטש אויסערלעך אויסווייזן ווי אַ גאַנצקייט? נאָר דורכדעם וואָס דער רעפּראָדוצירער פּילט אויס די בלויזן מיט צוגעטראַכטן „לא היה ולא נברא"־קלעפּ־שטאָף, אין יעדער

רעפּראָדוצירטער איבערלעבונג זענען פאַראַן אַזעלכע צוגעגעבענע טיילן, וואָס זענען כּלל ניט געווען בנמצא אין דער מקור־איבערלעבונג. אָט ביי דערדאָזיקער רעפּראָדוצירטער איבערלעבונג מאַכט דורך דער מענטש אַ פּראָצעס אָן אומ־געקערטן און קעגנגעזעצטן צו דעם, וואָס ער האָט געהאַט דורכגעמאַכט ביי דער מקור־איבערלעבונג: דאָרטן האָט ער, ווי געזאָגט, זיך פאַרנומען מיט דער „קוואַדראַטור פון קרייז", און דאָ פאַרנעמט ער זיך, דאַקעגן, מיט דער „קרייזור פון קוואַדראַט", ער רייבט אָפּ און גלעט ארום די שטאַרצנדיקע שפּיצן, ער גיט צו נייעס. איז אָבער דער כּוח פון זכרון חל אויף אָט דעם צוגעגעבענעם נייעס ניט ווייניקער ווי אויף דעם אָריגינעלן אַלט פון דער גרונט־איבערלעבונג, — ווען דער מענטש רופט ארויס אויף „ביס" אַן איבערלעבונג עטלעכע מאָל, און אַזוי איז דאָך עס אין די מערסטע פאַלן, ווערט אויך דאָס ניי־צוגעגעבענע פון דער ערשטער רעפּראָדוקציע זכרונדיק־מיטגעבראַכט ביי דער צווייטער און אַלע ווייטערע רעפּראָדוקציעס און דאָסדאָזיקע ניי־צוגעקומענע באַקומט אַליין פולע מקור־רעכט, דער מענטש אַליין הויבט אָן גלויבן, אַז ס'איז טאַקע אַן אינטעגראַלער טייל פון דער מקור־איבערלעבונג.

נאָך מער: די וואָס ווייטער רעפּראָדוצירטע, איבערגעחזרטע איבער־לעבונגען האָבן אַפילו מער שאַנסן אויסצווייזן אין די אויגן פון זייער רעפּראָ־דוצירער ווי פאַרשענערטע, ווי צוציענדיקערע און אינטערעסאַנטערע, איידער די ערשטע מקור־איבערלעבונג, די ווייטערע „אויפלאַגעס" פון דער מקור־איבערלעבונג ווייזן זיך אים אויס ווי באמת „פאַרבעסערטע", ער האָט פון זיי מער נחת ווי בשעתו פון דער ערשטער, פון דער מקור־איבערלעבונג.

ביי אַן אַלטן מאַן, למשל, איז די דורך אים פילמאָל־רעפּראָדוצירטע פריסטע קינדהייט פיל־פיל שענער און צוציענדיקער, איידער די פריסטע קינדהייט ממש אין איר צייט, ווייל ביי דער פילמאָליקער רעפּראָדוקציע לאָזט ער אויס די שאָטנס און גיט צו נייעס, באמת כּלל ניט געווזענעם ליכט פון דער דאַמאָלסדיקער אַלטער פריסטער קינדהייט אין איר ווירקלעכער צייט און מצב.

און דעריבער טאַקע, צוליב אָט דעם כאַראַקטער פון „כּולו זכאי", וואָס ווערט קינסטלעך געשטאַלטעט פאַר רעפּראָדוצירטע איבערלעבונגען, זענען מענטשן אַזוי להוט צו לאָזן זיך אין זייערע רעטראָספּעקטיווע זכרונות־רייזעס און ניט בלויז אַלטע לייט אַליין.

דאָס איז אַ „ביס" פאַר איבערלעבונגען צוליב זיך אַליין פאַרמערנדיקן הנאה־צופלוס.

פאַראַן אָבער נאָך איין מין איבערלעבונגס־„ביס", וואָס זאָגט שוין ניט צו קיין הנאה־צופלוס, נאָר דראָט דווקא מיט אַ הנאה־אָפּפלוס, מיט אַנטוישונג, דאָס איז ביי אַזאַ מין איבערלעבונג־רעפּראָדוקציע, וועלכע טראָגט צו איר רעפּראָדוצירער ניט קיין פאַרבעסערטע, נאָר דווקא אַ פיל־פאַרערגערטע „אויפ־לאַגע" פון מקור, אויף אַזוי ווייט איז אָט די נייע אויפלאַגע אַנטוישנדיק, אַז דער מענטש וואָס קומט אָן צו איר הויבט זיך אַפילו וואונדערן ווי אַזוי האָט ער עס בשעתו געקענט זיין אין התפּעלות פון מקור...

ווען איז אָט דער מין ביסירטע איבערלעבונג געמאָלט? — ווען אַ מענטש וויל נאָך אַמאָל, מיט יאָרן שפּעטער, דורכקאָנטראָלירן זײַנע ערשטע פרי־יוגנטלעכע אײַנדרוקן ביים לייענען אַ געליבטן דאַמאָלס ביכל. דאָס ערשטע געלייענטע ביכל — ניט ווייניקער און אפשר נאָך מער, איידער דער „ערשטער טאָג אין שול", וואָס איז באַשריבן טיף־פּסיכאָלאָגיסטיש דורך אַסך ליטעראַרישע קינסטלער, לאָזט דאָך איבער אַ „כתובת־קעקע", אַ טיף־אײַנגעקריצטן רושם אין דער מענטשלעכער נשמה אויפן גאַנצן לעבן. דאָס ערשטע געלייענטע ביכל איז אין אַסך פּרטים ענלעך צו דער ערשטער געליבטער, וואָס די תמימותדיק־הייליקע באַגעגנישן מיט איר זענען ביי דעם מענטשן אַ מין „טאַבו", אַ שטיק לויטערקייט וואָס דער מענטש וויל ניט דערלאָזן דעם געדאַנק וועגן עצם מעגלעכקייט פון באַשטויבט ווערן, פון פאַרשוועכט ווערן, חלילה. איז אָבער טאַקע מיט אָט דעם ערשטן געלייענטן ביכל פּונקט אַזוי ווי מיט דער שפּעטערער ווידער־באַגעגעניש מיט דער ערשטער געליבטער — ביידע פאַרלירן ביי דער שפּעטערער באַגעגניש זייער אַמאָליקע פאַרהייליקטע לויטערקייט, ביידע ברענגען ביי די שפּעטערדיקע באַגעגענישן שווערע אַנטוישונג...

דער „ביס" פאַר דער איבערגעחזרטער, בכוונה־רעפּראָדוצירטער אַמאָליקער איבערלעבונג פון ערשטן לייענען אַ ביכל לוינט זיך ניט אין דער איבערוויגנ־דיקער מערהייט פון פאַלן, ס'איז אַ „ביס" וואָס ברענגט מיט זיך ע"פ־רוב אַ ווייטיקדיקן ביס דער נשמה פון ביסירער. די מקור־איבערלעבונג פון ערשטן געלייענטן בוך איז גלייכער פאַר איר זי זאָל פאַרבלייבן טאַקע אין איר איינמאָליקייט, זי זאָל פון איר מקור־גבול ניט אַרויסגיין.

„ביס, איבערלעבונג!" — ניט אַלע מאָל, ניט לגבי אַלע איבערלעבונגען איז כדאי זיך צו ווענדן צו אָט דער אַרויסרופערישער באַשטעלונג! — פאַראַן און פאַראַן מקור־איבערלעבונגען, וואָס ס'איז בעסער פאַר זיי און פאַר זייער באַזיצער זיי זאָלן פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין זייער בן־יחידישן שטאַנד.

# א קדיש־יתום פון אן אויסגעוואקסענעם „נמשל״ *

— לייזער בן לייזער — אזוי איז מיין נאָמען, טאַטע, וואָס ניט דו האָסט אים מיר געגעבן, — אַלץ, אַלץ אין מיר, פון מיין סאַמע־אָנהייב און ביז מיין ווייטערדיקן געדייען, איז פון דיר גענומען, מיט דעם זעלטענעם לעבנס־כוח וואָס אין די כראַמאַזאָמען פון דיינע פאַרזייטע „משלים״־קערנער בין איך אויסגעוואַקסן און אויפגעכאַליעט געוואָרן, אַז אַך און וויי איז צו מיר! דו האָסט עס מיר מיט דיין „משלים״־באַפרוכפערונג צוגעגרייט און פאַרזיכערט מיין אַנטוויקלונג־פּאַטענץ, נאָך איידער איך האָב די וועלט דערזען, מיט דיין עכט־נביאישער „והיה באחרית־הימים״־ווייטזעונג האָסט דו, טאַטע, פאָרויסגעזאָגט מיין עקסיסטענץ, אָבער אין אַט דער עקסיסטענץ מיינער גופא האָב איך זיך דערפילט ערשט אין סאַמע יענעם מאָמענט, דעם 29 מערץ 1932, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן „דריי״ און דו ביסט אַוועק פון דער וועלט. געשטאָרבן דער טאַטע, דער גרויסער „משלים״־מייסטער, און אָנגעהויבן לעבן האָט דער פאַריתומטער זון, דער „נמשל״... דעם נאָמען פאַר מיר האָסטו שוין ניט דו באַוויזן מיר צו געבן, דעם נאָמען האָב איך אַליין געמוזט זיך געבן. איך האָב עס געטאָן לויט דעם ביישפּיל פון אַן אַנדערן, פון דעם גר, וואָס ער, פונקט אַזוי ווי איך, געשטאַלטעט אויס זיין אָנהויב לויט אַן אַנדערנס „אינמיטן״, נעמט אָן אינגאַנצן דעם „בצלמו ותבניתו״ פון דעם יעניקן, וואָס האָט אים באַקערט צו זיין לעבן און איז אַ המשך זיינער שוין נאָך יענעמס פאַרשווינדן, הייסט אָט דער גורל־שותף מיינער, דער גר: „אברהם בן אברהם״, הייס איך „לייזער בן לייזער״, ווייל אַ דאַנק דיין באַפרוכפערונג און נאָך דיין פאַרשווינדן האָב איך ערשט אָנגעהויבן מיין המשך־אָטעם נאָך דיר...

דו האָסט דאָך, טאַטע, אַזוי ליב געהאַט וואָרט־שפּיל, דו האָסט דאָך שטענדיק אַזוי וווּנדערלעך שפּראַכלעך געמייסטערט אין ווערטער־באַהעפטונג צוליב זייער באַגריפלעכן רוח־חיים אין זיי, טאָ לאָמיר איצט דיר צו וויסן געבן: אין יענעם סאַמע־מאָמענט, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן „דריי״ און עמעצער, נעבן דיין אָקערשט־אָפּגעשיידטער נשמה פון דיין גוף האָט געלאָזן פאַלן דעם ערשטן הספד־אויסגעשריי: „אויס לייזער!״, האָט אין מיינע אויערן, וועלכע האָבן זיך פונקט דעמאָלט אָנגעהויבן צו ווערן אָפן צום הערן, אָפּגעקלונגען דאָס

* ס׳איז געשריבן געוואָרן צום צוואַנציקסטן יאָרצייט נאָך אליעזר שטיינבאַרגס טויט (29־טער מערץ, 1952), אין די ווייטערע יאָרן, ביי די ווייטערע יאָרצייטן, וועט, ליידער, דער קדיש־יתום נישט פאַרלירן פון זיין טרויער...

עכאָ אין איין צוזאַמענגעגאָסן וואָרט פון יענעביידע: „אויסלייזער" — ערשט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען דעם זינפולן פּשט פון אָט דעמדאָזיקן עכאָ: דו ביסט דאָך דיין גאַנץ רייך שעפעריש לעבן געווען דער, וועלכער האָט זיך ערלעך און ערנסט באַמיט מיטצווירקן און ארויסצובאַהעלפן דעם מענטשן זיך אויסצולייזן פון זיינע שוואַכקייטן... דו האָסט דאָך טאַקע צוליב דעם שטענדיק פאַרפאַבלט אַרויסגעשטעלט פאַר דעם מענטש די כלערליי קאָמישע פעלערן אין זיין אויפפירונג, אין זיינע באַציונגען „בין אדם לחברו" בכדי ער, דער מענטש, זאָל זיך אַליין דערזען אין אָט דעם שפּיגל אין זיין מיאוסקייט און זאָל אָנהייבן וועלן ווערן בעסער, שענער... ווער ס'פּרעדיקט גוטס דורך אַבסטראַקטע מוסר־רייד און ווער, פּונקט ווי דו, טאַטע, עס דעמאָנסטרירט קאָנקרעט אין דירעקט־איבערצייגנדיק דאָס שלעכטס, כדי מענטשן זאָלן וועלן פון אים זיך אָנטווינען...

איז וואָס־זשע וויל איך דיר איצט זאָגן, טאַטע, ווען כ'שטיי פאַר דיין אָנדענק אַ צוואָנציק־יאָריקער, אַ פונאנדערגעוואַקסענער, אַ מיכלומרשט־ברייט־פלייציקער? — לאָמיר אָנהייבן מיטן אַלט־סקאַרבאָוון נוסח פון אַ קדיש־יתום. דו אַליין, טאַטע, האָסט דאָך אַזוי ליב געהאַט צו פאַרבינדן, צו פאַרברידערן כסדר דיין גאַנצע ביישפּיללאָזע בייקייט, דיינע ממש באַן־ברעכערישע ערשטלינג־אויפטועון אויפן געביט פון אינהאַלט און פאָרעם, פון טעמאַטיק און סטיל, אויך מיט אַלט־סקאַרבאָוון, פאָלקטימלעכן נוסח, דו ביסט דאָך אלע יאָרן פון דיין געבענטשטער שאַפונג געווען דער אָרגאַניש־העברעישסטער צווישן יידיש־שרייבער, וועל איך דאָך, הייסט עס, בלייבן טריי דיין מענטאַליטעט ווען כ'וועל אריינפלעכטן אין מיין איצטיקער ווענדונג צו דיר דעם אַלט־נוסחדיקן, קדיש יתומדיקן:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבא!...

און אויך דאָס וועט זיין אין דיין דרך, דו וואָס האָסט אַזוי געזען פאַר זיך ווי לעבעדיקע, פּולבלוטיקע באַשעפענישן די יידישע אותיות און די כלערליי ראשי־תיבות־קאָמבינאַציעס זייערע (האָסטו דאָך אין דיין זאַמלונג „משלים" אַ גאַנצע באַזונדערע אָפּטיילונג: „אותיות"), וויל איך טאַקע, אז אין אָט דעם אַלט־נוסחדיקן „יתגדל ויתקדש שמיה רבא" זאָל לומדיש מרומז ווערן דורך זיינע ראשי־תיבותן דאָס אויפקאָמבינירטע וואָרט „יושר", יענער יושר וואָס דו האָסט אים דיין גאַנץ שאַפעריש לעבן אַליין געזוכט און אַנדערע געהייסן זוכן, יענער יושר אין צווישנמענטשלעכע באַציונגען און נאַטור־פאַרהעלטנישן, וואָס דיינע פאַבלען זיינען עס געווען דער באַליכט־ און זון־פאָנאַר פאַר אים אויך אין סאַמע העלן טאָג, פּונקט ווי דער לאַמטערן אמאָל אין די הענט פון אַלטן דיאָגענעס...

און וואָלט איך איצט, צוואָנציק יאָר נאָך דיין אַוועקגיין פון דער וועלט און נאָכדעם, ווי דיין אָנגעצונדענער יושר־פאָנאַר האָט ניט אויפגעהערט צו ברענען, כאָטש געקאָנט דיר ברענגען די בשורה־טובה, אַז דער געזוכטער יושר איז אויך אַ ביסל אויפגעדעקט און געפונען געוואָרן, אַז מענטשן האָבן אַביסל

זיך מער דערנענטערט צו אים, איז אָבער די צרה, אַז ס'איז פונקט פאַרקערט... אָט איך גופא, אוי וויי, טאַטע!, וואָס טרעט איצט אויף פאַר דיר אַ פונאַנדער־געוואַקסענער, אַ ברייט און הויך געוואָרענער אין אָט דער צוואַנציקיאָריקער נייער ווירקליכקייט נאָך דיין טויט, איז דאָך ניט פון אמתער געזונטקייט צו מיר געקומען אָט דער פאַרנעם מיינער, נאָר דווקא פון קראַנקהייט — איך בין איינפאַך אויפגעדראָלן און געשוואָלן געוואָרן פון דעם וווּנדן־אייטער, וואָס די נייע ווירקלעכקייט גיסט כסדר אין מיין איינגעווייד אַריין... ס'איז געוואָרן אין דער וועלט פון מענטש און גאָט פיל־פיל ערגער פאַר אָט די צוואַנציק יאָר, זינט דו ביסט אַוועק פון דער וועלט. ווי אַריינדרינגענדיק־טיף און אומפאַסנדיק־קלוג דו האָסט ניט געזען, טאַטע, די כלערליי מענטשלעכע שוואַכקייטן ביי דיין שאַפונג־לעבן, זיינען דאָך דיינע „משלים" אָפט ניט מער ווי חן־גריבעלעך אַקעגן דעם מיאוסן גרויסן תהום, וואָס ס'האָט זיך אין דער וועלט אויפגעעפנט פאַר אָט די צוואַנציק יאָר, ווען איך, דער „נמשל", בין אויסגעוואַקסן און זיך פונאַנדער־געוואַקסן...

איז דאָך, טאַטע, למשל, געווען אַ תמימותדיקע אידיליע אין יענעם פאַבל דיינעם וועגן „ר' בערלס הויזן" אַקעגן דעם נייעם אינהאַלט צו אָט דעם „משל" דיינעם וואָס איך, „נמשל" האָב איצט, פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, אָנגענומען פון דער ווירקלעכקייט — ביי אונדז איצט קירצן און האַקן אונטער אַלע־אַלע ניט בלויז ר' בערלס הויזן, „און ר' בערעלע אין חלום, האַנדלט, קויפט בזיל־הזול בכל־מכל־כל, און פון אַלע די חלומות און מציאות — פלודערן נאָר ביז די קניעס", איצט קירצט מען און פאַלמעסט כסדר שוין בערלען גופא, ווער ס'איז ניט פויל האַקט אונטער ביי דעם צווייטן זיין עצם מענטשלעכע ווערדע, דער מענטש אַליין איז געוואָרן בזיל־הזול, און ניט אין חלום, נאָר טאַקע אין דער ווירקלעכקייט, ניט די פלודערן, נאָר דער פלודערן־טרעגער איז רעדוצירט געוואָרן „ביז די קניען", וואַלגערט זיך אין שמוץ און שטויב פון דערנידערונג אין סאַמע־מיט פון צעיושעטער, ווילדער גאַס ווי אַ קאַליקע, אָן באַוועג־און אויפהייב־מעגלעכקייט...

„ביי ר' טאָדרעסלען אין הויף" פלעגן אין דיינע צייטן אַלע דאָנערשטאָג אומשולדיקע „טייבעלעך" פאַרשווינדן, איצט אָבער איז שוין ר' טאָדרעסל אַליין להוט אין יעדן ליאַדן טאָג, וואָס איז אַ „דאָנערשטאָג" פאַר אים, צו ווערן געכאַפּט און פאַרשווונדן... ר' טאָדרעסלס הויף אינגאַנצן, און ר' טאָדרעסל גופא אין חשבון, שטייען פאַרוויסטע און חרוב־געוואָרענע...

מיט דער אייגענער גאווהדיק־גזלנישער פון אויבן־אַראָפּ־לשון, וואָס אין דיין צייט פלעגט ריידן די שפּיז מיטן נאָדל, רעדט איצט די מאָרד־ראַקעטע און די אַטאָם־באָמבע מיט איר מאַיעסטעטישער שפּיז, וואָס איז געוואָרן אַ נעבעכדיקער „יורד"...

אין אונדזערע איצטיקע יאָרן, טאַטע, איז אויסגעגליכן געוואָרן דער מצב פון חלף מיט דער זעג, ס'איז מקויים געוואָרן דער אַלטער חד־גדיא'שער „דו מיך, ער מיך" און „ואתא מלאך־המוות ושחט לשוחט" — דעם חלף־באַזיצער

גופא שעכט מען, מיט דעם אונטערשייד בלויז פאַר העכסט־צינישע צייטן: דער מלאך־המות וואָס קוילעט דעם חלף־האַלטער גופא, „מאַכט אויף אים אַפילו ניט קיין ברכה״...

דער אייזל האָט זוכה געווען צו פאַרנעמען אין דיינע „משלים״, טאַטע, אַ היפשן פּלאַץ, ער איז אין זיי פאַרטראָטן מער איידער אַלע אַנדערע בעלי־חיים. ער פּונקט אַזוי ווי דער חזיר, מוז איך אָבער דיר פאַרזיכערן, אַז איצט, אין אונדזער ווירקלעכקייט, טרעפסטו שוין דעם חמור־אייזל אין די גאָר־הויכע, וועלט־גורל באַשטימענדיקע „פענצטער״. ניט איינער פון זיי ווייזט אָן זיין אַדרעס אין דעם אָדער יענעם פּרעמיער־מיניסטעריום און דער חזיר האָט זיך צעלייגט ווי ביים טאַטן אין ווייגאַרטן אין די העכסטע „יונאָ״־אינסטיטוציעס, וועלכע באַדאַרפן מיכלומרשט רעגולירן, יושרדיק, ענינים פון „פאַראייניקטע פעלקער״...

דיין פּערסאָנאַזשן־גאַלעריי אין דיינע „משלים״, טאַטע, איז אַזוי זעלטן־און וווּנדערלעך רייך, איז פול־אָנגעפּראָפּט ניט בלויז מיט „חי״, נאָר אויך מיט „צומח״ און „דומם״, און אין אַלע זיי האָסטו אַזוי מייסטערהאַפט־אָריגינעל, ריין־יידישלעך וועגן אַפילו פאַר אַלגעמיין־מענטשלעכע אייגנשאַפטן, אַריינגע־אָטעמט דיין דיכטערישן רוח־חיים, און ווען דו האָסט אַפילו פון לכתחילה זיך מתכוון געווען דורך זיי בלויז צו אילוסטרירן מענטשלעכע אייגנשאַפטן, זיי זאָלן, הייסט עס, אויסשפּילן בלויז אַ באַדינונג־ראָל, האָבן זיי שפּעטער באַקומען אויך זייער באַטייט „אַן און פאַר זיך״ און מיט זיי האָסטו צוגעליפערט אַ שפע פון זאַג־באַטאַנאַ — און, מען מעג אַזוי זאָגן, מינעראַלאָ־פּסיכאָלאָגישע פיינע באַאָבאַכטונגען און אויפדעקונגען. דיין ציל איז דאָך אָבער געווען דער מענטש, און דער — מוז איך עדות־זאָגן — איז פאַר די צוואַנציק יאָר פון מיין בידנער „נמשל״־עקסיסטענץ אַ היבש־ביסל פאַרחיהשט, פאַרוועגעטירט און פאַרדומם׳ט געוואָרן...

„און זיס לעבן רינט זיך אין דער מינדסטער דאַרער שטרוי״ — זאָגסטו אַליין, געניטערע פאַר מיר מיט ליטעראַטור־קריטיקער באַהויפּטן, אַז, בכל־אופן, ווי ווייט דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון דיר, איז אָט די באַהויפּטונג דיינע כלל ניט קיין איבערטריבענע, דו האָסט עס מיט דיין מעכטיקן דיכטער־כוח געמאַכט אריינשטראָמען זיסן לעבן אין דער מינדסטער דאַרער שטרוי, אָבער — אין „ליכט״, ריכטיקער: אין דער שטאָק־פינצטערניש פון דער איצטיקער ווירק־לעכקייט קלינגט דאָך ריכטיקער און איבערצייגנדיקער אַן אַנדער באַהויפּטונג דיינע אין דעם אייגענעם „משל״ דיינעם וואָס די ערשטע: „ווערט די אַלטע בייז און טוט אַ מאַך פאַרצווייפעלט מיט עקל — נעם כאַטש הענג די גאַל אויף אויף אַ פלעקל״ — ניטאָ אָבער, אוי ווי!, כמעט קיין פּלאַץ פאַר בלויזער גאַל אויף דעם „פלעקל״, ווייל אויף יעדן „פלעקל״ העגנען איצט גאָר די גאַל־מענטשן אַליין!...

„ווערט די אַלטע בייז״ — דאָס איז ניט קיין אויטאָביאָגראַפישע באַצייכע־נונג פאַר דיר אַליין, — ווייניקער ווי אַלץ ביסטו דאָך געווען בייז, דו ביסט דאָך כל־ימיך געווען פּונקט פאַרקערט, פול־איבערפולט מיט גוטהאַרציקייט

און גלעטנדיקן גוטן הומאָר, דו האָסט דאָך אַזוי טיף ליב געהאַט אַפילו יעדע מינדסטע „דאַרע שטרוי", דעריבער טאַקע ביסטו עס געווען איינער פון די בעסטע קינדער־פריינד, דעריבער טאַקע האָסטו אויך אויסגעקליבן פאַר דיין שאַפן די אַלט־קינדערשע־תמימותדיקע פאַבל־פאָרעם, וואָס דו האָסט זי דערפירט צו דער העכסט־אויסגעאיידלטער און פאַרפולקאָמטער דערוואַקסנקייט, דו ביסט קודם־כל געווען דער אוהב־מענטש און אוהב־ישראל — שווער צו באַשטימען וועלכער פון אָט די צוויי איז ביי דיר געווען פרימער און וועלכער סעקונדער. ביסט געגאַנגען אין די וועגן פון עזאָפּ, לאַפאָנטען און קרילאָוו און פאַרבליבן אָריגינעל־יידישלעך, ביסט אפשר מער דער לעגיטימער יורש פון ר' יעקב מדובנו איידער פון גריכישן, פראַנצויזישן, רוסישן פאַבל־מייסטער. שטיי איך איצט פאַר דיר, דיין פאַריתומטער „נמשל" און צעזינג זיך אין מיין קדיש:

— יתגדל ויתקדש!...

# קידוש „השמות"

„וויפל אין די אותיות ליגן טרערן
און וויפל געוויין..."
(מ. מ. וואַרשאַווסקי)

כ'וויל דאָ אָנווייזן און דערמאָנען צוויי מערקווערדיקע פאַקטן אין דער יידישער סביבה, וואָס האָבן ניט זייער גלייכן ביי אַלע אַנדערע שבעים אומה ולשון און זענען בעצם אַ מין „צוויי־אייניקייט", צוויי ראַדיוסן, וואָס ציען זיך פון איין צענטער: ספעציפישע יידישע פאָלקס־מענטאַליטעט.

ביי די אומות־העולם איז אַרכיוואַריוס אַ פאַך בלויז פאַר געציילטע, פאַר די וואָס האָבן צו דעם אַן עקסטרע נייגונג און מאַכן דורך צו דעם ציל אַ ספעציעלן צוגרייטקורס פון טעאָרעטישן און פון פראַקטישן לערנען. ביי די אומות־העולם איז אַן אַרכיוואַריוס ממש „אחד בעיר", און אויך דער האָט אַ באַשרענקטע אויפגאַבע: מער אָפצוהיטן פאַרטיקע, שוין אויפגעזאַמלטע אַרכיוו־מאַטעריאַלן איידער זיך אָפגעבן אַליין מיט זאַמלען זיי. ביי אונדז אָבער, איז יעדער געוויינטלעכער סתם־ייד, אַן עם־הארץ פונקט אַזוי ווי אַ למדן, געווען אַן „אַרכיוואַריוס" און כלל אַן פריערדיקער לערן־צוגרייטונג, און ניט בלויז אויף אפצוהיטן, נאָר אויך בעיקר אויף זאַמלען די אַרכיוו־מאַטעריאַלן. און האָט געמעגט דאָס שטעטעלע זיין אַ קליינס, אַ פאַרוואָרפנס, האָט דאָרטן עקסיסטירט אַן אייגנאַרטיקער קהילה־אַרכיוו, וואָס לחלוטין אַלע קהילה־מיטגלידער, פרויען ווי מענער, קליין און גרויס, קינד און קייט, האָבן פאַר אים געזאָרגט. אין יעדער שול איז ביים אַריינגאַנג געשטאַנען אַ קאַסטן פאַר אַרכיוו־צילן, א קאַסטן פאַר אַזוי גערופענע שמות, ווי ס'האָבן געהייסן אַלע צעפליקטע, פון געברויך אַרויסגעגאַנגענע הייליקע ספרים, יעדער שטיקל פאַפיר מיט געדרוקטע הייליקע אותיות. הייליקע אותיות איז דערביי ניט קיין ספעציפיצירטער מין פון אותיות, אַלע יידישע אותיות האָבן געהאַט דעם גלייכן זכות אויף הייליקייט. די הייליקייט האָט געשטעקט אין דעם אות גופא און ניט אין טעקסט.

דער דאָזיקער פאַקט האָט געהאַט פאַרנומען זיין פלאַץ אין דער רעליגיעזער יידישער סביבה נאָך איידער ס'איז געווען ביי יידן אַ־און אַנטי־רעליגיעזע אָנהענגערס. מע דאַרף אָבער באַמערקן, אַז אויך נאָך דעם ווי ס'האָבן זיך שוין באַוויזן אין דער יידישער סביבה אַ־און אַנטי־רעליגיעזע אָנהענגערס און די האָבן גענומען געברויכן די יידישע אותיות פאַר זייערע וועלטלעכע צילן,

האָבן די רעליגיעזע יידן כלל ניט געביטן זייער באַציונג פון פאַרהייליקן דעם אות אַפילו אין די גאָר ניט־הייליקע, אָפּט אַפילו אַפּיקורסישע טעקסטן פון די אַ־און אַנטי־רעליגיעזע נייע יידן, די וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּליטערט פון דער אַלטער רעליגיעזער יידישער סביבה. וויכטיק און אַנטשיידנדיק פאַר דער באַציונג צום יידישן אות איז געווען דער אות גופא און ניט וואָו ער שטייט איין. אין בפירושן קעגנזאַץ צום אַלט־יידישן כלל, אַז „דער אָרט גיט צו כבוד זיין פאַרנעמער" איז אין אונדזער פאַל געווען די באַציונג אַ פאַרקערטע: דער פאַרנעמער — דער יידישער אות — גיט צו כבוד דעם אָרט". פון יעטוועדער יידישן אות שטראַלט אויס הייליקייט אַפילו אויף כלל ניט הייליקע, אַפילו אַפּיקורסישע טעקסטן.

אַזוי, למשל, פלעגן זיין אָפּטע דערשיינונגען אין דער פון ערשטן פאַר־ביטערטן צוזאַמענשטויס צווישן רעליגיעזע מיט אַ־און אַנטי־רעליגיעזע יידן, אין דער צייט פון קאַמף מיט השכלה, אַז פרומע יידן פלעגן זיך אַרויפוואַרפן אין פאַנאַטישער ליידנשאַפט אויף העברעישע משכילישע „ביכלעך", זיי צערייסן און צעפליקן אויף שטיקלעך, און דערנאָך אָבער פלעגן זיי די צעריסענע, צעפליקטע שטיקלעך אויפזאַמלען מיט ציטערנדיקע הענט, ממש ווי, להבדיל, ביים אויפהייבן פון דער ערד אַן אַראָפּגעפאַלענע ספר־תורה, און זאָרגן וועגן תיקון פאַר די פאַרשוועכטע יידישע אותיות, אַריינוואַרפן זיי אין אַרכיור־קאַסטן פון דער שול...

און דאָרטן, אין אָט דעם אַרכיור־קאַסטן, פלעגן זיך אויסמישן אין האַרמאָניע אַ יצחק ערטערס אָפּשפּאָט פון פרומקייט, אַשטייגער, מיט אַן אַראָפּגעריסענעם הייליקן אחד פון שמע ישראל. דאָרטן, אין יענעם קאַסטן, פלעגט כסדר זיין אַ מאָדנע פאַרהייניקונג פון אַלט־הייליקן פראָפּעטירטן „וגר זאב עם כבש": אַן אַרויסגעריסן בלעטל פון אַ פרק סמאָלענסקישן „התועה בדרכי החיים" פלעגט זיך האַלדזן מיט אַ בלאַט „מסילת ישרים", אַ שטיק אברהם מאַפּושער „עיט צבוע" פלעגט ליגן געאָרעמט מיט אַ שטיק „חפץ־חיים"...

ווייל יעדער פרומער ייד, אין זיין באַציונג צום יידישן אות, פלעגט ניט חקרענען, ווי זיין שטייגער, און ניט נעמען צום גריבלעריש־פאַרשערישן פאַרהער די הייליקע אותיות איידער ער גיט זיי תיקון אין אַרכיור. ער האָט אַ פריאָרי געוווסט אַז דער טעקסט איז בלויז אַן אַכסניא, אַ צופעליקע און ניט וויכטיקע און אַז אָט די אַכסניא מעג אַפילו זיין אָנגעפּראָפּט מיט טומאָה, וועט פון איר דער אורה, חלילה, זיך ניט אָנשטעקן.

די העכערע ווערטיקייט פון יידישן אות, איז אַ דורכויס אויטאָנאָמישע, דער יידישער אות פילט ניט אויס, ווי די אַלפאַבעט־אותיות ביי די אומות־העולם, בלויז אַ באַדינונגס־ראָלע, זיין באַטייט איז אין אים אַליין. ער איז שטענדיק מער ציל ווי מיטל.

די דאָזיקע באַציונג צום יידישן אות אין דער יידישער סביבה איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז יידן פלעגן זייערע אַרכיור־מאַטעריאַלן ד. ה. כלערליי טעקסטן מיט יידישע אותיות, אָנרופן מיטן סאַמע העכסטן כבוד־נאָמען — שמות.

וואָס איז דען בכלל שם אין יידיש־רעליגיעזן פּאַלקסמויל? — אַ יראת־הכבודיקע פּסיידאָנימירונג פאַר גאָט. השם יתברך — דער אַזוי אָפט געברויכטער אויסדרוק צווישן פרומע יידן איז דער טייטש: גאָט זאָל געבענטשט, געלויבט זיין. איינער פון די הייליקסטע, קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון ביי פרומע יידן איז: זאָלסט ניט אָנרופן גאָטס נאָמען, די כוונה איז צום מקור־נאָמען. דאָס רעכט אויף דעם ווערט געגעבן בלויז זייער־זייער זעלטן, און דעמאָלט אויך נאָר געציילטע, אויסדערוויילטע, און ביי אויסערגעוויינטלעכע סיטואַציעס ביים ראַטעווען כלל־ישראל פון גרויסער סכנה: נאָר דער כהן־גדול, אַשטייגער, פלעגט איין מאָל אין יאָר, יום־כיפור, און אין הייליקסטן אָרט פון דער וועלט, אין קדשי־קדשים, מעגן אָנרופן גאָט ביי זיין מקור־נאָמען. ווער זשע נאָך אויסער גאָט ברוך־הוא איז זוכה צו זיין פּסיידאָנימירטן נאָמען? דער יידישער אות!

אַז יידן האָבן געוואָלט אָפּגעבן העכסטן כבוד זייער גרויסן גלות־צענטער, ווילנע, האָבן זיי אים געשענקט דעם אויסגעליענעם, הייליקן נאָמען פון ירושלים, האָבן זיי ווילנע אָנגערופן ירושלים דליטא. די הייליקייט פון ירושלים איז אומפאַרגלייכלעך קלענער פון גאָטס הייליקייט, און דאָך איז מען מיט דעם צוטיילן דעם כבוד־נאָמען ירושלים געווען פיל שפּאָרעוודיקער, איידער מיטן צוטיילן דעם העכסטן כבוד־נאָמען, דעם פּסיידאָנימירטן נאָמען פון גאָט: בלויז איין איינציקע ווילנע האָט געהייסן ירושלים, סורא און פומבדיתא, אַשטייגער, האָבן ניט זוכה געווען צו הייסן ירושלים דבבל, וורמייזא (וואָרעמס), אָדער מגנצא (מיינץ) האָבן ניט זוכה געווען אָנגערופן צו ווערן ירושלים דצרפת, און אין דיאַמעטראַלער קעגנגעזעצטקייט צו דעם, הייסן אַלע יידישע אותיות— שמות...

און נאָך אַ וויכטיקער און באַלערנדיקער פּרט:

די יידישע אותיות הייסן שמות אין מערצאָל. גאָט ברוך־הוא אַליין, וועמעס פּסיידאָנים איז געליען און איבערגעטראָגן געוואָרן אויף די אותיות, איז דאָך בפירוש שטענדיק אין מספּר־יחיד, צו דעם איז מחייב אונדזער אַלטער מאָנאָטעיזם: אחד הוא אלהינו בשמים ובארץ. היינט ווי קומט עס, אַז די אותיות זאָלן הייסן שמות במספּר־רבים? הייסט עס, אַז גאָטס קדושה אַנטפּלעקט זיך און הילכט אָפּ אין די יידישע אותיות, ווי אין אַ תלמודישן מעטאַפער ווערט געזאָגט: „גאָט אַליין פלעגט קרוינען פאַר די כ״ב אותיות פון א״ב. יעדער פון אָט די כ״ב אותיות איז מסוגל אויסצובילדן צוזאַמען מיט נאָך אותיות, אַ צרוף פון געטלעכן אינהאַלט. הייסן דעריבער אָט די אותיות מיט גאָטס פּסיידאָנים „שמות״, — אין יידיש־ריידנדיקן פּאָלקסמויל איז פון אָט דעם מערצאָליקן וואָרט געשאַפן געוואָרן אויך אַן איינצאָל־פאָרעם פאַר יעדער אות אָדער פאַר יעדער באַזונדער אָפּגעריסענעם טעקסט מיט יידישע אותיות: „שמע״ הייסט עס פּאָנעטיש, — דאָס איז אָבער אַ זעלטענע דערשיינונג, אַזאַ וואָס איז ניט פאַרשפּרייט, ווי אַלע אַנדערע פּאָלקסשאַפונגען, אומעטום און אַלע מאָל.

קאָן און מעג טאַקע געשטעלט ווערן פּאַראַלעל איינס ביי דעם אַנדערן: קידוש־השם, אַזוי ווי ער איז באַקאַנט פון דער יידישער מאַרטירער־געשיכטע,

און קידוש־השמות, אַזוי ווי ער איז באַקאַנט פון כסדרדיקן און אומעטומיקן יידישן לעבנס־שטייגער.

און זאָל דאָ דערלויבט זיין, אין שייכות מיט אונדזער הויפּט־ענין, אַ בייבאַמערקונג וועגן אַ ספּעציעלער שפּראַך־פּסיכאָלאָגישער דערשיינונג, וואָס דעקט אויך אויף די באַציונג פון קדושה צו גאָט און יידישן אות צוזאַמען:

ביי דעם פרום יידישן היטן זיך פון אָנרופן גאָטס נאָמען פאַרבייט מען, ווי באַוווּסט, אותיות אין אָט דעם נאָמען, ווען ער טרעפט זיך אין תפילה־טעקסט. מ׳רעדט ניט ארויס אָט דעם נאָמען, אַזוי ווי ער איז געשריבן, נאָר מע בייט אים פאָנעטיש. איז אָבער דערביי אויפפאַלנדיק און פאָדערט אַ דערקלערונג, פאַר וואָס גראָד דער אות (און קלאַנג) ק און ניט קיין אַנדער ווערט אויסגעקליבן צו אָט דעם ציל — אומעטום און אלע מאָל זאָגט אַ פרומער ייד אלוקים, אלקינו, אַנשטאָט אלהים אלהינו. פון פאַטעפאָן־פּליטעס און אין ראַדיאָ וועט איר אָפט הערן פון פרום חזנישן געזאַנג אַפילו קל אַנשטאָט אל גאָטס נאָמען: יוד־הא־וו־הא. רעדט אויס יעדער פרומער ייד ביים דאווענען אומבאַדינגט דווקא יוד־קה־וו־קה. איז איינע פון די סברות צום דערקלערן אָט די מערקווערדיקע דערשיינונג*: דער ק דווקא האָט עס זוכה געווען צו ווערן דער פאַרבייט־אות (און קלאַנג) דערפאַר, וואָס ער איז דער אָנהייב־אות (און קלאַנג) אין וואָרט קדושה, אַ מין „אַסאָציאַציע לויטן קעגנזאַץ", און אַזאַ, ווי מ׳וואָלט באַרעכטיקט אין דער פּסיכאָלאָגיע, דעקט דאָך תמיד אויף די אייגענע סיבה. דעם אייגענעם פּסיכישן הינטערגרונט קאָן מען זען, אגב, אויך אין דעם, וואָס פרומע אַראַבער ריידן אַרויס דעם נאָמען פון אל־קודס (אַראַבישער נאָמען פאַר ירושלים, וואָס איז אויך ביי זיי פאַרהייליקט) — אל־יודס. אל־קודס איז טייטש „די הייליקע". ווילן ניט די פרומע אַראַבער אויסריידן דעם הייליקן נאָמען אַזוי ווי ער איז אין זיין אויטענטישן מקור, ברענגען זיי אין אים אַריין אַן ענדערונג, ענלעך צו דעם ווי פרומע יידן טוען מיט גאָטס נאָמען, מיט איין אונטערשייד בלויז: יידן באַנוצן דעם ק גופא ווי אַ ממלא־מקום, די אַראַבער, דאַקעגן, זוכן אַ ממלא־מקום פאַר דעם ק גופא. איןביידע פאַלן זאָל אָבער דער ק האָבן זיין זכות מחמת זיין שטאַמען פון וואָרט קדושה*.

---

..* ס׳איז לייכט אָפּצופרעגן די אַנדערע סברה, וואָס, למשל, פּראָפ. י. נ. טאָרטשינער ברענגט זי ווי אַ דערקלערונג צו אָט דער דערשיינונג: לויט אָט דער דאָזיקער סברה, זאָל מען האָבן געקומען צום אות (און קלאַנג) ק ווי אַ ממלא־מקום פשוט מחמת אַן „אָפּטישער טוישונג" — דאָס „אָפּגעהאַקטע פיסעלע" אין אות ה זאָל פשוט האָבן געווען צופעליק — פאַרלענגערט מער ווי מ׳דאַרף און דעריבער האָט מען טאַקע ע״פ־טעות געמיינט, אַז ס׳איז אַ ק. קעגן אָט דער סברה איז אויסצוזעצן: אויב ס׳וואָלט געווען אַזוי, וואָלטן יידן ניט אויסגערעדט אין וואָרט יהוה „יוד־קה־וו־קה נאָר יוד־קוף־וו־קוף. ביי יידן איז, כידוע, ניט קיין זעלטנקייט צו באַנוצן זיך מיט ראשי־תיבות, וואָס זענען, אגב, זייער־זייער הויפיק ביי יידן אַ סך מער. און פריער ווי ביי אַנדערע

און אפילו ווען מיר באַהאַנדלען דאָ ניט די דאָזיקע דערשיינונג פון אותיות־(און קלאַנגען) בייטונג אין מעריטאָ און מיט דער גאַנצער אויס־פירלעכקייט ווי עס פאַרדינט, לאָמיר צוגעבן, אַז יעדנפאַלס קאָן די דערשיינונג ניט איינגעגלידערט ווערן אין פּרווידיאַנישן סוג פון אותיות און קלאַנגען־פאַרבייטונגען, פאַר וועלכע ס׳גילט די דערקלערונג פון פּרווידיאַנישן פּסיכאָ־אַנאַליז. אין אונדזער פאַל ווערט דאָך די פאַרבייטונג געמאַכט דורכויס און צילבאַוווּסט. אין איר, הייסט עס, דעקט זיך אויף דאָס באַוווּסטזיין און ניט דאָס אונטערבאַוווּסטזיין.

און צוריק צו אונדזער עיקר־פראַגע: די פאַרהייליקונג־באַציונג מצד יידן צו זייערע יידישע אותיות. די דאָזיקע באַציונג איז נוגע אין גאַנצן אָדער מערסטן טייל די געדרוקטע אותיות, ווייל נאָר — אָדער בעיקר זיי, און ניט די געשריבענע אותיות — זאָלן שטאַמען פון הייליקן מקור. איז טאַקע אינטערעסאַנט אין דעם פּרט, וואָס ביי פרומע רוסיש־פויליש־ליטווישע יידן, ביי די אַזוי־גערופענע אַשכנזישע יידן בכלל, אין בפירוש קעגנזאַץ צו דעם וואָס איז איינגעפירט ביי די ספרדישע יידן, פלעגט מען האַלטן כמעט פאַר אַן עבירה דאָס שרייבן מיט געדרוקטע אותיות וואָכיקע, וועלטלעכע טעקסטן. ס׳איז געווען אַנאַלאָגיש צו דער באַציונג, וואָס האָט געהערשט אין דער סביבה צום ענין: ווען און ווו צו באַנוצן זיך ביים ריידן מיט העברעיש און יידיש. מע טאָר ניט — האָט מען געהאַלטן — פאַרשוועכן די הייליקייט פון העברעיש (לשון־קודש) אויף ריידן אומעטום און ביי יעדער געוויינטלעכער געלעגנהייט און בפרט נאָך וועגן וואָכיקע ענינים, בלויז אין בית־מדרש און ביי נייטיקע באַמערקונגען אין שייכות מיטן תפילה־ריטואַל האָט מען עס געמעגט. געווען פרומע יידן מתמידים, וואָס פלעגן אין משך פון שבתדיקן טאָג מותר זיין

---

פעלקער, מיט אָנרופן די אותיות ביי זייערע פולע נעמען, ע״פ־רוב מאַכן יידן פון די ראשי־תיבות אַ נייע וואָרטבילדונג מיט צוגעגעבענע וואָקאַלן, (דער צום מערסטן געברויכלעכער וואָקאַל פאַר דעם ציל איז דער פתח). — ווען אַ רוס, למשל, רופט אָן זיין גרויסן דיכטער אַ עס פושקין און זיין גרויסן פראָזאַיקער על ען טאָלסטאָי, רופט אַ ייד אָן זיין דיכטער ניט **יוד־למד** גאָרדאָן נאָר „יל גאָרדאָן” און זיין פראָזאַיקער ניט **שין־יוד** אַבראַמאָוויטש (מענדעלע), נאָר „שי אַבראַמאָוויטש” אין אונדזער באַהאַנדלטן פאַל מיט גאָטס נאָמען איז עס אַן אויסנעם: **יוד** און **וו** ווערן אָנגערופן מיט זייערע פולע נעמען די אָפּווייכונג איז בלויז לגבי דעם ק — פאַר וואָס זשע ווערט ער ניט אַרויסגערעדט **קוף**, נאָר דווקא **קה**? — דאָס קאָן, ווי מיר דוכט, דערקלערט ווערן נאָר מיט דעם, וואָס דער וואָס רעדט אַזוי אַרויס ווייס, אַז ער, אָט דער **ק**, איז אַ ממלא־מקום פון **הא** און דעריבער טאַקע באַדאַרף ער פאַנעטיש זיין „על־משקל” **הא**, — ווען אָבער ס׳זאָל זיך נעמען, לויט טאָרטשינערס סברה, פון אַ פשוטן אָפּטישן טעות, וואָלט ממילא אָט די דערמאָנטע אָפּווייכונג פאַרן **ק** ניט געווען פאַרשטענדלעך, דעמאָלט וואָל׳ט אויך דער **ק**, פונקט אַזוי ווי דער **יוד** און **וו**, באַדאַרפט אַרויסגערעדט ווערן מיט זיין פולן נאָמען **קוף**.

אויף זייער יידיש־ריידן און פאַרבייטן אים אויף העברעיש, — ביי זיי האָט עס אָבער גלייכצייטיק געהייסן, אַז אין הייליקן שבתדיקן טאָג רעדט מען בכלל ווייניק, מ׳טוט זיך דעמאָלט אויס פון אַלע וואָכעדיקע אינטערעסן און דאָס ביסל וואָס מ׳רעדט יאָ איז „כולו קודש״, הן לויט דער טעמאַטיק און הן לויט דעם רייד־לשון. צו העברעיש פלעגן פרומע יידן בכלל אָנקומען דעמאָלט, ווען מ׳האָט ניט געטאָרט מפסיק זיין, ד. ה. אַריינשטעלן אַ וואָכיקייט־איבערגאַנג בין קדושה לקדושה. פלעגט טאָקע, למשל, דער פרומער זיידע און טאַטע נאָכן וואַשן זיך ווענדן צו דער בעל־הביתטע נאָך אַ מעסער, זאַלץ וכדומה דווקא: „א־אי־נה, סכין, מלח...״ און דאָס אייגענע אויך לגבי באַנוצן זיך מיט שרייבן געדרוקטע אותיות; בדרך כלל שרייבט געדרוקטע אותיות נאָר אַ סופר־סתם און בלויז מזוזות און ספר־תורהס אָדער שיר־המעלות פאַר קימפעטאָרינס. אויך אַן אויפשריפט אויף אַ הייליקן ספר, אַ גמרא צי אַ מחזור, „הספר הזה שייך״ אאַז״וו מעג מען שרייבן מיט געדרוקטע אותיות, אָבער ניט אַ געוויינטלעכן, וואָכיקן געשעפטס־בריוו.

האָבן יידן טאָקע מחדש געווען און געמאַכט, ווי זייער שטייגער איז אַזעלכע פאַלע, אַ שפּראַכיקן אויסגעפינס פאַר שרייבן מיט געדרוקטע אותיות הייליקע טעקסטן — ס׳האָט ביי זיי געהייסן: שרייבן געכתיבהטע אותיות. ווי באַקענט פלעגן יידן אַלע מאָל אויסטיילן הייליקע ענינים אין זייער יידיש־ריידן דורך אַ העברעישן שפּראַכיקן עקוויוואַלענט. אַ טיש איז אַ פּשוטער, וואָכעדיקער מעבלשטיק; דער טיש אין בית־מדרש, אויף וועלכן מע וויקלט אויף און מע לייענט די הייליקע ספר־תורה הייסט אומבאַדינגט אַ שולחן. אויף אויפצוהענגען בגדים אין שטוב איז דאָ אַ שאַפע, אַן אַלמער; פאַר ספר־תורהס אָבער אין בית־מדרש, אָדער להבדיל בין חיים למתים, אויף ברענגען אין דעם צו קבורת־ישראל אַ ניפטר, איז דאָ דווקא אַן אָרון אאַז״וו. האָט מען טאָקע צוליב דער אייגענער סיבה צוגעטראַכט אַ שפּראַכלעכן עקוויוואַלענט פאַר שרייבן מיט געדרוקטע אותיות הייליקע טעקסטן — שרייבן געכתיבהטע אותיות.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אויף דער אויטאָנאָמישקייט פון די יידישע אותיות. זייער ווערט איז אין זיי אַליין און ניט בלויז אין זייער אויספילן אַ באַדינונגראָלע ביים בילדן אַ וואָרט. קאָן און מעג טאָקע יעדער יידישער אות באַשטיין אויף זיין רעכט, ווען מ׳וויל עס ביי אים אָפּנעמען, און ווען דער אָפּנעמער איז אַפילו גאָט אַליין. איז אין דעם פּרט זייער כאַראַקטעריסטיש, למשל, די תלמודישע אַגדה וועגן דעם, ווי אַזוי דער אות **א** איז געקומען מיט טענות צו און קעגן קודשא־בריך־הוא, פאַר וואָס דעם אות **ב** איז צוגעטיילט געוואָרן כבוד (די תורה הייבט זיך דאָך אָן מיט אַ **ב** — בראשית „**ב**ראשית ברא״) און ניט אים. האָט אים קודשא־בריך־הוא געגעבן גערעכט און אים קאָמפּענסירט פאַר דער באַגאַנגענער עוולה — די עשרת הדיברות הייבן זיך אָן מיט דעם אות **א**: ״**א**נכי״. נאָך מער: ווען שוין פון אָנהייב אָן פילט דער יידישער אות, פּונקט אַזוי ווי אַלע אותיות אין אַנדערע אַלטע א״ביתן, אַ געוויסע באַדינונג־ראָלע, ווערט אָט די ראָלע ביי דעם יידישן אות אַנדערש.

קולטור־געשיכטלעך, אַשטייגער, איז לייכט צו דערקלערן, פאַר וואָס אין אַלטע שפּראַכן ווערן אותיות אַ געוויסע צייט אויסגענוצט אויך ווי אַ פאַרצייכענונג פון צאָלן. אַזוי, למשל, האָט אין אַלט־סלאַווישן אַ"ב דער אות /І/ געגאָלטן צום פאַרצייכענען די צאָל 8, דער אות І — די צאָל 10, פונקט אַזוי ווי אין אונדזער יידישן אַ"ב האָט יעדער אות זיין צאָלבאַטייט, פון א — 1 ביז ת — 400. איז דאָך אָבער אַ גרונטיקער אונטערשייד צווישן אָט די ביידע געבראַכטע ביישפּילן: מיט דעם צאָלבאַטייט פון די סלאַווישע אותיות האָט מען שוין לאַנג־לאַנג זיך אויפגעהערט צו באַנוצן, ניט אַזוי מיט דעם צאָלבאַטייט פון אונדזערע יידישע אותיות וואָס איז אויפגעהיט ביזן היינטיקן טאָג און אַריין אַזש אין יידישן פאָלקלאָר. מים דעם צאָלבאַטייט פון די אותיות באַנוצט מען זיך ניט בלויז ווען ס'האַנדלט זיך וועגן הייליקע ענינים, נאָר אויך פאַר גאָר־גאָר פּראָזאַישן באַדאַרף: אַ ייד זאָגט למשל, ניט נאָר „ש" עולמות, נאָר אויך „תרפט אלפים" (ווען ס'האַנדלט זיך וועגן פּשוטע גרויסע געלט־סכומים פון נדן פאַר אַ פאַרריסענעם חתן, אָדער בכלל אין מסחר). און וואָס איז פון דעם געדרונגען? — אַז אַ פּסיכאָלאָג, וואָס פאַרנעמט זיך, אַזוי צו זאָגן, מיט פעסטשטעלן און אָפּשאַצן די „ווירטשאַפט" פון פאָלקס־מענטאַליטעט און נוצט דערביי אויס, ווי יעדער בוכפירער, יעדער איינציקן חיבור־צאָל, ד. ה. יעדער איינציקן שטייגער־פאַקט, פאַר דער סומירונג פון פאַראַלגעמיינערטע מסקנות, וואָלט געמעגט אויפשטעלן אַזאַ ריין־„ווירטשאַפטלעכן" זאַץ אויפן חשוב פון די יידישע אותיות: „מיט זיין אייגענעם, אין אים אָרגאַניש פאַרוואָק־סענעם צאָלווערט נאָטירט זיך יעדער יידישער אות הויכפּרייזיק אויף דער בערזע פון צאָל". ווייל יעדער יידישער אות האָט אַ „גרויסע, שטענדיק זיכערע דעקונג" אין דער יידישער פאָלקס־נשמה. דער צאָלבאַטייט פון יידישן אות איז דערביי כלל ניט באַשרענקט, אויך אין דעם פּרט איז דער יידישער אות זייער דינאַמיש, פּונקט אַזוי ווי ער קאָן אַליין איינשרומפּן, קאָן ער אויך זיך אויסברייטערן: אַ מאָל, איז ה בלויז 5 און אַ מאָל שפּרינגט ער אַריבער גלייך צו 5.000.

די אויסערגעוויינטלעכע, אָנביישפּילדיקע דינאַמישקייט פון יידישן אות לאָזט זיך דערקענען זייער אָפט און אויף מערערע, פאַרשיידענע געביטן. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, לשם צוגאָב־אילוסטראַציע, איינער פון זיי. אין אַלע אַנדערע לשונות עקסיסטירן שפּריכווערטער, וואָס זאָגן עדות וועגן דעם אומ־באַדינגט־סטאַטישן צושטאַנד פון די אותיות. דאָס אומגעקערטע אין יידישן לשון לגבי די יידישע אותיות. אַ רוס, למשל, זאָגט: „טשטאָ נאַפּיסאַנאָ פּיעראָם, ניע ווירוביש טאָפּיאָראָם" (וואָס ס'איז אָנגעשריבן מיט דער פען, קאָן ניט אויסגעהאַקט ווערן מיט אַ האַק), און ביי אונדז, דאַקעגן, ווערט געזאָגט: שטייט אין פּסוק און קומט דער פּסוק — ד. ה. אונדזער פּסוק, די יידישע אותיות פון אונדזער פּסוק, האָבן פאַר זיך אַ פרייען אויסוואַל פון מעגלעכקייטן, זיי באַשטימען אַליין זייער אייגענעם צושטאַנד אין סטאַטיק און דינאַמיק, אַז זיי ווילן פאַרהאַלטן זיי זיך און בלייבן שטיין אין אַז זיי ווילן ווערן זיי באַוועגלעך און „גייען" און „קומען".

אין קיין שום אַנדער לשון ווער־ סטו ניט געפינען אַזאַ אויסדרוק, וואָס דעקט אויף אייגנטלעך דעם אייגנאַרטיקן מהות פון דער יידישער פאָלקס־מענ־טאַליטעט, די אייגנאַרטיקע יידישע באַציונג צום יידישן אות, ווי „אותיות פורחות״ — אותיות פליען. אותיות קאָנען זיך אָפּרייסן, אָפּשיידן פון זייער צופעליקער טעקסט־אַכסניא און אָנהייבן — קלאָר און אָפן פאַר אַלעמען — צו לעבן זייער זעלבשטענדיק לעבן. און ביי אט דעם דערמאָנטן כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק איז באַלערנדיק נאָך איין פּרט: די דאָזיקע שפּראַכיקע פאָרמאַציע פורחות, אין באַהעפטונג צו אותיות, אַט דער דאָזיקער מעטאַפער, וואָס איז געליען פאַר יידישע אותיות בעצם פון דער באָטאַנישער וועלט (פורחות הייסט, אייגנטלעך בליען) באַווייזן אונדז אַז דער אוראַלטער העברעער האָט שוין בשעתו געוווּסט, בכל־אופן פאָרגעפילט, די אָפּטע סיבה־דיקע שייכות וואָס צווישן דער זאָאָלאָגישער און באָטאַנישער וועלט ביי דער פונקציע פון באַפרוכפערונג: פליענדיקע פייגל העלפן מיט דער באַפרוכטונג פון געוויקסן, איבערטראָגנדיק דעם פרוכפערונג־שטויב פון געוויקס צו געוויקס. און ס׳איז אינטערעסאַנט דער פאַקט, וואָס דורך באַנוצן זיך מיט דעם דערמאָנטן זאָאָ־באָטאַנישן מעטאַפער פורחות אויף לגבי יידישע אותיות, האָט שוין דער אוראַלטער העברעער מסתם געוואָלט לאָזן וויסן, אַז דער יידישער אות האָט אַ באַפרוכפערונג־מעגלעכקייט און פונקציע לגבי יעדער טעקסטאינהאַלט, לגבי יעדער פסוק, וואָס „שטייט״ אָדער „קומט״. ווידער אַמאָל אַ ראַיה צו דער העכסטער אויטאָנאָמישקייט פון יידישע אותיות; די עצם דינאַמישקייט פון יידישן אות איז סיי אַ מיטל און סיי אַן אַנטפלעקונג פון ציל, וואָס אין דער אויטאָנאָמישקייט פון יידישן אות.

מיט דער דינאַמישער אייגנשאַפט און אויטאָנאָמישן געהאַלט פון יידישן אות דערקלערט זיך, אַגב, אויך נאָך איין אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין דער יידישער סביבה: כ׳האָב אין זין די באַזונדערע פאָלקסיידישע „שוואַכקייט״, די פאַרשטאַרקטע יידישע פרעדיספּאָזיציע צו באַנוצן זיך מיט ראשי־תיבות, מיט שאַפן אַליין און דעשיפרירן געשאַפענע דורך אַנדערע אַזוי־גערופענע „נוטריקון״־מאָזאַיק.

די וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין דער פראַגע: פאַר וואָס האָבן דווקא יידן און נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן געבומען אַרויסווייזן אַ באַזונ־דערע נייגונג צו באַנוצן זיך מיט ראשי־תיבותן, שטעלן אַרויס ווי אַ סיבה די בייטיקייט אין קאָנספּיראַציע אין דער יידישער סביבה: יידן, וואָס האָבן געלעבט אומעטום און אַלע מאָל אין די סכנהדיקסטע באַדינגונגען פון רדיפות, מצד דער פיינדלעכער גוישער וועלט, האָבן געמוזט שוין אין זייער שפּראַכישן פאַרקער צווישן זיך גופא איינפירן אַ שטרענגע געוואָרנטקייט, רעדן פאַרשטעלט צווייידייטיק, אָפּט רעאַגירן אָנפאַלעריש, מיט צאָרן און כעס אויף שונאי־ישראל, אָבער אַזוי אַז די רעאַגירונג זאָל זיין נאָר פאַר אינעווייניקסטן, אייגענעם געברויך, און די, וואָס קעגן זיי איז די אָנפאַלערישע (ריכטיקער: דעפענסיווע) רעאַגירונג געווענדט, זאָלן עס ניט וויסן און ניט פאַרשטיין.

אַ פֿאַראַלגעמיינערטער ביטול־נאָמען פֿאַר אַלע גויים איז, למשל, דאָס וואָרט עכום. צווישן יידן גופא, וואָס האָבן אָט דאָס וואָרט געברויכט, האָט מען געוווּסט, אַז ס׳איז אַ ראשי־תיבות־וואָרט: „עובדי כּוכבים וּמזלות״ (געצנדינער). מע האָט אָבער אויך געוואָלט, אַז די גויים זאָלן דאָס וואָרט האַלטן פֿאַר אַ געוויינטלעכע, שפּראַכיקע בילדונג, אַ וואָרט ווי אַלע ווערטער...

מוז מען טאַקע אָננעמען, אַז אָט די דערקלערונג איז באַזירט אויף ניט־אָפּפֿרעגלעכער לאָגיק. וואָס מע קאָן אָבער ניט אָננעמען איז, אַז די דאָזיקע דערקלערונג זאָל זיין די איינציקע, זי זאָל האָבן אויפֿגעדעקט די סיבה, וואָס איז איינע און אַליין אָנצוווענדן צו דער דערמאָנטער דערשיינונג אומעטום און אַלע מאָל אָן אויסנעם. ריכטיקער איז, אַז די קאָנספּיראַציע־דערקלערונג זאָל זיין איינע פֿון מערערע, אפשר אפילו די וויכטיקסטע און מאָסגעביקסטע צווישן זיי, אָבער ניט די איין און איינציקע. והראיה: מיר טרעפֿן דאָך ביי אונדז אַ באַנוצונג מיט ראשי־תיבותן אויך אין פֿאַלן, ווען און ווו ס׳עקסיסטירט כלל ניט די נייטיקייט אין קאָנספּיראַציע. די דאָזיקע פֿאַלן זענען אַפֿילו די איבער־וועגנדיקסטע מערהייט אין יעדער קאָרעקטער זאַמלונג פֿון ביי אונדז געברויכטע ראשי־תיבות ווערטער, ווי, למשל, מאיר האַלפּעריס „ספר הנוטריקון והכנויים״. יידן באַנוצן זיך מיט אַ באַזונדער ליבע און אינטענסיווקייט מיט ראשי־תיבותן אין ביז גאָר פּשוטע ענינים, ביי וועלכע ס׳פֿעלט לחלוטין די נייטיקייט אין געוואָרנטקייט און אין מאַסקירן דעם אמתן מיין. האַלטן מיר דעריבער, אַז זאָל זיין די צאָל סיבות פֿון דער דערמאָנטער דערשיינונג גרויס ווי זי איז, איינע פֿון אָט די סיבות, אַ צוגאָב צו דער קאָנספּיראַציע־סיבה, איז די באַזונדערע יידישע באַציונג צו יידישע אותיות, די באַציונג, וואָס מאַכט מעגלעך און הייסט אָפּערירן מיט אותיות, אין זכות פֿון זייער הויכן ווערט. צו כלערליי ערנסטע און שפּילעריש־קאָמבינאַטאָרישע צילן. ביי די אומות־העולם איז אַ וואָרט די ענדגילטיקע שפּראַכיקע אינהאַלט־פֿאָרמאַציע. אין אים, אין וואָרט, זענען די אותיות איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל סינטעזירט געוואָרן אַזוי, אַז ס׳בלייבט שוין ניט איבער נאָך דעם מער קיין נייטיקייט פֿאַר אַ נייעם אַנאַליז, וואָס באַפֿרייט די אותיות פֿון אויפֿשמעלצנדיקן סינטעז און קערט זיי אום זייער פֿריערדיק רעכט אויף זעלבשטענדיקייט. אותיות זענען ביי די אומות־העולם בלויז ציגל פֿאַר אַ בנין. נאָך דעם ווי דער בנין איז שוין אויפֿגעשטעלט פֿון זיינע ציגל, בלייבט אָפֿן פֿאַרן אויג דער גאַנצער בנין און די ציגל פֿאַרשווינדן. אַנדערש איז עס ביי אונדז מחמת אונדזער ספּעציפֿישער באַציונג צום יידישן אות: דאָס סינטעזירטע וואָרט לאָזט נאָך איבער און איז מחייב אַפֿילו אַלץ נייעם, זיך איבערחזרנדיקן אַנאַליז, דער וואָרט־בנין שלינגט ניט איין און פֿאַרטונקלט ניט זיינע אותיות־ציגל. אַז מע באַדאַרף, — און מע באַדאַרף עס דווקא אָפֿט, — נעמט מען אַרויס פֿון בנין ציגל פֿאַר נייע בנינים...

אויך די ציגל פֿאַרמאָגן זייער אויטאָנאָמישע רעכט, אַפֿילו מער ווי דער פֿאַרטיקער וואָרט־בנין.

ראשי־תיבות־באַנוצונג האָט אירע צוויי פֿאַזעס: ווער עס שאַפֿט אַ וואָרט פֿון ראשי־תיבותן, טוט אַ סינטעטישע אַרבעט, שלעפּט און העפֿט צוזאַמען ציגל

אין און פאַר אַ בנין. דער, וואָס דעשיפרירט פּאַרטיקע ראשי־תיבות־ווערטער, באַמיט זיך צו זען אין יעדער וואָרט אַ צוזאַמענבונד פון ראשי־תיבותן, טוט אַן אַנאַליטישע אַרבעט, נעמט אַרויס די ציגל פון פּאַרטיקן בנין און קערט זיי אום זייער געוועסט־פּאַרלוירענעם, אייגענעם ווערט.

אַ סך צו דרינגען לטובת אונדזער צוגאַב־דערקלערונג איז טאַקע פון דעם פאַקט, וואָס די צווייטע פּאַזע איז ביי יידן אַ סך אָפטער איידער די ערשטע. מיט דער ערשטער פּאַרנעמען זיך געציילטע, מיט דער אַנדערער — א סך און אַ סך סתם־יידן. פון דער אויסדערוויילטער לומדישער סביבה איז אָט די פּאַרליבע צו זוכן ראשי־תיבות־דעשיפרירונג אין ווערטער מגולגל געוואָרן אַזש ביז צום יידישן פּאָלקלאָר, ביז צו דער „שוסטערגאַס". ניט בלויז אַ פּסיידאָ־לומדישער טוביה דער מילכיקער, אַן עם־הארץ וואָס איז אַנגעהויכט מיט לומדישער לופט, נאָר אַפילו אַ ביז גאָר פּשוטער ייד פון אַ גאַנץ יאָר — אַז דו וועסט זיך צו אים גוט צוהערן, וועסטו אין אים אויסגעפינען די דערמאָנטע פּאַרליבע. ער טוט עס ניט בלויז מיט העברעיש, נאָר אויך מיט יידישע ווערטער. אויך פאַר אים איז וואָרט אַ מין „אוניווערסאַלער געשעפט" פון אַל דאָס גוטס. מע קאָן דאָס וואָרט דרייען אויף אַלע זייטן און אין אים אויסגעפינען אַלץ. און פאַר וואָס? — ווייל דאָס וואָרט איז אויפגעשטעלט פון יידישע אותיות, און זיי האָבן דאָך די אייגנשאַפט פון מן אין דעם מדבר — מע קאָן אין זיי פילן אַלע טעמים און מאַכן אַלע געריכטן. יעדער יידישער אות רייסט זיך אָפּ פון איין וואָרט און באַהעפט זיך צו אַ צווייטן וואָרט. יעדער יידישער אות פאַרמאָגט אויטאָנאָמישקייט און דינאַמישקייט צוזאַמען.

גילט טאַקע די ראשי־תיבותדיקע דעשיפרירונג פון ווערטער סיי פאַר די העכסטע צילן פון חישוב־הקץ, פון אויפדעקן דעם גאַנצן סוד „ווען משיח וועט קומען" אין דער סביבה פון געציילטע לומדים און מקובלים, און גלייכצייטיק אויך פאַר פּשוטן שערץ, ווי אַ שפּאַסמיטל אין דער סביבה פון האַלב און גאַנץ עם־הארצישע יידן. ווען אַ ייד, למשל, הערט איבערגעטריבענע לויברייד וועגן אַ געמאַכטן, פאַלשן „צדיק" (ביי אַ פּשוטן יידן הייסט אַזאַ „צדיק" — אַ „קרומער צדיק" — לויט דער גשטאַלט פון אות צ אין א"ב), גיט דער פּשוטער ייד צו: „יאָ, יענער טוט טאַקע אַלץ, ווי איר זאָגט עס, בצדק". בצדק הייסט אָבער „ביז צו דער קעשענע"...

און דער פאָלקלאָר ליפערט אונדז דאָך אַזעלכע ביישפּילן אין פולע הויפנס. די באַזונדערע באַציונג צום יידישן אות האָט געבראַכט אויך צו דעם, מע זאָל פאַר ערנסטע און שטיפעריש־שפּילערישע צילן אָפּערירן אויך מיט איינצעלנע אותיות. פּיוט־דיכטער, מחברים פון תפילות באַנוצן זיך מיטן אַקראָסטיך, מיט אַריינשטעלן אין אָנהייב פון די פערזן, לויטן סדר, די אותיות פון זייער אייגענעם, מחברשן נאָמען. און אויך אין דער געוויינטלעכער יידישער סביבה שפּילן זיך קינדער אין אותיות־שפּיל, למשל: די אַזוי־גערופענע „מם־שין־הא"־שפּיל, — די זיך שפּילנדיקע קינדער נעמען אָפּענע ספרים און זוכן צווישן די 4 עקסטע אותיות פון עמוד איינע פון די אותיות וואָס אין

וואָרט „משה״. ווער ס׳איז דער ערשטערביים אָפּזוכן די אַלע דריי אותיות רעכנט זיך פאַרן שפּיל־געווינער. דערוואַקסענע זינגען פזמונות, וואָס אין יעדער פּערז קומט אַ וואָרט מיטן אָנהייב־אות לויטן סדר פון א״ב און אַזוי ווייטער.

דעם סדר פון די אותיות אין א״ב נוצט מען אויס אין אַלע מעגלעכע ריכטונגען — פון רעכטס אויף לינקס: **אבגד**, פון לינקס אויף רעכטס: **תשרק, צפעס**... און געמישטע־געפּאָרט, רעכטס מיט לינקס צוזאַמען: **את־בש גר־דק**...

דער סדר־האותיות, געוויסע קאָמבינאַציעס אין אָט דעם סדר־האותיות, דינען אָפט אויך ווי אַ מנעמאָנישער מיטל אויף צו פאַרהאַלטן און פאַרפעסטיקן עפּעס וויכטיקס אין זיכרון. געגוג פון מערערע ביישפּילן דאָ צו דערמאָנען דעם פּסוק, דעם אינדיווידועלן פּסוק, וואָס יעדער פרומער ייד פלעגט זאָגן דריי מאָל אין טאָג פאַרן „אויסגיין שמונה־עשרה״. יעדער פּסוק אַזאַ האָט באַדאַרפט זיין געבויט אַזוי, אַז אין זיין אָנהייבוואָרט זאָל זיין דער אָנהייב־אות פון געגעבענעם יידנס נאָמען און אין סוף־וואָרט — דער סוף־אות. דער פּסוק פון אַ יידן מיטן נאָמען „ישראל״, אַ שטייגער, איז געווען: „ימין ה׳ רוממה, ימין ה׳ עושה חיל״. צו וואָס איז עס געווען בייטיק אָט דער פּסוק און דאָס דריימאָליקע טאָג־טעגלעכע איבערחזרונג זיינע? — כדי דער ייד זאָל זיך מיט דער הילף פון אָט דעם פּסוק דערמאָנען אין זיין נאָמען, ווען ער, דער ייד בעל־הפּסוק, וועט שטאַרבן און קומען אויף יענער וועלט און דער מלאך־הדומה וועט אים פרעגן: „מה שמך?״, זאָל ער וויסן וואָס צו ענטפערן...

כ׳האָב שוין אָנגעוויזן אויף דעם, אַז די באַציונג צום יידישן אות האָט זיך באַזונדערס געדעכנט מיט דער צורת־האותיות. געדרוקטע אותיות זענען געווען מער פאַרהייליקט ווי געשריבענע. ווייל איך נאָך צו דעם צוגעבן דעם כאַראַקטעריסטישן פּרט: די אייגענע פאַרהייליקונג־באַציונג האָט זיך דאָך ניט געמינערט און ניט געביטן אַפילו אין דער העכסט־ראַדיקאַלער וועלטלעכער יידישער סביבה, אַפילו אין דער פריידענקעריש־אַפּיקורסישער יידישער סביבה. פּרוּוון פון לאַטייניזירן דעם אַלט־יידישן א״ב זענען, כידוע, געמאַכט געוואָרן ניט איין מאָל. די פּרוּוון האָבן געהאַט זייערע איניציאַטאָרס און באַגייסטערטע אָנהענגערס סיי אין דער העברעיסטישער און סיי אין דער יידישיסטישער סביבה (זשאַבאָטינסקי, בן־אבי, פון איין זייט, און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, פון דער אַנדער זייט), און אָט די פּרוּוון זענען ניט אָנגענומען געוואָרן. וואָס דאַרף מען מער? — אַפילו אין דער יעווסעקישער סביבה אין ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס אין איר זענען, עס דאַכט זיך, ניט פאַרבליבן קיין רעליגיעזע סענטימענטן, אַפילו אין אָט דער סביבה האָט מען זיך דערלויבט אַרויסצוואַרפן פון געברויך בלויז עטלעכע געציילטע יידישע אותיות, אָבער אויף דער צורת־האותיות בכלל האָט מען זיך ניט דערוועגט צו פאַרמעסטן...

ווייל אומעטום און אַלע מאָל איז די באַציונג צום יידישן אות מצד יידן, באַוווסטזיניק צי אומבאַוווסטזיניק, אַ דורכויס פאַרהייליקטע באַציונג, אַ באַציונג — ווי מיר האָבן עס באַצייכנט — פון „קידוש־השמות״. און די פּרימערע סיבה פאַר אַזאַ באַציונג איז ניט בלויז דערפאַר, ווייל — ווי ס׳הייסט ביים פאַלקסדיכטער —

„וויפל אין די אותיות ליגן טרערן און וויפל געוויין". דאָס לעצטע דאַרף באַטראַכט ווערן גיכער ווי אַ רעזולטאַט פון דער עצם באַציונג צום יידישן אות איידער ווי אַ סיבה דערפון. דער אמתער נוסח באַדאַרף זיין: ווייל יידן באַציען זיך מיט פאַרהייליקונג צו זייערע אותיות, האָבן זיי טאַקע אָט די אותיות אויס־געווייקט מיט טרערן און געוויין, האָבן זיי טאַקע אָט די אותיות אָנפאַרטרויט זייערע ליידן און פריידן.

יידן זענען פאַרקנסט מיט יידישע אותיות אויף אייביק!

# אפגעדאַוונט און האַלט שוין ווידער פונפאַרנט...

„...הויב איך זיך אויפּעט און שפּרייז מיר זיך ווייטער"
(אַ מאָטיוו אין איינער פון י. ל. פּרץ'ס דריי מתנות
און אין אַ ליד פון ה. לייוויקן)

א.

ווי קומט עס, וואָס אין יידישן פאָלקלאָר, אָט דעם וואָס כראָנאָלאָגיש־גענעטיש שטאַמט ער פון פרום־רעליגיעזן יידישן פאָלקס־מויל, הייסט „אָפּגעדאַוונט" — אַנאַלאָג, להבדיל, צום דייטשישן „אָפּגעדאַנקט". איז דען אין דעם (און באַזונדערס לגבי דעם סובסטאַנטיוו „אַן אָפּגעדאַוונטער") פון אָנהויב אָן געווען איראָניע, ניהיליסטיש־אַפּיקורסישער אָפּשפּאָט פון דאַוונען? — ניין! דעם אָפּשפּאָט־ניואַנס האָבן ערשט שפּעטער אַריינגעבראַכט די נישט־דאַוונענדיקע אַפּיקורסים. אין מקור האָט עס געהאַט אַן אַנדער גרונט: דווקא צוליב דעם, וואָס צום דאַוונען איז געווען אַ פּאָזיטיווע באַציאונג, דווקא ווייל מ'האָט אין דאַוונען געזען אַ יידישע לעבנס־באַשטימונג, אַ הויכן תכלית, האָט דאָס ממילא מחייב געווען די פּערמאַנענץ, די אומאויפהערלעכקייט פון דאַוונען, און רחמנות־ווערט און אומגליקלעך איז געווען דער יעניקער, ביי וועמען אָט די פּערמאַנענץ האָט, חלילה, זיך איבערגעהאַקט.

אַ ייד דאַרף שטענדיק און כסדר דאַוונען!

די גויים וואָס זאָגן? — „איך אָטעם — אַ סימן, אַז איך לעב". די יידן אָבער האַלטן, און ווען זיי זאָגן עס אפילו נישט: „איך דאַוון — אַ סימן, אַז איך לעב", אַז איך איב אויס פול און גאַנץ מיין לעבנס־באַשטימונג.

זענען פרום־יידישע מענטשן טאַקע שטענדיק געווען „זריזין מקדימין" צום דאַוונען, אויפגעשטאַנען „אַ שעה פאַר טאָג" און געלאָפן צום „ערשטן מנין". — די סקאַנדינאַווישע און האָלענדישע האָבן אָפּגעגעבן מי און צייט אויף אַרויסרייסן און אָפּראַטעווען שטיקער „יבשה" ביים ים, יידן פלעגן זייער מי און פלייס אָפּגעבן ביי דער נאַכט און אַלץ צוליב פאַרגרעסערן און אויסברייטערן די צייט פאַר דאַוונען. פונקט אַזוי ווי זיי פלעגן זיך איילן און קומען צום ערשטן מנין, פלעגן זיי זיך פאַרהאַלטן און אַוועקגיין פון שול מיטן לעצטן מנין. זיי פלעגן בכלל דעם גרעסטן טייל פון זייער טאָג און נאַכט פאַרברענגען אין שול גופא. אַ יידישע שול האָט נישט צופעליק געטראָגן אויף זיך די עטלעכע סינאָנים־טיטלען: „בית־תפלה" — „בית־מדרש" און „בית־כנסת" — צוליב „תפלה" און „מדרש". און אָט דער לעצטער איז דאָך בעצם בלויז אַן

אַנדערער, אַ צוגאָב־אופן פאַר „תפלה״, — פלעגן זיך יידן כסדר זאַמלען אין שול אריין. „זאַמלען״ און „פאַרזאַמען״ זענען ביידע פון איין גענעטיש־שפּראַכ־לעכן און אינהאַלטלעכן טייג געקנאָטן. און נאָך עפּעס וועגן „תפלה״ און „מדרש״: אמת איז טאַקע, אַז אין אונטערשייד פון די „חסידים״ פלעגן די „מתנגדים״ אַביסל מזלזל זיין אין אייגנטלעכן דאַווגען, פלעגן אָפּט אָפּכאַפּן איף גיך די טראַדיציאָנעלע „סדור״־תפלות, ווייל פאַר זיי איז געווען וויכטיקער די גמרא. די מתנגדישע לומדים פלעגן גאַוההדיק־אַריסטאָקראַטיש קוקן פון אויבן־אַראָפּ אויפן פשוטן בידנעם פאָלקס־ספרל, דעם „סידור״. ווייל זיי האָבן זיך געצויגן צום יוסטן, חשובן, גרויס־היקפדיקן און שענער־געבונדענעם „גמרא״־פאָליאַנט מיט זיינע „מפרשים״, פלעגן זיי טאַקע, די מתנגדישע לומדים, אויף שנעל „אָפּזוכן״ די תפלות אויף־אויסווייניק און דעמאָלט ווען די פשוטע חסידישע פאָלקס־יידן פלעגן פראַווען טיפע, פאַרדבקהטע כוונות אויף יעדן וואָרט, וואָס אין „סידור״ פאַר זייערע אויגן, זיך קלאַראַטוריש־צעציקלען אין „אח־ח־ח־חד״, למשל, פון „שמע ישראל״ און נישט איינהאַלטן זיך און צעאויקען און צעשרייען זיך אויך אין אַ „תפלה־בלחש״, ווי „שמונה־עשרה״, אַ שטייגער, פלעגן די מתנגדישע לומדים גאָר צעזינגען זיך איבער אַ גמראדיקן „תנו רבנן״ און אַ „מאי קא משמע לן״... פלעגן זיי טאַקע זיך געפינען ווי אין שטענדיקער „אָפּאָזיציע״ צום שליח־צבור, וועלכער שטייט ביים עמוד און פירט אָן מיט דער דעמאָקראַטישער סידור־תפלה און מיט זייערע גמרא־ניגונים דיסאָנאַנסירן יענעמס תפלה־ניגון. דאָס אַלץ אָבער איז געווען נישט דערפאַר, וואָס די מתנגדישע לומדים האָבן נישט געדאַוונט, נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן אַנדערש געדאַוונט, פאַר זיי איז דאָס תורה־לערנען געווען דאָס „דאַווגען״, די וויכטיקסטע השלמה צום „דאַווגען״. האָבן דאָך אין יידישן דאַווגען געגאָלטן פאַרשידענע שיטות און נוסחאות — אַ נוסח־אשכנז און אַ נוסח־ספרד, למשל, איז אויך געווען אַ מין ליטוויש־ווילנער „מתנגדיש־לומדישער״ נוסח — אַ נוסח־גמרא ווי אַ צוגאָב צום נוסח־„סידור״. אַלע אָבער און וואָס פאַר אַ תפלה־נוסח יעדערער האָט נישט גענומען פאַר זיך, האָבן כסדר „געדאַוונט״, געזאַמלט — און פאַר־זאַמט זיך אין שול ביים דאַווגען.

ווי טריי אַ פשוטער דאַוון־ייד איז נישט געווען צום סידור, האָט ער אויך מיט אים אַליין זיך נישט באַנוגנט, האָט שטענדיק געהאַט מוסיף געווען צו אים אויף אויסנווייניק אויך אַנדערע צוגאָב־טעקסטן און אַלץ צוליב דעם, די תפלה זאָל נישט זיין פאַרענדיקט, ס׳זאָלן אין איר נישט זיין, חלילה, קיין צו גרויסע און לאַנגע בלויזן. פלעגסטו אויך אַ פשוטן יידן, אַ קרעמער, אַ בעל־מלאָכה, שטענדיק טרעפן, אַפילו ווען ער איז געווען באַשעפטיקט מיט זיין פרנסה־אַרבעט, ווייל זיינע „לעפצן באַוועגן זיך און זיין קול הערט זיך נישט״ — וואָס האָט ער עס דעמאָלט שטיל געמורמלט? — שטיקלעך פון צוגעגעבענע תפלה־טעקסטן, קאַפּיטלעך תהלים און פיוט־טיילן. פלעגט אינמיטן אַ וואָכיקן טאָג אַרויסהיילכן פון יידישע הייזער, פון שניידערשע וואַרשטאַטן און קרעמער־טישן און צום טאַקט פון שווערן האַמער־קלאַפּ אין אַ שמיד־קוזניע, קליינגנדיקע שבת־יום־טובדיקע תפלות. יידן, פשוטע יידן, האָבן ביי זייער גאַנצער אַלטעג־

לעבער מאַטעריעלער דערשלאָגנקייט און וואַכיקייט געגאַרט און געלעכצט צו זיין און פאַרבלייבן שטענדיק שבת־יום־טובדיקע יידן. לכל־הפחות, דורך דאַוונען.

איז דאָס, וואָס ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער האָט געזאָגט צוליב מלמד־זכות זיין אויף אַ בעל־עגלה, וועלכער דאַוונט שמירנדיק, נעבעך, די רעדער, קען און באַדאַרף געזאָגט ווערן גאָר אָן געקינצלטן מלמד־זכות־זיין אויף יידן בכלל: אַ ייד פון אַמאָליקע יאָרן פלעגט דאַוונען אויך ביי זיין האַנדל־וואַנדל, ער פלעגט ממשיך זיין און דאַוונען אויך נאָך און פאַר זיין דאַוונען, צום קאַנאַניזירטן דאַוונען מיט אַ באַשטימטער צייט און נוסח פלעגט ער אַליין צוגעבן אייגענעם דאַוונען.

פונקט אַזוי ווי ס׳זענען געווען לומדים מתמידים, זענען אויך געווען דאַוונער מתמידים!

פלעגן טאַקע שוין קליינע קינדער ביי יידן באַצייטנס אָנגעזאָגט ווערן פון זייערע טאַטע־מאַמעס אינדערהיים און פון רבין אין חדר: „איר זאָלט זיך, למען־השם, היטן פון זאָגן „כ׳האָב שוין אָפּגעדאַוונט״, „כ׳האָב געדאַוונט״ — יאָ, אָבער קיינמאָל נישט „כ׳האָב אָפּגעדאַוונט״. ווייל אין „אָפּגעדאַוונט״ שטעקט אַ זלזול צום דאַוונען, ווייל צו דאַוונען איז קיין שיעור נישטאָ און קיין סוף, ווייל אַן אמתער גאָטספאָרכטיקער ייד הערט גאָרנישט אויף צו דאַוונען...

וואָרום אויך ברעקלעך תפלות „פונפאָרנט״ — פאַרן דאַוונען — און נאָכן דאַוונען זענען גלייכווערטיק מיט דעם עיקר דאַוונען און אויך זיי פאָדערן צו זיך אַ בציאונג פון אָכפּערונג און צערטלעכע זאָרגעווידיקייט.

ב.

פונוואַנען זאָל שטאַמען דאָס יידישע צייט־וואָרט „דאַוונען״? — זייער מעגלעך, אַז ס׳זאָל זיין אַ יסוד צו דער השערה, וועלכע ציט די גענעאָלאָגיע פון יידישן וואָרט „דאַוונען״ פון דעם ענגלישן ״Dawn״ וואָס זיין טייטש אין „פרימאָרגן־דעמערונג״ און נאָענטער צו אים שטייט דאָס איין־שורשדיקע און ענלעך־קלינגנדיקע ״Dask״ וואָס באַדייט „אָוונט־דעמערונג״. די עיקרדיקע תפלות פון די פרום־גלויביקע אין אַלע רעליגיעס זענען טאַקע „שחרית״ און „ערבית״, ד.ה. די יעניקע, וואָס ווערן געדאַוונט אָדער פאַרטאָג אָדער פאַרנאַכט, אין ביידע פאַלן בשעת דעמערונג, נאָך דעם ליכט־פאַרשווינדן אָדער פאַרן ליכט־אויפקומען. דיכטער מעגן אין דעם זען אַ סימבאָלישע שייכות, פאַר פסיכאָלאָגן איז עס שוין אַ סך מער איידער בלויזע סימבאָליק — פאַר זיי איז אין אָט דער צוזאַמענטרעפונג, דורכקרייצונג פון דעמערונג פון ליכט־שאָטן־שפיל אין דער אויסערלעכער אַרומיקער נאַטור און פון רעליגיעזן ציטער וואָס אין דעם מענטשנס אינעווייניקסטער נאַטור, אין מענטשנס געמיט, אַ שליסל צו לייזן, צו עפענען אַ פסיכישע רעטעניש: וואָס אַזוינס איז פאַר דעם מענטשן זיין דאַוונען און צוליב וואָס עס טויכט אויף זיין עצם־נטיה צום דאַוונען? —

אויך אין דער אינעוויניקסטער מענטשלעכער נשמה־נאַטור, פונקט אַזוי ווי אין דער אויסערלעכער, אַרומיקער נאַטור, קומט פאָר אַ כסדרדיקער געראַנגל צווישן ליכט און שאָטן. אויך דאָ צעשפרייטן זיך אָפט אַרום די ראַנדן און אין סאַמע מיט פון פאַרקלענערטן, אויסגעלאָשענעם ליכט אַ דעמערונג. וואָס זאָל עס הייסן אין דער איבערזעצונג אויף אַ קאָנקרעטן לשון? —

די טרייב־קראַפט אין מענטשלעכן לעבן, די זון, וואָס מיט איר ליכט און וואַרעמקייט מאַכט זי וואַקסן די אינערלעכע כוחות פון דעם מענטשן און גיט זיי צו די נויטיקע פיגמענטן, איז דעם מענטשנס „איך“־געפיל, זיין גלויבן אין זיך און פאַרלאָזן זיך אויף זיך; וואָס שטאַרקער דאָס דאָזיקע „איך־געפיל“ איז ביים מענטשן, אַלץ פולער און גאַנצער איז זיין עקסיסטענץ־באַפרידיקונג. אין סאַמע אָנהויב פון זיין לעבן, דעמאָלט, ווען ער, דער יונג־מענטש איז נאָך קינדיש־תמימותדיק דערפאַר, וואָס ער איז נאָך אינגאַנצן נסיון־לאָז, שרייט ארויס דאָס דאָזיקע געפיל פון אַלע זיינע רמ״ח אברים. פונקט ווי, להבדיל, פון גאָטס מויל אין דער ערשטער און וויכטיקסטער פון אלע זיינע עשרת־הדברות, „אנכי“ — מיין „איך“ איז אַבסאָלוט, באַדאַרף נישט און וויל נישט קיין שותפות מיט קיינעם, מיין „איך“ איז אַלמעכטיק אין זיין אליינקייט. דויערט עס אָבער נישט לאַנג, שוין ביי די ערשטע, שווערע נסיונות ביים אָנשטויסן זיך אין דער אַרומיקערווירקלעכקייט, מוז דאָס „איך“־געפיל ביסלעכווייז, און וואָס ווייטער אַלץ מער, איינגעשרומפן ווערן. דער „איך“ מוז אָנהויבן שליסן — בדלית־ברירה — שותפות מיט „דו“ און „איר“. זעלטן־זעלטן, בלויז ביי געציילטע, אויסדערוויילטע וונדער־מענטשן, דערהויבט זיך זייער עקזיסטענץ אויך שפעטער צום סאַמע־זעניט פון יענער זון זייערער, וועלכע הייסט „איך־געפיל“. אָבער אויך ביי זיי דויערט עס נישט לאַנג, אויך ביי זיי מוז די „איך־זון“ אָנהויבן אַראָפּנידערן און אַראָפּלאָזן זיך ביז דעמערונג. וואָס איז דער טייטש „דעמערונג“ אין פסיכישן מענטשלעכן לעבן? דאָס שטאַרק־אָפּגעשוואַכטע, טיף־אַראָפּגעלאָזענע „איך־געפיל“, דאָס אָנשטויסן זיך אויף פחד־ און אומזיכערקייט־עמפינדונגען, די מיט אַמאָל געפילטע און אָנערקענטע נויטיקייט אָנצוקומען צו הילף מן־הצד.

איז דער פערזענלעך־געמיטלעכער בין־השמשות אין אָט דעם באַשריבענעם זינען ביי דעם מענטשן פאַרבונדן אויך מיט דער אויסערלעכער דעמערונג: פינצטערניש שטאַרקט טאַקע ביי דעם מענטשן זיינע אינערלעכע פחד־ און אומזיכערקייט־עמאָציעס. אַ מענטש, וואָס איז נאָך פון פריער נוטה צו זעלישער „דעמערונג“, שטאַרקט זיך ביי אים אָט די לעצטע בשעת דעמערונג אין דער אַרומיקער נאַטור.

זענען זיכער רעליגיע־פסיכאָלאָגן נישט אומגערעכט, ווען זיי זאָגן, אַז דער ערשטער רעליגיעזער קערן איז פאַרזייט געוואָרן אין אור־אור־אַלטן מענטש־לעכן מוח און האַרץ דווקא אין אַן אָוונטיקע בין־השמשות־שעה, ווייל דעמאָלט, אַ סך מער און העפטיקער איידער, אַ שטייגער, אין דער פול־ליכטיקער מיטאָג־צייט איז ער, דער פרי־מענטש, געווען מסוגל אַריינצופאַלן אין דער שטאַרקסטער אָפּהענטיקייט און הילפסלאָזיקייט, געוואָרן אַמערסטן מסוגל צו דערפילן און

אַנערקענען די נויטיקייט פון אָנקומען צו גאָט ברוך־הואס רחמים און גנאָדיקייט.

אויב איןביידע דעמערונגען־צייטן ווערט דער „איך" פון גלויביקן מענטשן נוטה זיך משתף צו זיין מיט גאָט ברוך־הואס „דו": אין אָוונט, ווען די דעמערונג קומט נאָך דער אונטערגייענדיקער זון און אין פרימאָרגן פאַר דער ווידער־אויפגייענדיקער זון, איז דאָך פאַרשיידן דער כאַראַקטער פון מענטשנס געמיטס־צושטאַנד אין יעדער פון אָט די ביידע מינים דעמערונג, — ביי דער ערשטער איז דעם מענטשנס האַרץ פול־איבערפולט בעיקר מיט פחד, ביי דער צווייטער, דאַקעגן, מיט האָפנונג. אין דער אָנערקענונג: „שוין נישטאָ קיין ליכט" ליגט דאָך פאַרטוליעט מער רעזיגנאַציע איידער אין דעם „נאָך נישטאָ קיין ליכט". ביי ביידע מינים אָנערקענונג נויטיקט זיך דער מענטש אין רחמים, אין צווייטן פאַל איז אָבער זיין האָפנונג אַ געפליגלטערע איידער אין ערשטן פאַל, די פרימאָרגן־תפלה מונטערט מער איידער די ערבית־תפלה.

אַזוי איז עס אין אַלע רעליגיעס: דעם מוזולמענישן „מואַזינס" קול קלינגט אַראָפּ פון מעטשעט־טורעם אין אָוונט אַ סך טרויעריקער איידער ביי זיין רופן צו דער פרימאָרגן־תפלה, דער „וועטשערני זוואָן", דאָס גלעקער־געקלינגעריי פון פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער פּילט אָן דאָס דיכטערישע האַרץ פון אַ פּושקין אָדער לערמאָנטאָוו מיט מער אומעט איידער די קלאַנגען פון די אייגענע גלעקער אינדערפרי, און אונזער יידישער בעל־תפלה, להבדיל, ביים עמוד וועבט אריין דעם גרעסטן טייל פון זיין געוויינלעכן מינאָר דווקא אין די מנחה־ און מעריב־תפלות און נישט אין שחרית, וווּ ער לאָזט זיך אָפּט אַפילו אַביסל אויף אַ וויל־יונגערישן מאַזשאָר. ביי „מה־טובו" איז אַ יידן אַ היפּש ביסל פריידיקער, אָדער — לכל־הפחות — ווייניקער אומעטיק אויפן האַרצן, איידער ביי „והוא רחום" אָדער ביים „קריאת־שמע"־זאָגן פאַרן שלאָף.

„ויהי ערב ויהי בוקר" — דער לעצטער איז טרייסטנדיקער, גוטס־צוזאָגנ־דיקער איידער דער ערשטער און ס'איז אַן אָנגענעם געפיל ביי אַ יידן אַ דאַוונער, ווען אַ שוין געדאַוונטער האַלט ער שוין ווידער פונפאָרנט.

ג.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע באַהאַנדלט, ווי באַקאַנט, פּאַראַלעל מיטן אינדי־ווידועלן „איך־געפיל" אויך די פראַגע פון קאָלעקטיוון „איך־געפיל", וועלכער קען באַצייכנט ווערן פּינקטלעכער ווי אַ „מיר־געפיל", אַ געפיל פון געמיינ־שאַפטלעכער עקזיסטענץ און אחריות. בראש פון אַלע אַנדערע „מיר־געפילן" שפרייזט, פאַרשטייט זיך, דער פאָלקס־קאָלעקטיוו. זיין „מיר־געפיל" טראָגט דעם נאָמען „נאַציאָנאַלער געפיל". איצט, אין די היינטיקע צייטן פון כלערליי דיפערענצירונגען בתוך אייך־ און דעם זעלביקן נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו גופא אידענטיפיצירט זיך שוין נישט שטענדיק דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס רעליגיעזע „מיר־געפיל". פאַראַן, ווי באַוווּסט, פעלקער, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך פאַר־שידענע רעליגיעס און דאָס, פונקט אַזוי ווי פון פאַרשידענע שפּראַך־געמיינ־

שאַפֿטן, צושטערט ניט פֿונדעסטוועגן דעם נאַציאָנאַלן „מיר־געפֿיל“, אַפֿילו ווען אין נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו עקזיסטירט אַן אַ־ אָדער אַנטי־רעליגיעזער טייל. אַמאָל אָבער, פֿון אָנהויב אָן, איז דער רעליגיעזער „מיר־געפֿיל“ געווען אַן אומבאַדינג־טער אינטעגראַלער טייל פֿון נאַציאָנאַלן „מיר־געפֿיל“. האָט מען דעמאָלט און אַסך, אַסך יאָרן אויך שפּעטער אויך געזען, ווי אַזוי פֿאַרשידענע פֿעלקער דאַוונען פֿאַרשידן. אונזער יידיש פֿאָלק האָט בכל אופן מאַניפֿעסטירט אַנדערשקייט אויך דורך זיין אייגנאַרטיקן, אַנדערשדיקן דאַוונען. און אָט זענען עטלעכע כאַראַק־טעריסטישע סימנים פֿון אָט דער דאָזיקער יידישער דאַוונען־אַנדערשקייט: אַ מינימום אינדיווידועלע בלחש־תּפֿילות ביי אַ מאַקסימום פֿון קאָלעקטיווע הויך־געזאָגטע תּפֿילות. אַ ייד, בדרך־כּלל, האָט אין זיין תּפֿילה געבעטן נישט פֿאַר זיך אַליין, נאָר פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, אַ יידישע תּפֿילה־בצבור פֿלעגט גלייכצייטיק זיין אויך אַ תּפֿילה פֿאַר דעם גאַנצן צבור, און נישט בלויז פֿאַרן לאָקאַלן צבור פֿון די מיט־דאַוונער און פֿון דער קהלה, נאָר טאַקע פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, יידישע תּפֿילות פֿלעגן זיך כּמעט אַלע באַוועגן אַרום דעם אַקס פֿון גאַנצן פֿאָלקס־גורל, יידישע תּפֿילות פֿלעגן זיין נאַציאָנאַלע תּפֿילות. אויסער דעם איז אין יידישע תּפֿילות געווען דאָמינירנדיק דער מינאָר איבער דעם מאַזשאָר, יידישע תּפֿילות — אויב מ׳מעג אַזוי זאָגן — האָבן געהאַלטן אין איין אריבעררוקן זייער שווער־פּונקט פֿון שחרית צו מנחה־ און מעריב־דאַוונען. די “Dask” דעמערונג איז אין זיי געווען אַנטשיידנדיקער איידער די “Dawn” דעמערונג. דאָס גאַנצע יידישע לעבן בכלל האָט אַלץ מער געמעריב׳ט, האָט ממילא צוזאַמען מיט אים וואָס ווייטער אַלץ מערער געמעריב׳ט אויך דאָס יידישע דאַוונען. בקיצור: מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים דערנענטערן זיך צום ווערן „אָפּגעדאַוונטע“, ביז ס׳האָט געטראָפֿן דער גרויסער נס און דאָס יידישע פֿאָלק האָט זיך אין אַ שאַרפֿן ווינקל מיט אַמאָל פּלוצים אַ קער געטאָן פֿון מעריב צו שחרית, פֿון רעזיגנאַציע־ברענגענדיקן אומעטיקן „ויהי ערב“ צום מונטערונג־ און האָפֿנונג־וועקנדיקן „ויהי בוקר“ — דער יידישער פֿאָלקס־גורל אַליין האָט אָנגעהויבן דאַוונען שחרית־תּפֿילה. מיר, די אָפּגעדאַוונטע, האַלטן שוין ווידער פֿונפֿאָרנט!

# אַלט-ניי לאַנד און אַלט-ניי פאָלק

„...לו גם את גם אני יחדיו
נשוב עוד לתחיה."
(מ. צ. מאנה)

## א.

אין אונדזערע יאָרן און פאַר אונדזערע אויגן ווערט פאַרווירקלעכט דאָס, וואָס איז אין משך פון גאַנצע הונדערט דורות געווען אַ פאַרנעפּלטער טרוים, צילגעווענדט צום „והיה באחרית הימים"; דער סקעלעט פון איראַציאָנעלער באַציאָנאַלער בענקשאַפט טוט אָן אויף זיך בלוט און פלייש פון ממשותדיקייט: אונדזער אַלט־ניי פאָלק ווערט מאָסנדיק באַהאָפטן מיט אונדזער אַלט־ניי לאַנד. אין דעם אָפּענעם היסטאָרישן פּינקס אונדזערן, אין דעם אָ פּינקס, וווּ דער שר־האומה פלעגט ביז איצט פאַרצייכענען בלויז אומגליקן און שווערע נסיונות, האָט ער מיט אַ מאָל אויסגעמעקט דעם און צווישן די ביידע טיטלווערטער אַלט־ניי פאָלק — אַלט־ניי לאַנד און אָנשטאָט דעם אַריינגעשריבן דאָס וואָרט אין.

גרויסע מחנות יידן, באַדייטנדיקע טיילן פון אונדזער אַלט־ניי פאָלק, קערן זיך אום דירעקט־פיזיש אין אונדזער אַלט־ניי לאַנד אריין. דאָס באַזיצרעכט פון יידן אויף זייער לאַנד איז שוין ניט מער, ווי ס'איז געווען דורות־לאַנג אַן ענין פאַר אַן אַבסטראַקט־יורידישן און מאָראַלישן רעכט אויף אַ רייכער ירושה, וואָס מ'דאַרף זי ערשט אַרויסראַטעווען פון פרעמדע פאַרכאַפּערישע הענט, — ס'איז געוואָרן אַן אוממיטלבאַרער פאַקט: די ירושה איז שוין אין רשות פון אירע לעגיטימע יורשים, און זייער רעכט אויף איר איז פונקט אַזוי נאַטירלעך, ווי ס'איז נאַטירלעך די שייכות צווישן לונגען און אָטעמען, צווישן גוף און נשמה.

„ושבו בנים לגבולם" — מאַסנדיק קערן זיך אום די קינדער פון אַלט־ניי פאָלק אין זייער אַלט־ניי לאַנד, צו באַזעצן זיך אין אים און אויסצונוצן פול און גאַנץ זייער פאַקטישע באַזיצרעכט, כדי זיי ביידע — דאָס אַלט־ניי לאַנד און דאָס אַלט־ניי פאָלק — זאָלן ווערן ממש איינס.

ווייל ס'איז אַ בעצמדיקער אונטערשייד אַפילו אין דער ספּעציפיש יידישער היסטאָרישער מאַטעמאַטיק צווישן „אַזוי ווי איינס" און „ממש איינס". אמת איז, אַז שטענדיק, ביז די סאַמע לעצטע יאָרן, זענען יידן פון גאָר דער וועלט און די יידן פון ארץ־ישראל געווען „אַזוי ווי איינס", די כסדרדיקע בענקשאַפט צו ארץ־ישראל איז געווען אַ באַלזאַם־היילונג פאַר יידן אין זייער אומעטומיקע

און אַלצייטיקע לייד און פּיין. דאָס איז אָבער געווען אַ געבונדקייט דורך דענקען און געדענקען פון דער ווייטנס, דורך געצווונגענעם אָפּלייגן פון יאָר אויף יאָר פון אייביקייט אויף אייביקייט. דאָס ממשותדיקע דירעקט־פיזישע צוזאַמענגיסן זיך מיטן געגאַרטן אַלט־ניי לאַנד („אם אשכחך, ירושלים, תשכח ימיני", „לשנה הבאה בירושלים"; „אַז משיח וועט קומען"), דאָס ווערן „ממש־איינס" מיט אים, האָבן געפּרוווט אין משך פון יאָרהונדערטער בלויז יחידים און פּאָר די בערך דריי פּערטל פון לעצטן יאָרהונדערט — בלויז ווינציקע טויזנטער. דאָס פאָלק אין גאַנצן איז נאָך אַלץ פאַרבליבן ביי זיין טראַדיציאָנעלן „אַזוי ווי איינס", דער גאַנצער טראַגיזם האָט אין דעם פּרט אַרויסגעקלונגען און אַרויסגעזיפּצט פון ר' יהודה הלויס דיכטערישער האַרפע: איך בין אין מערב און מיין האַרץ איז אין מזרח", — אַזאַ פיזיש גייסטיקע צעשפּאָלטונג צווישן „איך" און „האַרץ" קאָן דאָך ברענגען העכסטנס נאָר צו „אַזוי ווי איינס" און בשום אופן ניט צו „ממש איינס". ערשט איצט, סך־הכל אין די לעצטע דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל, איז מעגלעך געוואָרן צו פאַרוואַנדלען סוף־כל־סוף דעם „אַזוי ווי איינס" אין „ממש איינס".

איז אָבער די גורלדיקע פראַגע: אין וואָס פאַר אַ מאָס איז עס מעגלעך? „אַזוי ווי איינס" אַנטהאַלט דאָך אין זיך אַ פּליוס און מינוס צוזאַמען. פון איין זייט, טראָגט עס אין זיך אַ העפטיקע פּרעדיספּאָזיציע צו ווערן „ממש איינס"; פון דער אַנדערער זייט אָבער, מוז דאָך די אַ פּרעדיספּאָזיציע, טאַקע דערפאַר וואָס זי האָט הונדערטער יאָרן כסדר אַנגעטראָפן אויף שטערונגען און זיך צוגעוויינט צו דער ר' יהודה הלוישער טראַגישער געשפּאָלטנקייט, זיין אַרומגעפּרעסן אויך פון איבעריקן שטערערישן שוים.

פאַראַן אַזעלכע צווישן אונדז, וואָס בעת זיי רעדן וועגן איצטיקן מאַסנדיקן צוריקקער פון אַלט־ניי פאָלק אין אַלט־ניי לאַנד אַסאָציאירט זיך עס ביי זיי מיטן יידישן ווערטל: „דער טאַטע האָט די מאַמע גענומען". אין אונדזער פאַל האָט דאָך „דער טאַטע די מאַמע גענומען" נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן פון געצוווּנגענער צעשיידונג. פאַר אַט דער צייט זענען זיי ביידע גראַ־אַלט געוואָרן, זיך אַ היפּש ביסל צוגעוווינט צו יענע תנאים, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען במשך דער לאַנגער צייט פון צעשיידונג; איז דעריבער די גורלדיקע פראַגע: צי קאָנען אַפילו פאַרייגנגעעלטע זקנים (אַלט־ניי לאַנד און אַלט־ניי פאָלק), ביי זייער חופּה־שטעלן פון דאָס ניי, נאָך אַזאַ לאַנגער צעשיידונג, פילן נאָך אַמאָל פול און גאַנץ די תמימותדיקע חתן־כלהדיקע פרייד?...

און ווען שוין אַסאָציאַציעס, צי פּאַסט זיך אין אונדזער פאַל אויך אַן אַסאָציאַציע מיט דער זעלישער איינשטעלונג פון אונדזערע אוראַלטע טאַטע־מאַמע אברהם און שרה, בשעת זיי זענען געשטאַנען אויף די עלטערע יאָרן פאַר אַ פון דאָס ניי אַנטפּלעקטער טאַטע־מאַמישער פעיקייט? „און אברהם און שרה זענען געווען באַטאַגט מיט יאָרן... און שרה האָט געלאַכט אין זיך אַזוי צו זאָגן? נאָך דעם ווי איך בין אַלט געוואָרן זאָל איך נאָך האָבן תענוג? דערצו איז דער האַר אַלט..." (בראשית י"ח; יא"־י"ב. אין יהואשעס איבערזעצונג).

די פראַגע איז בכן אַ דרייפּאַכיקע: ערשטנס און צווייטנס, ווי גרויס כראָנאָלאָגיש־קוואַנטיטאַטיוו איז סיי די אַלטקייט און סיי די נייקייט אין אונדזער לאַנד און פאָלק; און דריטנס, וואָס איז די קעגנזייטיקע ווירקונג־שייכות לגבי דעם „ניי" צווישן פאָלק און לאַנד, ווער ווען באַווירקט אין דעם פּרט מער און אַנטשיידנדיקער?

אויב מיר זאָלן צוגיין צום ענין „צייט" בכלל וועדליק דער אָן ספק פּרעזיצער פילאָסאָפיש־לאָגישער השקפה פון אַנרי בערגסאָן גילט דאָך פאַר דער באַשטימונג פון „אַלט" און „יונג" ניט אַזוי די געוויינטלעכע קאַלענדאַרישע אויסרעכענונג, ווי די פעסשטעלונג און סומירונג פון די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אַין באַטרעפנדיקן אָרגאַניזם. די צייט־אויסרעכענונג איז בכן ניט אַזוי אַ מעכאַנישע, אַ האָריזאָנטאַלע, ווי א כעמישע, אַ ווערטיקאַלע. פאַראַן לענדער און פעלקער, וואָס זענען, קאַלענדאַריש גענומען, אַלט, אָבער צוליב דעם וואָס פון זייער אָנהייב ביז איצט זענען פאָרגעקומען אין זיי לפי־ערך ווייניק ענדערונגען, ווערן זיי פאַררעכנט צווישן די יונגע, און פאַרקערט. אָט די דאָזיקע מאָס לאָזט זיך, אמת, לייכטער אָנווענדן לגבי לענדער ווי לגבי פעלקער. זי איז מער צוגעפּאַסט צו דער מינעראַלאָגיש־געאָלאָגישער וועלט ווי צו דער מענטשנוועלט. די פּסיכאָלאָגיע איז דאָ מער אומבאַהאָלפן ווי די אַרכעאָלאָגיע. אין אַ געוויסער מאָס אָבער איז און באַדאַרף די אַנרי בערגסאָנישע השקפה זיין אָנגעווענדעט אויך לגבי דער באַשטימונג פון עלטער ביי פעלקער.

ווי האַלט עס מיט דער אַלטקייט פון ישראל־לאַנד? — גאָר אַמאָל זענען אין אָט דעם קליינעם לאַנד פאָרגעקומען אַ סך גרויסע געאָלאָגישע ענדערונגען. יבשה און ים האָבן זיך כסדר געביטן מיט זייערע פּלעצער. ביזן היינטיקן טאָג איז דאָ אַן אויסטערלישער געזעמל פון כלערליי לאַנדווירטשאַפטלעכע און קלימאַטישע קעגנזאַצן, אָבער אויך פאַר די קנאַפּע לעצטע צוויי און האַלב טויזנט יאָר, זינט דאָס יידישע פאָלק איז פון דאַנען אַוועק און זיך צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, זענען דאָ פאָרגעקומען ניט ווייניק געאָ־פיזישע ענדערונגען, פּראָפּאָרציאָנעל אפשר א סך מער איידער אין אַנדערע וועלטפּונקטן. צום טייל זענען אָט די ענדערונגען געווען אַ רעזולטאַט פון דער נאַטור, צום טייל אָבער אויך פון דעם, וואָס מענטשן האָבן די נאַטור פאַרוואָרלאָזט. די ענדערונגען אין ישראל־לאַנד שטאַמען דעריבער פון, אַזוי צו זאָגן, געוואָלטע און אויך ניט־געוואָלטע גורמים. דאָס ישראל־לאַנד איז, לכל־הפּחות, מיט אַ צוויי טויזנט יאָר צוריק געווען פול באַזעצט און רייך באַפרוכפּערט. אין אַזאַ מצב וואָלט עס געקאָנט אָפּגעהיט ווערן אויך ביי אונדזערע היינטיקע טעג ווען די, וואָס האָבן ס'לאַנד באַפעלקערט אין משך פון דער צייט, וואָלטן פאַר דעם געזאָרגט, וואָלטן אין דעם געווען פאַראינטערעסירט. האָבן דאָ טאַקע מידבריות, ניט געבאָרענע, נאָר געוואָרענע, הונדערטער־הונדערטער יאָרן געוואַרט אויף אויסלייזער און באַפרוכפּערער — אָבער אומזיסט. וואָס האָט, אין אַזעלכע באַדינגונגען, געהייסן „צוגעבן ניי צום אַלטלאַנד? נייע מענטשן מיט אַ נייעם פּאָזיטיוון ווילן זאָלן אַהער קומען און מיט זייער צילגעווענדטער מי און פאַר־אינטערעסירונג מכפּר זיין אויף די חטאים פון דורי דורות פאַרוויסטער. מעג

דעריבער פעסטגעשטעלט ווערן מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט, אַז דאָס ישראל־לאַנד האָט באַקומען דאָס רעכט אָנגערופן צו ווערן במקום אַלטלאַנד, אַלט־ניי לאַנד נאָר פון דער צייט ווען די יידישע עליה האָט גענומען דורכזעצן אַ ברייט און ווייט פאַרטראַכטן סאָציאַל־נאַציאָנאַלן שינוי אין לעבן פון פאָלק דורך אַן אַנטשפּרעכנדיקן שינוי אין מצב פון לאַנד. דאָס אַלטע ישראל־לאַנד האָט באַקומען מעגלעכקייט און רעכט צו ווערן באמת אַן אַלט־ניי לאַנד ערשט נאָך דעם, ווען און אויך וויפל אַ טייל פון פאָלק האָט אַרויסגעוויזן רצון און יכולת צו ווערן אַליין און משפּיע צו זיין אויך אויפן גאַנצן פאָלק עס זאָל ווערן אַן אַלט־ניי פאָלק. שוין פון דעם אַליין איז צו זען דאָס צווישן־שייכות צווישן דעם „ניי" ביים אַלט־ניי לאַנד און אַלט־ניי פאָלק: „ניי" אין דעם ערשטן איז אָפּהענגיק און באַדינגט פונעם „ניי" אין דעם צווייטן. ס'איז אַזוי אַרום, שוין אַן אָנהייב־ענטפער אויף דעם דריטן טייל פון דער אויבן פאָרמולירטער דרייפאַכיקער פראַגע.

ווי האַלט עס, פון דער דערמאָנטער בערגסאָנישער השקפה גענומען, מיט דער אַלטקייט פון ישראל־פאָלק? — אַוודאי זענען אין אָט דעם ישראל־פאָלק פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען בשעת זיין גלות־לעבן, בשעת זיין לאַנגער אויפגעצווּנגענער אָפּגעשיידטקייט פון אַלטן אייגענעם ישראל־לאַנד. אונטער „ענדערונגען" וועלכע זענען, לויט בערגסאָנען, דער כראָנאָמעטער פאַר אַלטקייט, ווערן געמיינט רויניר־ און דעגענעריר־ענדערונגען. זענען אַזעלכע ענדערונגען, אין אַ גרויסער צאָל פאָרגעקומען אין ישראל־פאָלק? — פון דעם עצם פאַקט, וואָס דאָס ישראל־פאָלק עקסיסטירט ביז היינטיקן טאָג אויף צו להכעיס אַלע שווערע גלות־נסיונות, איז שוין צו דרינגען, אַז אויב צווישן די ענדערונגען זענען יאָ געווען אויך רויניר־ און דעגענעריר־ענדערונגען, איז זייער צאָל און, בעיקר, זייער שאַרפקייט געווען זייער, זייער קליין פון דעם וואָס דאָס אַלטע ישראל־פאָלק האָט, אין אונטערשייד פון א סך אַנדערע אַלטע פעלקער און אַפילו יינגערע פון אים, באַוויזן אויפצוהאַלטן און אויפצוהיטן זיין קיום־פעיקייט, לאָזט זיך אַרויסציען די לאָגישע מסקנא, אַז דאָס אַלטע פאָלק איז ניט מיט אַ סך עלטער געוואָרן און עס מעג באַטראַכט ווערן רעלאַטיוו פאַר אַ יונג פאָלק.

אַ סך היסטאָריאָזאָפן און פסיכאָלאָגן האָבן זיך געגעבן די מי צו דערקלערן, מיט וואָס פאַר אַ כוח איז עס געלונגען דעם אומעטום און שטענדיק געיאָגטן און געפּלאָגטן יידישן פאָלק אָפּצוהיטן זיין קיום־פעיקייט און זיין לפי־ערכדיקע יונגקייט; ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ זכות איז עס דעם אַלט־יונגן יידישן פאָלק געראָטן צו אַנטדעקן און אויפצוהאַלטן פאַר זיך די אוניקום־פאָרמול: „פאַרענדערלעך יאָ, אָבער פאַרענדיקונג ניין".

וועלן מיר דאָ דערמאָנען אונדזער ר' נחמן קראָכמאַלס (רנ"ק) דערקלערונג. ער האָט אויסגעפונען, אַז אין לעבן פון איינצעלנע מענטשן, און אויך פון דעם מענטשן־קאָלעקטיוו, עקסיסטירן, גענוי ווי אין לעבן פון דער באָטאַנישער וועלט און ווי, קלימאַטאָלאָגיש, אין דער נאַטור איבערהויפּט, דריי אַנטוויקלונג־מדרגות אָדער צייט־תקופות: צייט פון בליען און אָנהייב וואַקסן, אָדער פרילינג; תקופה פון העכסטער צייטיקייט, אָדער זומער; תקופה פון אָנהייבן וועלקן, אָדער

האַרבסט צי ווינטער. אַזוי איז עס ביי אַלע פעלקער בכלל און אַזוי איז עס אויך ביים יידישן פאָלק, בלויז מיט דעם אונטערשייד, וואָס ווען ביי אַלע אַנדערע פעלקער קומט מיט דער דריטער תקופה אין זייער לעבן אויך זייער פאַרשווינדונג, זייער טויט, פאַרמאָגט דאָס יידישע פאָלק אַ ווונדערלעכע אייגנשאַפט אַריבער־צושפּרינגען פון האַרבסט אויף ס'ניי צום פרילינג, אַזוי אַז ס'נעמט ניט קיין סוף צו דער יידישער עקסיסטענץ. אין סאַמע טיפסטן ערב־סקלעראָטישן עלטער ווערט אין יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם ווי פון זיך אַליין דורכגעפירט אַ פאַריינגע־רונג־אָפּעראַציע. אַזאַ כסדרדיקע צירקולאַציע פון „פרילינג־זומער־האַרבסט” און ווידער אַמאָל „פרילינג־זומער־האַרבסט” אין לעבן פון יידישן פאָלק חזרט זיך איבער אָן אויפהער. איז עס אַמאָל אַן אַלט פאָלק און אַמאָל אַ יונג פאָלק, — און צוזאַמען אַן אַלט־ניי פאָלק.

אין דער נייער און גייסטער געשיכטע אונדזערער איז אָנהייב ניי־פרילינג ביים סאַמע אָנקום פון האַרבסט געווען, למשל, די אויפגעקומענע חסידות־באַוועגונג, שפּעטער דער אויפגעוואַכטער התלהבותדיקער נעאָ־נאַציאָנאַלער רענעסאַנס (ציוניזם און יידישער סאָציאַליזם, יעדער פון זיי באַזונדער, אָדער ביידע צוזאַמען סינטעזירט); אָט די באַוועגונגען האָבן ווי געמאַכט אַ פאַר־ייִנגערונג־איינשפּריצונג אין דעם אַלט־אַלטן סקלעראָזירטן יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. דאָס יידישע פאָלק האָט אין זיין לאַנג־לאַנגן גלות־לעבן טאַקע ניט געהאַט קיין פלאַץ פאַר אייגענער מאַטעריעל־פּאָליטישער שאַפונג, האָט עס אָבער אָט דעם מאַנגל קאָמפּענסירט מיט גוואַלדיק אינטענסיווער גייסטיק־אידעאָלאָגישער יצירה אַזוי, אַז די גאַנצע יידישע געשיכטע איז איין רייכ־פאַרביקער אידעישער רעגן־בויגן. ווענדט זיך עס אין סוביעקטיוון באַנעם, צו באַשטימען אין יעדן פאַל וואָס פאַר אַ נייע יידיש־אידעישע באַוועגונג, וואָס פאַר אַ פאַרב פון אידעאישן רעגן־בויגן זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַן אָנזאָג פון דעם אויף ס'ניי אָנגעקומענעם פרילינג אין צייט פון ערב האַרבסט; אָבער אַלע מוזן מודה זיין, אַז דער רעגן־בויגן האָט שטענדיק געהאַט אַ שייכות אין יידישן פאָלקסלעבן מיט דעם אָפּפרישנדיקן פרילינג־רעגן וואָס האָט תמיד אָפּגעראַטעוועט פון וועלקן און פאַטריקנטקייט. ביי יעדן פון אָט די אָפּפרישנדיקע פרילינג־רעגנס איז בראש פון אַלע אַנדערע אויפבלי־ און פונאַנדערבלי־קרעפטן אין פאָלק געשטאַנען אַ באַזונדערס פאַרשטאַרקטער אויפבלי און פונאַנדערבלי אינטערעס צו ארץ־ישראל. און אַזוי איז געווען כסדר: ווי נאָר דאָס יידישע „אַלטפאָלק” איז אַ ביסל נעענטער געוואָרן צו ווערן ווידער אַן אַלט־ניי פאָלק, האָט זיך ממילא אויך געשטאַרקט זיין ווילן צו זען מער און שטאַרקער אין יידישן אַלטלאַנד אַן אַלט־ניי לאַנד. וואָס זענען אָבער אונדזערע איצטיקע אויסבליקן ביי אָט דער דאָזיקער געוווּנטשטער פאַרוואַנדלונג?

## ב.

ס'איז נאָך קיין מאָל, דוכט זיך, ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי איצט ביי יידן אָט דער קאָלעקטיווער ווילן און די צילגעווענדטע אָנשטרענגונג צו דער דאָזיקער פאַרוואַנדלונג. אַ ביסל אַנאַלאָגיש צו אונדזער דירעקט־פיזישער

שיבת־ציון־תקופה איז בלויז די תקופה פון עזרא־נחמיה. אָבער נאָר אַ ביסל. אונדזער איצטיקע תקופה שטייגט אריבער די עזרא־נחמיה־צייט קוואַנטיטאַטיוו, און אפשר אויך קוואַליטאַטיוו, אין פרט פון טיפן קאָלעקטיוון פאָלקס־רצון זיך צו באַהעפטן דירעקט־פיזיש מיטן יידישן לאַנד. דאָס יידישע אַלט־ניי פאָלק איז איצט מער ווי ווען ס׳איז פול מיט רצון זיך אומצוקערן אין זיין אַלט־ניי־לאַנד.

ווי האַלט עס אָבער מיט די שוין צוריקגעקערטע ביי זייער פאַרוואַנדלען דעם „אַזוי ווי איינס" אין „ממש־איינס"? — די דאָזיקע בדרך־כלל ערנסט און ערלעך געמיינטע פאַרוואַנדלונג שטויסט זיך אָן אויף ניט ווייניק שטערונגען און שוועריקייטן. און פאַר וואָס? לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף איינער פון די שוועריקייטן.

דאָס היימגעפיל, ווי אַלע געפילן איז, אין זיין טענדענץ צו פולקייט און קאָנקרעטער גאַנצקייט, באַלאָדן מיט אַ שפּאָר ביסל קאָנסערוואַטיווקייט, עס איז בטבע מאָנאָפּאָרמירט. אַמאָל ברענגט עס דעם מענטשן צו אַ שווערן קאָנפליקט מיט זיך אַליין. ס׳צעפלאָקערט זיך אין אים גופא אַ קאַמף צווישן קאָנסערווירטן מאָנאָפאָרמירטן היימגעפיל מיט אַ היפּוכדיקער עמאָציע, אַ פּאָליפאָרמירטער, אַזאַ וואָס לאָזט ניט דעם מענטשן שלום מאַכן מיט זיין געוויינטקייט און מיט זיין באַשרענקטקייט דורך אַ קליינעם קאָנקרעטן היימאָרט. ער זעט זיך אין אָט דער געוויינטקייט און באַשרענקטקייט טיף באַליידיקט, ער וויל כסדר — ווי יענע סקאַנדינאַווער, וואָס האָבן אַרויסגעריסן פון ים גאַנצע שטיקער יבשה, כדי צו פאַרגרעסערן און אויסברייטערן זייער פריערדיקן ענגן יבשה־שטח — אָפרייסן שטיקער פונעם אַזוי־גערופענעם אַבסטראַקטן גראַד היימגעפיל און צוגעבן זיי צום באַשרענקטן היימגעפיל־שטח.

דאָס געזאָגטע איז כלל ניט אידענטיש מיט דער ספּעציפיש־יידישער געשפּאָלטנקייט פון היימגעפיל, וועלכע מיר זעען ביי ר׳ יהודה הלוי; דאָס איז נוגע יעדן מענטשן בכלל, אַ גוי פונקט ווי אַ ייד. א. ס. פּושקין, אַ שטייגער, האָט זיכער ניט געקאָנט זיך ניט אָנשטויסן אויף אָט דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן קאָנפליקט מיט זיך, אַ קאָנפליקט צווישן צוויי היפּוכדיקע עמאָציעס, וואָס אפילו גרויסגייסטער זענען ניט פריי פון אים. דעמאָלט ווען ער האָט אַזוי פּאַטעטיש געמאָלדן וועגן דער מכלומרשט דערגרייכטער אויסברייטערונג פון זיין היימגעפיל אַזש „פון פערם ביז טאַווּרידע, פון די פינישע קאַלטע פעלדזן ביז דער פלאַמיקער קאָלכידע", האָט ער געקאָנט פלוצעם דערפילן, אַז זיין קליין, ענג געבוירן־דאָרף איז פאַר אים אַ מער קאָנקרעטער היימגעפיל־פלאַץ איידער אַלע גרויס־רוסישע ווייטקייטן, וואָס שיילן זיך בעצם ניט אויס פאַר אים פון זייער אַבסטראַקטקייט. ווען ערלעך־מיינענדיקע און ענטוזיאַסטישע אידעאַליסטן האָבן געפּרעדיקט קאָסמאָפּאָליטיזם, האָבן זיי געקאָנט און אפילו געמוזט אָפט באַקומען אַ פּאַטש אין פּנים פון דעם קאָנסערווירטן ענגן מאָנאָ־עמאָציע־היימגעפיל זייערן: „און דיין לאַנד, דיין וווינאָרט איז דיר דאָך טייערער, קאָנקרעטער פון גאָר דער אַבסטראַקטער וועלט!"... ס׳איז שווער דעם מענטשן צו זיין נאָענט צו געאָגראַפישע שטחים פון דער ווייטנס, אַזאַ נאָענטקייט איז, בכל־אופן, אַ זייער־זייער באַשרענקטע. און נאָך מער איז עס אַזוי, ווען יענע שטחים זענען ווייטע,

פּאַרוואָרפענע איבער ימים און מידבריות, און קיין המשך פון זיין ענגן, קליינעם קאָנקרעטן היימגעפיל־צענטער זענען זיי ניט. פון דעם דרינגט אַרויס די טאָפּל־טראַגיק פון אַ יידישן מענטש ביי זיין פּלעגן און איבערטראָגן היימגעפיל פונעם קאָנקרעטן ווינאָרט צום געאָגראַפיש ווייטן ארץ־ישראל.

איז די מאַנאָפאָרמירונג פון היימגעפיל אייביק, פאַטאַל־אומפאַרבייטלעך? — ניין. דאָס וואָס מיר יידן האָבן געקאָנט — אמת, די איינציקע אין גאַר דער וועלט — אריבערטראָגן דאָס זאַפטיקע און קרעפטיקסטע חיות פון היימגעפיל צום געאָגראַפיש־ווייטן ארץ־ישראל, איז די בעסטע ראיה דערצו.

עמיגראַנטן, וועלכע באַזעצן זיך אויף שטענדיק אין זייערע נייע היימ־לענדער, טראָגן מיט דער צייט איבער זיין געפיל אַהין; זיי מאַכן עס אָבער דורך, ווי שוין אָקערשט באַמערקט, בהדרגהדיק. אַ לאַנגע צייט שלעפּט זיך נאָך זייער אַלט היימלאַנד נאָך זייער נייעם היימגעפיל, דאָס אַלטע היימלאַנד ווערט אויסגערונען טראָפּן נאָך טראָפּן. אַנשטאָט זיי קומען אַריין אין היימגעפיל, ווידער אַמאָל טראָפּן נאָך טראָפּן, די קראַפט און זאַפט פון היימגעפיל־באַציונג צום נייעם היימלאַנד. אַ שטיקל צייט איז ביי אָט די עמיגראַנטן דאָס היימגעפיל ממילא האַלבירט — אַ העלפט פאַר דעם אַלטן היימלאַנד און אַ העלפט פאַר דעם נייעם.

דאָס אייגענע איז אויך מיט אונדזערע ארץ־ישראל־עולים, דאָס אייגענע אין עצם, אָבער ניט אין טעמפּ פון דעם פאַמעלעכדיקן איבערגאַנג. אָט דער טעמפּ איז ביי אונדזערע יידן־עולים אַוודאי אַ גיכערער איידער ביי סתם עמיגראַנטן אין אַנדערע לענדער. פאַר וואָס איז דאָ דער טעמפּ אַ גיכערער? — ווייל די יידן־עולים האָבן דאָך נאָך פון פריער געהאַט אָפּגעגעבן דעם וויכטיקסטן טייל פון זייער היימגעפיל ארץ־ישראל, זיי האָבן אים געבראַכט מיט זיך קיין ארץ־ישראל פאַרטיקערהייט, זיי זענען געווען ארץ־ישראלדיקע נאָך איידער זיי זענען דירעקט־פיזיש געקומען קיין ארץ־ישראל. און פון דעסטוועגן מוז אויך נאָך זיי זיך נאָכשלעפּן דער טייל היימגעפיל, וואָס איז פאַרבונדן מיטן פריערדיקן היימלאַנד.

ס'איז מערקווערדיק: נחמוני־טפשוני ביי טשערניכאָווסקין און שימעק און בוזי ביי שלום־עליכמען האָבן אין זייער חוץ־לארצדיקער היים־סביבה געזען אָפּט ארץ־ישראל־בילדער און אַסאָציאַציעס (די דורכגייענדיקע קי צו דער פּאַשע אין רוסישן שטעטל זענען אין די אויגן פון דאָרטיקע יידישע קינדער געווען די תנכישע פרות־הבשן אָדער גאָר די קי פון פרעהס חלום; די קלעצער ביי אַ געביידע — דווקא די ארזי־הלבנון אאַ"וו.); אברהם מאַפּו האָט אין ליטווישן אַלעקסאָט געזען פאַר זיך די תנכישע פערסאָנאַזשן פאַר אהבת־ציון און אשמת־שומרון, אָבער ווען די אייגענע נחמוני־טפשוני, שימעק און בוזי קומען שוין דירעקט־פיזיש אַראָפּ קיין ארץ־ישראל, זעען זיי פאַר זיך נאָך אַ שטיק צייט אין היגן ירדן עפּעס פון דער רוסישער וואָלגע אָדער פון ליטווישן ניעמאַן, דערביי „עפּעס" אין מיניאַטור, וואָס באַליידיקט און טרעפט שווער דעם געוואָלטן ארץ־ישראלדיקן לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם. ווער פון די יידן, וועלכע האָבן דורות־לאַנג פון דער ווייטנס געזען דעם ירדן ווי דעם גרעסטן טייך, די ארץ־ישראלדיקע בערג ווי די העכסטע בערג, די ארץ־ישראלדיקע ביימער ווי

די צעוואָקסנסטע און פאַרצווייגטסטעביימער — וועד פון זיי לעבט דען ניט איבער קיין טיפע אַנטווישונג, ווען ער דערזעט זיי אין זייער איבעראַשנדיקער קלייניקייט ?...

אברהם מאַפּו, ווען ער וואָלט געלעבט איצט און געקומען קיין ארץ־ישראל, וואָלט אפשר, ווי אַסך היינטצייטיקע העברעישע ארץ־ישראלדיקע שרייבער, געשילדערט די היגע עכט ישראלדיקע מענטשן און דאָס נייע עכט ישראלדיקע לעבן מיט חוץ־לארצדיקע פאַרבן, מיט די פאַרבן פון יענע אַלטע היימען, פון וואַנען זיי, די שרייבער, קומען. אפשר וואָלט מאַפּו געענדערט זיין שילדערונגס־וועג — אַמאָל האָט ער איבערגעטראָגן פון דאָ אַהין, איצט וואָלט ער איבער־געטראָגן פון דאָרטן אַהער...

חיים ווייצמאַן דערציילט אין זיין בוך זכרונות וועגן זיינעם אַ דראַמאַטישן שמועס מיט לאָרד באַלפור נאָך דעם, ווי דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט געהאַט אָפּגעוואָרפן דעם ענגלישן פאָרשלאָג צו געבן יידן אוגאַנדע. באַלפור האָט ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דער קאָנגרעס האָט אַזוי געטאָן. האָט אים ווייצמאַן אויפגעקלערט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס מיר ווילן ניט בוגד זיין אין ארץ־ישראל, אין ירושלים. באַלפור האָט עס ניט תופס געווען. האָט אים ווייצמאַן געשטעלט אַ פראַגע: און ווי וואָלט עס געווען, ווען מ׳לייגט אייך פאָר אַנשטאָט לאָנדאָן פּאַריז? האָט באַלפור אויף אָט דער פראַגע ספּאָנטאַן רעאַגירט: אָבער לאָנדאָן איז דאָך מיינס... אים, דעם גוי, איז שווער געווען תופס צו זיין דעם פולן פאַראַלעליזם צווישן זיין „לאָנדאָן איז זיינס" און ווייצמאַנס „ירושלים איז מיינס". אָבער אין אָט דעם אונטערשייד שטעקט דאָך אונדזער ביז איצטיקע ספּעציפיש־יידיש טראַגיק, פון וועלכער מיר ווילן און וועלן פטור ווערן. אַן אונטערשייד אָבער עקסיסטירט יאָ. „מיין לאָנדאָן" אין מויל פון אַן ענגלענדער איז דאָך קאָנקרעטער איידער „מיין ירושלים" אין מויל פון אַ יידן, אַפילו נאָך דעם, ווי ער איז שוין דירעקט־פיזיש אין ירושלים, ווייל אויך דעמאָלט, לכל הפחות אַ היפּשע צייט פון אָנהייב, לעבט נאָך אין אים, אויב ער איז געקומען אַהער פון לאָנדאָן, האַרט ביי „מיין ירושלים" אויך „מיין לאָנדאָן".

די קליינע שוין דערגרייכטע געניטקייט אויפן געביט פון פאַרוואַנדלען דאָס „אַזוי ווי איינס" אין „ממש־איינס" גיט אָבער די זיכערקייט, אַז איצט, ווען יידן גייען אַריבער דירעקט־פיזיש קיין ארץ־ישראל, וועט דער אומוואַנדלונג־פּראָצעס גיין זיך פאַרענדיקן מיט פולער הצלחה. ס׳וועט אין דעם זיין אַ דורכ־זעצונג פון ניי פאַר ביידע צדדים — פאַר דעם אַלט־ניי פאָלק און אַלט־ניי לאַנד!

# די ווידעראויפגעשטעלטע דרייאייניקייט

צוערשט — גלייך צו דער עצם־פאָרמולירונג פון דער הויפּט־טעמע, צו דער אויפדעקונג פון דעם פאַקט גופא, און נאָך נאָכדעם צו די עטלעכע אָרנאַמענט־פּירושים אַרום אים, צו די פּרוּוון אים צו אינטערפּרעטירן:

דער פאַקט — אונזער נייסטע יידישע געשיכטע, נאָך ריכטיקער און פּרעציזער: דער גאָר לעצטער, ביז גאָר קורצער, סך־הכל קנאַפּע פינף יאָר אַלטער אָפּשניט אין אונדזער פאָלקס־לעבן, דער אָפּשניט וואָס האָט אויף אַ ווּאונט־לעכן — וווּנדערלעך־איבערראַשנדיקן אופן אויפגעפּראַלט אַ ברייטן טויער צו אַ גורלדיקער, העכסט־אַנטשיידנדיקער ווענדונג אין אונזער נייסטער געשיכטע, האָט אונדז מזכה געווען מיט אַזאַ ראַדיקאַלן תּיקון, וואָס אַפילו די אָפּטימיס־טישסטע פּראָגנאָסטיקער צווישן אונדז, די סאַמע ווייט־ און ראָז־זעער האָבן ניט געקאָנט פאָרויסאַנען, אַז ער איז אַזוי נאָנט, ער האָט אונדז מזכה געווען מיט דער ווידעראויפשטעלונג פון דער לאַנג־לאַנג אָפּגעשוואַכטער, כמעט אינגאַנצן צעשמעטערטער דרייאייניקייט.

און די כוונה איז דערביי ניט צו דרייאייניקייט, ווי זי ווערט פאַרשטאַנען אַלס טעאָלאָגישער באַגריף (פון אָט דער טעאָלאָגישער דרייאייניקייט זענען מיר, יידן, דאָך שטענדיק געווען מילי־מיליאָסן מיילן ווייט!), נאָר דווקא אין איר אַזוי־גערופענעם היסטאָריאָזאָפיש־וועלטלעכן זינען. די כוונה איז דערביי צו דער ווידערצוזאַמענשליסונג פון די דריי צייט־רינגעלעך, וועלכע האָבן געהאַט ביי אונדז כמעט פאַרלוירן זייער קעגנזייטיקע שייכות, זייער איינגעפלאָכטנקייט איינע אין דער אַנדערער. ביי אונדז איז פּלוצים, — עווריקא! אין אַ מזלדיקער שעה! — ווידעראויפגעשטעלט געוואָרן די געשלאָסנקייט און צוזאַמענגעפלאָכטנ־קייט אין דער דרייאייניקייט צווישן „פאַרגאַנגנהייט־קעגנוואַרט־צוקונפט".

די קאַוזאַליטעטס־טעאָריע דערנענטערט אונדז בלויז צום פאַרשטיין די קעגנזייטיקע שייכות וואָס צווישן „געווען", „איז" און „וועט זיין", זי שטעלט אונדז צו בלויז אַ האַלב־ אָדער דריטל־דערקלערונג פאַר דער דערשיינונג, זי איז געגליכן, וואָלט איך געזאָגט, בלויז צו טונקל־פאַררויכערטע ברילן, דורך וועלכע מ'קוקט אויף דער זון, מ'קוקט יאָ, אָבער מ'זעט ניט אַלץ, מער ווי צום אמתן זען גילטן אַזעלכע ברילן צום פאַרטיידיקן זיך, צום פאַרבאַהאַלטן זיך פון דער זונס שטאַרקע ליכט און היץ. אויך די קאַוזאַליטעטס־טעאָריע דערמעג־לעכט אונדז ניט אַריינצוקוקן — איינצוזען פול און גאַנץ אין סאַמע „זעניט" פון דער מוז־שייכות וואָס צווישן אַלע דריי צייטן. ווען דאָס וואָלט געווען

אַנדערש, ווען מיר וואָלטן טאַקע יאָ געקענט דורך דער קאַוזאַלער שפּאַקטיוו זען די דערמאָנטע מוז־שייכות גאַנץ און פול, וואָלט דאָך ממילא קיין געשיכטלעכע דערשיינונג ניט באַדאַרפט איבערראַשן. דאַן וואָלט די גאַנצע געשיכטלעכע אַנטוויקלונג געקענט און באַדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גלאַט־געגאָסענעם, שפּיגלדיקן אַספאַלטירטן שאָסיי, אָן פאַרשטעלנדיקע בערגלעך און סכנהדיקע גריבער און היילן. דאַן וואָלט יעדער זיך אָריענטירנדיקער סתם־מענטש, אָדער לכל־הפּחות יעדער פאַכמעניש־צוגעגרייטער היסטאָריקער געזען קלאָר די גאַנצע מענטשלעכע געשיכטע, עד סוף כל הדורות, ווי אויפן האַנטפּלאַך, סאַמע אונטער די נאָז. דאַן וואָלט מען ניט באַדאַרפט אָנקומען צו געצייכטע נביאים (וואָס צווישן זיי זענען, כידוע, שטענדיק דאָ אַ סך נביאי־שקר!), אַז זיי זאָלן פאַר־אויסטרעפן די צוקונפט און אויסציען איר אויף זייערע פאַנטאַזיע־פליגלען, דאַן וואָלט — לכל הפּחות — אין פאַרש־קאַבינעט פון יעדן היסטאָריקער געשטאַנען אַ מין היסטאָרישער „סייסמאָגראַף”, און יענער וואָלט נאָך ערב דעם אויסברוך פון אַ געשעעניש, פון א געשיכטלעכן קאַטאַקליזם וועגן דעם מודיע געווען.

דער אמת איז אָבער, אַז מיט דעם ווילן, מיט דעם פאַרמעסט בלויז־ראַציאָנעל צוצוגיין צום ענין „דרייאייניקייט”, צווישן „פאַרגאַנגנהייט־קעגנוואַרט־צוקונפט”, איז דאָס אייגענע ווי צו אַזעלכע אַבסטראַקטע באַגריפן: „שטרעקע” און „צייט”, וואָס די פילאָזאָפיע פון אַלעמאָל און אומעטום בייסט זיי מיט אירע ראַציאָנאַליסטישע ציין און קען זיי ניט איינבייסן. און ס׳איז דאָך סוף־כל־סוף ניט קיין צופעליקייט, וואָס זיי, אָט די „שטרעקע און „צייט” ווערן דורך טעאָלאָגן צוגענומען ווי אַטריבוטן פון גאָט, ווי מאַניפעסטירונגען פון בפירושער איראַציאָנעלקייט. אין אונזער יידישער רעליגיע, אַ שטייגער, אין אונזער אַלטן העברעאיש, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער סביבה און אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער רעליגיע, איז „מקום” איינער פון גאָטס מערערע נעמען („המקום ירחם עלינו”) און אויף „זמן” (צייט) ווערט אַפאָריזמיש געזאָגט ביי אונדז: „מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל” — „וואָס צייט קען אויפטון וועט דער שכל ניט מאַכן”, ד. ה. צייט איז איראַציאָנעל, שטייט העכער פון ראַציאָ. און דאָס שטעלט דאָך אונדז אַוועק שוין האַרט ביי דער פראַגע, וואָס מיר באַהאַנדלען, די פראַגע פון דער „דרייאייניקייט” צווישן די דריי צייטן אין מענטשלעכן לעבן, אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

און ווידער אַמאָל אַ ראיה פון אונדזער רעליגיע און אונדזער אַלטן העברעאיש: צו דער פולער צייטן־„דרייאייניקייט” דערלאַנגט בלויז גאָטס נאָמען. „יהוה” איז צוזאַמענגעזעצט פון „היה” (געווען), „הווה” (איז) און „יהיה” (וועט זיין). די צייטן־„דרייאייניקייט”, הייסט עס, איז אומעטום און אַלעמאָל פאַרגעטלעכט, העכער פון ראַציאָ, און נאָך אַ פּרט — דאָס מאָל פון שטח אַלט־העברעאיש אין זיין אייגנאַרטיקן, ביישפּיללאָזן עטימאָלאָגישן בוי, אַ פּרט וואָס דאַרף אויפגענומען ווערן ווי אַ באַגלויבטער עכאָ פון אורשפּרינגלעכער יידישער פאָלקס־מענטאַליטעט, פון דער קדמוניש־יידישער אָנשויאונג אויף דער מוז־פאַרקניפּונג צווישן צייטן: דער ו׳ המהפך פאַרוואַנדלט לייכט

פאַרגאַנגענהייט אין צוקונפט און פאַרקערט. די פּסיכאָלאָגישע דעשיפרירונג פון אָט דערדאָזיקער גראַמאַטיקאַליש־שפּראַכלעכער אייגנאַרט איז: אין יעדער פאַר־גאַנגנהייט — האַלט דאָס פאָלק — איז עמבריאָנעל אַנטהאַלטן די צוקונפט, אין יעדער צוקונפט שפּרודלען לעבנס־זאַפטן פון דער פאַרגאַנגנהייט.

אין דער יידישער פאָלקס־מענטאַליטעט איז מקדמת־דנא, פון איר אור־שפּרונג אָן, געווען די נויגונג אויפצופאַסן ווי אַ נאַטירלעכע, ווי אַ מוז־דערשיינונג די צייטן־„דרייאייניקייט". צו דעם פירן אונדז אַ סך ראיות אויך אויסער די עטלעכע אויבנגעבראַכטע. אַ צוגאַב־ראיה צו דעם איז צו זעען, למשל, אויך אין דעם, וואָס סיי די יידישע מיטאָלאָגיע און סיי די יידישע נבואה, אין אונטערשייד פון אַנדערע פעלקער, נעמט אַרום קאָסמישע ווייטקייטן.

אחד משׂשׂים פון נבואה — האַלטן דאָך, און מיט רעכט, ליטעראַטור־קריטיקער — האָבן אין אונדזער וועלטלעכער צייט געגומען די טאַלענטירטע שאַפער פון פאַנטאַסטישע ראָמאַנען. איך זיי — אַ שטייגער זשול ווערן, וועלס — זענען ווייט־זעער, צוקונפט־טרעפער. „אחד משׂשׂים" יאָ, אָבער ניט מער, — ווארים וואָס פאַר אַ געוואַלדיקער ריזן אונטערשייד איז, למשל, צווישן אַ ישעיה הנביאשן „והיה באחרית הימים" און אַ בעלאַמישן „אין פיר הונדערט יאָר אַרום" אָדער אַ זשול־ווערנישן, וועלסישן טרעפלעכן פאָראויסזאָגן טעכנישע ענדערונגען און איבעררעשנדיקע פאַרפולקאָמונגען! ליטעראַטור־פּסיכאָלאָגן באַהויפּטן לגבי דער זשול־ווערנישער, וועלסישער „אחד־משׂשׂים"־נביאישער שאַפונג, אַז אירע אויטאָרן זענען באַשאַנקען ווי מיט עפּעס אַן אַנהויב פון „זעקסטן חוש" — מיט אַ באַזונדערער עמפּינדלעכקייט פאַר דעם וואָס באַדאַרף פאַרקומען אין דער באַנטסטער צוקונפט. דער גאָט פון טאַלענט האָט זיי געבענטשט — וואָלט איך געזאָגט — מיט אַ באַזונדערער געניקאָלאָגישער עמפּינדלעכקייט, פאָראויסצופילן דעם ניי־געבוירט אין דער נאָנטער צוקונפט, גלייך — און אפילו נאָך איידער — די קעגנוואַרט האָט מיט אים „פאַרשוואַנגערט". דער גענעץ, הייסט עס, איז אַן אַלגעמיינער: ביטאָ קיין נייס אין דער נאָנטער צוקונפט, וואָס זיין אַנהויב זאָל ניט פאַרזייט געוועזן זיין אין דער קעגנוואַרט. געוויינלעכע מענטשן פילט דאָס פאָראויספילן פאַר דעם, און די טאַלענטירטע שאַפערישע פאַנטאַסטן זענען מיט אָט דעם פאָראויספילן באַשאַנקן. דער ראַדיוס צווישן דער נאָנטער צוקונפט־איבעררעשונג און דעם קעגנוואַרטס־באַדן, אין וועלכן אָט די איבעררעשונג איז פאַרזייט, איז אַלע מאָל אַ פאַרהעלטניסמעסיק־קירצערער, איידער די קינסט־לערישע העל־זעער אליין האָבן אים זיך פאַרגעשטעלט. זשול־ווערנישע, וועלסישע פאָראויסגעזאָגטע איבעררעשנדיקע נייסן זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן און נאָך אַ סך פולקאָמער און איבעררעשנדיקער, ווי אין די פאַנטאַסטישע ראָמאַנען — אַ סך פריער, איידער די אויטאָרן האָבן עס אויסגערעכנט. (אַזוי איז עס, אַגב, אויך מיט אונדזערע יידישע עטלעכע קינסטלערישע פאָראויסזעאונגען, ווי הערצלס „אַלט־ניילאַנד", א. ל. לעווינסקיס „אַ רייזע קיין ארץ־ישראל אין יאָר ת"ת"). אָבער צו די קאָסמישע ווייטקייטן פון אַ ישעיה הנביאשן „והיה באחרית הימים", וואָס איז אויך איצט — ניט נאָך בעלאַמישע „400 יאָר", נאָר נאָך

לאַנגע עטלעכע יאָרטויזנטער — ווייט פון פאַרווירקלעכונג, איז די „אחד משׂשים״ — פון נבואה קינסטלערישע פאַנטאַזיע ניט דערגאַנגען! —

די יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע, פונקט אַזוי ווי די יידישע נביאישע אינ־ספּיראַציע פליסט און שפּרייט זיך אויס ניט אין ראַדיוסאַלער האַלב־מאָס, נאָר דווקא אין דיאַמעטראַלער גאַנץ־מאָס, מראש העולם ועד סופו, פון אָנהויב פון אַלע אָנהויבן ביזן סוף פון אַלע סופן, פון דער ווייטסטער פאַרגאַנגנהייט ביז צו דער אַלווייטסטער צוקונפט. אלא וואָס דען? — אַזאַ איז שוין די טבע פון דער יידישער פאָלקס־מענטאַליטעט, אז צו איר מיט קאָסמישע ווייטקייטן באַלאָדענער פאַנטאַזיע, סיי ווען זי איז געריכטעט אויף הינטן, צום „געווען״, און סיי ווען זי איז געווענדעט אויף פאָרנט, צום „וועט זיין״, איז זי מקרב רחוקים, זי נעמט ביידע עקסטע פאָלוסן צוזאַמען, סיי דעם וואָס שטעקט פאָראויס ערגעץ אין דער ווייטסטער פּרעהיסטאָריע און סיי דעם וואָס איז פאַרנעפּלט אין דער ווייטסטער נאָך־היסטאָריע, און באַהעפט זיי צוזאַמען ווי אַ סיאַם־צווילינג פאַר אירע אויגן, עלעהיי זיי זיינען ביידע אויף אַן „איצט״־פּיעדעסטאַל, ממש אָנצוטאַפּן מיט די הענט. איז טאַקע ניט גענוג צו זעען אַליין דעם וועלט־באַשאַף אויף אַלע זיינע איינצלהייטן און גענויסטער צייט־פאַרטיילונג: „ויהי ערב ויהי בוקר יום אחד״, „יום שני״ אא״וו. מ׳דאַרף אויך זעען, און ווידער־אַמאָל געניי און דעטאַליזירט, אויך דאָס וואָס ס׳איז געווען פאַר דעם וועלט באַשאַף, אויך דעם „תוהו ובוהו״. אויך דער כאַאָס ווערט געאָרדנט און קלאָר באַוויזן. משיח מוז אומבאַדינגט זיין גענעאַלאָגיש פאַרבונדן מיט דוד המלך. משיחס באַגלייטער באַדאַרף זיין טאַקע דער אַלטער אליהו התשבי. די אַלע צדיקים פון נאָך תחיית־המתים וועלן זיך דורכאויס געפינען אַרום דעם אַלט־אַלטן שם, נחס זון, וואָס אין זיינע געצעלטן האָבן זיי זיך געטוליעט אויך פריער. צווישן „בראשית ברא״ און „והיה באחרית הימים״ איז איין אויגן־איבערפיר, ווייל ביידע זענען קעגנזייטיק פאַרבונדן, ביידע ווערן געזעען אין העלן ליכט פון „איצט״. ביי יידן איז עס ניט בלויז אַ מאָראַלישער אימפּעראַטיוו, ניט אַן אָנווייז בלויז וועגן דעם וואָס דאַרף זיין, נאָר טאַקע אויך אַן אויסדרוק פון מענטאַליטעט, פון דירעקט־פּסיכאָלאָגישן „אזוי איז עס״: „יעדער ייד, אומעטום און אַלעמאָל, זעט זיך, ווי אויך ער וואָלט געווען ביי מתן־תורה, ביי יציאת־מצרים״, אאַ״וו.

פאַרגאַנגנהייט און צוקונפט, די ווייטסטע אַזוי גוט ווי די נאָנטסטע, זענען ביי יידן גענאָפּלט מיט קעגנוואַרט, מיט פאַראַנשוילעכונג. און ווען יידן פלעגן אַמאָל אַפילו פאַר זיך און פאַר אַנדערע (בעיקר פאַר אַנדערע) אָפּלייקענען אָט די פאַרנאָפּלונג, ווען זיי פלעגן זיך אַמאָל באַמיען צו מאַכן דעם רושם, ווי זיי וואָלטן צעריסן די געקייטלטקייט צווישן אָט די דריי רינגעלעך: „געווען״—„איז״—„וועט זיין״, צעשטערן די פעסטע „דרייאייניקייט״, זענען זיי דאַמאָלס, צוליב געוויסע סיבות, באַגאַנגען אַ מענטאַליטעט־פעלשונג, האָבן זיי זיך אָנגע־שטרענגט אַרויסצוגיין, אַרויסצוגנבענען זיך פון זיך אַליין. ביי דער ניט־געפעלשטער יידישער מענטאַליטעט, ביי דער אָפּגעהיטער יידישער טרייהייט צו

זיך אַליין ווערט, ווי געזאָגט, פֿאַרגאַנגנהייט, אַזוי גוט ווי צוקונפֿט, פֿאַרקעגנ־ווערטיקט. דער גרויסער רעמבראַנדט האָט די אַלט־אַלטע משה רבינושע געשטאַלט פֿאַרקעגנוווערטיקט: געמאָלט משה רבינון לויט דעם ווי ער, דער גאונישער מאָלער, איז וויזועל און וויזיאָנעל באַאיינפֿלוסט געוואָרן פֿון אַ שיינעם, פּאַט־ריאַרכאַלישן אַמסטערדאַמער יידן פֿון זיין צייט. און אָט די נטיה צו פֿאַר־קעגנוווערטיקן אַלטע פֿאַרגאַנגנהייטס־געשטאַלטן האָט דאָך געלעבט און געווירקט אין יעדן יידן: אדרבא, לאָמיר נאָר זיך דערמאָנען ווי אַזוי ס'האָבן, למשל, אויסגעזעען משה רבינו און אהרן הכהן אויף די שער־בלעטער פֿון יידישע סידורים און חומשים, — אַ ביז גאָר גרויסע ענלעכקייט איז דאָרטן געווען צווישן זיי און די בילדער פֿון משה מאָנטיפֿיאָרי, דער ווילנער גאון אָדער ר' שניאור־זלמן מלאַדי...

*

אין דער גאַלעריי פֿון פֿעלקער — היסטאָריש, און אין דער גאַלעריי פֿון מענטאַליטעטן — טיפּאָלאָגיש, זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ביי זיי איז העגעמאָן איינע פֿון די דריי צייטן. די היינטצייטיקע מצריים, גריכן, איטאַליענער, למשל, גרויסן זיך מיטן זכות פֿון „זייער" רומפֿולן פֿאָלק — פֿון שטאַם־פֿאַרגאַנגנהייט („זייער" אין געגנזנפּיסלעך, ווייל ס'געפֿינען זיך דאָך אַזעלכע, וואָס פֿרעגן אָפּ די עצם־שייכות זייערע צו די אמתע שאַפֿער פֿון יענער רומפֿולער פֿאַרגאַנגנהייט און זעען אין די וואָס רופֿן זיך היינט־צו־טאָג „מצריים", „גריכן", „רוימער", נאָר צוגעטשעפּעטע צו אַ פֿרעמדן יחוס־אבות). דאָס איצטיקע רוסיש־סאָוועטישע פֿאָלק פֿילט זיך דערהויבן מיט זיין אָנשטרענגונגפֿולן טראָגן די מיסיע פֿון און פֿאַר דער צוקונפֿט. די נייע יענקיש־אַמעריקאַנישע געמיינשאַפֿט, וואָס האָט לחלוטין ניט קיין פֿאַרגאַנגנהייטס־ירושה און קיין באַזונדערע צוקונפֿטס־מיסיע, שטאָלצירט ווויליונגעריש מיט איר קעגנוואַרט. ביי אַלע פֿעלקער בכלל זענען ניט אַלע דריי רינגעלעך פֿון דער צייטן־קייט פֿון אייגענער דיקייט און פֿעסטקייט. אין פֿאַרגלייך מיט אונדז יידן (און מיט נאָך אַ צוויי־דריי גאָר־אַלטע פֿעלקער, ווי די הינדוסן, כינעזער) איז זייער פֿאַרגאַנגנהייטס־רינגעלע קליין, איז נאָך קלענער איז — ווען דער פֿאַרגלייך באַציט זיך באַזונדערס צו אונדז יידן — זייער צוקונפֿטס־רינגעלע. ווי אַ גאַנצעס, טראָגט כמעט קיין איין פֿאָלק ניט קיינע רעוואָלוציאָנערע אידעען־זאָרגן פֿאַר דער צוקונפֿט, זעט בדרך־כלל אין דער צוקונפֿט אַ געוויינלעכן המשך פֿון דער קעגנוואַרט, מיט בלויז אויסערלעך־טעכנישע פֿאַרבעסערונגען, אָבער אָן פּרעטענזיעס און אָן ווילן אויף אינערלעך־גרונטזעצלעכער איבעראַנדערשונג.

דאָס יידישע פֿאָלק אַלס גאַנצעס איז טריי צו זיין אורשפּרינגלעכער און ביז היינטיקן טאָג ניט געענדערטער מענטאַליטעט. עס איז פֿון די ביז־גאָר ווייניקע פֿעלקער אויף דער וועלט, אפֿשר אפֿילו דאָס אוניקום־פֿאָלק, וואָס אַלע דריי רינגעלעך פֿון דער צייטקייט זענען ביי אים פֿון דעם אייגענעם פֿאַרנעם און פֿון דערזעלביקער וויכטיקייט. ס'איז דאָס פֿאָלק פֿון דער עכטער און פֿולער צייטן־„דרייאיינקייט", און אויב מיר טרעפֿן אויך ביי אים אַמאָל, ביי פֿאַרשידענע

פאָלקסטיילן, אַ מצב, ווען די דריי צייטן־רינגעלעך פון דער קייט זענען דיספראָ־פּאָרציאָנעל, איז עס, ווי שוין געזאָגט, בלויז אַ צייטווייליקער אָפּנויג פון דער נאָרמע, היסטאָריאָזאָפיש און פסיכאָלאָגיש גענומען בלויז אַן „אָפּטישער טעות" פאַר ניט געניטע אויגן. איז טאַקע דאָס יידישע פאָלק אַן אוניקום אויך מיט דעם, וואָס ס'איז גלייכצייטיק — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען — דאָס אַלטע און דאָס יינגסטע צווישן פעלקער. ווייניקע צווישן זיי, אָדער אַפילו קיינער פון זיי, טראָגט ניט, ווי דאָס יידישע פאָלק, מיט זיך און אין זיך צוזאַמען די גרויסע פאַרגאַנגנהייט און אויך די פאַרמעסטן אויף אַ גרויסער צוקונפט, יעדנפאַלס — די ניט־איבערגעריסענע געקייטלקייט צווישן פאַרגאַנגנהייט און צוקונפט.

ביים אָקאָרשטיקן אַרייננעמען די יידישע מדינה אין דער משפחה פון די „פאַראייניקטע נאַציעס" — האָב איך געפונען פאַרצייכנט אין איינעם אַ לייק־סוקסעסער באַריכט — האָט עמיצער אַ זאָג געטון, ווען דער פאָרשטייער פון דער יידישער מדינה איז אריין אין זאָל צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ: „ס'איז דער עלטסטער און דער יינגסטער אָנו־מיטגליד". דער וואָס האָט עס געזאָגט האָט געבראַכט צום אויסדרוק אַ וואונדערלעכן היסטאָרישן אמת. לויטן בערגסאָנישן פאַרשטיין „אַלטקייט", איז דאָס יידישע אַלטע פאָלק אַ ביז־גאָר יונג פאָלק, ווייל „אַלטקייט" מעסט זיך מיט צעפאַלונג, מיט צו פאַרניכטונג ברענגנדיקע ענדערונגען אין אָרגאַניזם, און דאָס אַלטע יידישע פאָלק איז ניט צעפאַלן און איז גאָר ווייט פון פאַרשווינדן. און אויך אין דער ר' נחמן קראָכמאַלשער היסטאָריאָזאָפישער דערקלערונג פון יידישן קיום־סוד קען מען זען די דערמאָנטע צונויפפאָרונג פון אַזעלכע אַנטינאָמיען ווי „אַלט" און יונג" צוזאַמען לגבי דעם יידישן פאָלק, הגם — למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן — די רנ"קישע דערקלערונג דערקלערט כלל ניט דעם סוד, זי פאַרבילדלעכט בלויז דעם אומ־פאַרשטענדלעכן פאַקט פון ניט־איבערגעהאַקטן יידישן קיום. ווי זאָגט עס ר' נחמן קראָכמאַל? — אַלע פעלקער פון דער וועלט, אומעטום און אַלעמאָל, גייען דורך דריי צייט־שטופן. פונקט אַזוי ווי אין דער וועלט פון געוויקסן, פונקט אַזוי ווי אין דער אַקלימאַטישער פאַרטיילונג פון דעם יאָר: פרילינג (בלי־פּעריאָד), זומער (העכסטע צייטיקייט) און — האַרבסט (אָנהויב פוילן). אַלע פעלקער פאַרשווינדן נאָך דעם ווי זיי דערגייען צו זייער האַרבסט־פּעריאָד. אַן אויסנאַם איז בלויז דאָס יידישע פאָלק, וואָס באַלד מיטן האַרבסט־פּעריאָד קערט זיך ביי אים אום און הויבט זיך אָן פונדאָסניי נאָך אַמאָל דער פרילינג־פּעריאָד.

אונדזער איצטיקע צייט זאָל עס באַזונדערס שאַרף און איבערצייגנדיק באַשטעטיקן: זענען מיר דאָך מיט דער שרעקלעכסטער היטלערישער מאַסן־פאַרניכטונג פון יידן זיכער אַריינגעפאַלן אין סוף־האַרבסט פון אונדזער קיום. איז אָבער באַלד געקומען ווידעראַמאָל אונדזער פרילינג, די שונאים אויף צופּוקעניש, און ס'איז געגרינדעט געוואָרן די זעלבשטענדיקע יידישע מדינה. דער פּלוצימדיקער איבערגאַנג פון האַרבסט צו פרילינג איז אַ באַשטעטיקונג, אַ באַפעסטיקונג פאַר דער צייטן־„דרייאייניקייט" אונדזערער.

ס'איז אָבער ניט צו לייקענען: געווען און געווען אויך ביי אונדז צייטווייליקע אָפּנויגן פון דער נאָרמע. די יידישע מאַרטירער־געשיכטע האָט שוין געזאָרגט דערפאַר. און וואָס ס'איז ווערט אקצענטירט צו ווערן בנוגע אָט די אָפּנויגן, וואָס ס'איז העכסט־כאַראַקטעריסטיש און באַלערנדיק פון שטאַנד־פּונקט „יידישע געשיכטע ספּעציפיק", איז אָט וואָס:

ערשטנס — דער קרייז־פּונקט פון אַלע אָפּנויגן האָט זיך שטענדיק און בעיקר געפונען אין באַציאונג צו דער קעגנוואַרט, אין באַנייענען זי אָדער באַיאָען. אָט די באַציאונג, דאַן ווען זי איז געווען אַ באַיאָעדיקע, האָט, אמת, טאַקע מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ געענדערטע באַציאונג אויך צו דער פאַרגאַנגנהייט, יאָ־באַציאונג צו קעגנוואַרט האָט ממילא געבוירן אויך אַ ניין־באַציאונג צו פאַרגאַנגנהייט. די לעצטע איז אָבער געווען — ווי דאָס באַגלייטנדיקע צייטוואָרט „געבוירן" לאָזט אונדז וויסן — נאָר אַ סעקונדערער, אַ ממילאדיקער און ניט קיין פּרימערער, לכתחילהדיקער פאַקטאָר אין אָפּנויג.

און צווייטנס — די באַציאונג צו דער צוקונפט איז קיינמאָל און אין דער מינדסטער מאָס ניט אָנגעגריפן און ניט געטראָפן געוואָרן דורך דער געענדערטער באַציאונג צו דער קעגנוואַרט און פאַרגאַנגנהייט. די באַציאונג צו דער צוקונפט איז שטענדיק געשיצט געווען קעגן אַנטווערטיקונגס־רוחות. אַפילו די הייסטע באַיאָער פון קעגנוואַרט ביי אונדז, די וואָס — ווי געזאָגט — האָבן ממילאדיק פאַרניינט די פאַרגאַנגנהייט, אַפילו זיי זענען קיינמאָל ניט געווען אין דער מענטאַלישער הויט פון איצטיקן יענקי־אַמעריקאַנישן „פאַן־היינט", ווּעלכער האָט ניט צו טון מיט אידעאיש־רעוואָלוציאָנערע זאָרגן פאַר „מאָרגן". אונדזער יידישער קעגנוואַרט־באַיאָער איז שטענדיק געווען דער איניציירער און דער פאָן־טרעגער פון רעוואָלוציאָנערע אידעען פאַר דער צוקונפט. די קעגנוואַרט־באַיאָאונג גופא איז ביי אים געווען א מוז־תנאי, אַ שפּרינג־ברעט לטובת דער רעוואָלוציאָנערער צוקונפט־באַנייאונג. אַ ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער וואָלט וועגן אָט די קעגנוואַרט־באַיאָער אונדזערער אוודאי געזאָגט אויף זיין שטייגער:

— „זע נאָר, דו אַלמעכטיקער גאָט פון אברהם־יצחק און יעקב, דייַנע קינדער, ווען זיי שמירן אַפילו די רעדער פון קעגנוואַרט, וויקלען זיי זיך אין הייליקן טלית פון צוקונפט!"

ווי האָבן אויסגעזען די דערמאָנטע צייטווייליקע אָפּנויגן, די „אָפּטישע טוישונגען" לגבי דער דיספּראָפּאָרציאָנעלקייט פון די רינגעלעך אין דער „דריי־איינציקייט"־צייטן־קייט ביי אונדז? — די פאַרטיילונג איז דאָ געווען אַ ניט־גלייכע. דער ערשטער טייל האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער לאַנגע הונדערטער יאָרן אין אונדזער געשיכטע, בעת דער צווייטער טייל איז אין פאַרגלייך מיט אים אַ כראָנאָלאָגיש „מפּיל־קינד", ווייל ער האָט זיך געצויגן סך־הכל עפּעס מער ווי אַן איינאונאייַנציק יאָרהונדערט. אין דעם ערשטן לאַנגן טייל זענען יידן, בעיקר די יידישע גייסטיקע פירער, פון וועמענס השפעה ס'האָבן געגאָסן די יידישע מאַסן, געווען געצוואונגען צו גרינגשאַצן דאָס מיטלסטע רינגעלע

אין דער „דרייאייניקייט"־צייטן־קייט — די „קעגנוואַרט" — און אויף איר חשבון הויבן די התלהבות, דעם אינטערעס צו די איבעריקע עקסטע צוויי רינגעלעך אין דער קייט — פֿאַרגאַנגנהייט און צוקונפט. געעפנט האָבן זיי די ריזיקע מעינות־הישועה פֿון זכרון און בענקשאַפט נאָכן עבר און פֿון האָפֿענונג און גלויבן אין יידישן און מענטשלעכן עתיד. מיט אָט די ביידע מונטערנדיקע שטראָמען האָט מען זיך געחיותט און איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אין דער ענגער, אַסטמאַטישער קעגנוואַרט, וואָס מ'האָט מזלזל געווען איר ווערט, מבטל געווען איר וויכטיקייט.

די קעגנוואַרט איז בלויז אַ שמאָלער קאָרידאָר צווישן צוויי הערלעכע זאַלן, וואָס פֿון איינעם איז מען איבערגעוואַלד אַרויסגעשטויסן געוואָרן און אין דעם אַנדערן וועט מען זיכער סוף־סוף אַריינקומען, אַן אומאַנגענעמער דורכגיי־וועג צווישן רומפֿולער פֿאַרגאַנגנהייט און רומפֿולער צוקונפֿט, איז טאַקע בעסער און לייכטער, ווען מ'פֿאַרזשמורעט די אויגן אין אָט דעם קאָרידאָר, ווען מ'איז אים מבטל.

ווען ס'איז געקומען די וויניקער־דויערנדיקע צייט פֿון צווייטן אָפּנויג, די צייט פֿון דער השכלה און איר צווילינג, וואָס זי האָט שפּעטער געבוירן — די נייע נאַציאָנאַלע און די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען ביי יידן, האָט זיך אין געוויסע פֿאָלקס־גרופּן אָנגעהויבן ווי אַ רעאַקציע קעגן פֿריערדיקן זעלישן צושטאַנד, אַ שטורעמדיקע באַיאָאונג פֿון קעגנוואַרט, אַ סיסטעמאַטישע און באַגייסטערטע אַרבעט אויף דיקער מאַכן דאָס מיטל־רינגעלע אין דער צייטן־קייט, און ווי שוין געזאָגט, איז עס געמאַכט געוואָרן אויפֿן חשבון פֿון דעם ערשטן רינגעלע, אָבער ניט פֿון דריטן — די דיקער־מאַכונג פֿון קעגנוואַרט האָט מיט זיך געצויגן די דינער־מאַכונג פֿון דער פֿאַרגאַנגנהייט, די אָפּשאַבונג פֿון באַזונדערן ווערט וואָס די פֿאַרגאַנגנהייט האָט ביז דאַן געהאַט אין די אויגן פֿון פֿאָלק, די געשטייגערטע גרינגשעצונג צו דער פֿאַרגאַנגנהייט. די נייע „קעגנוואַרט־יידן" האָבן געוואָרפֿן די אַלטע פֿאַרגאַנגנהייטס־פֿאַרהערלעכער אין פּנים אַריין „על דאטפת אטפוך" — „איר האָט פֿאַרמיאוסט, צו נישט און צו וויסט געמאַכט די באַדייטונג פֿון קעגנוואַרט, וועלן מיר איצט דאָס־זעלביקע טון מיט אייער פֿאַרגאַנגנהייט". ס'האָט זיך אָנגעהויבן רעוואָלוציאָנער־שרייעוודיק עמאַנציפּירן פֿון יחוס־פֿאַרגאַנגנהייט, פֿון „עסן קעסט" ביים רומפֿולן אַמאָל: אַלץ וואָס האָט ביז דאַן געגאָלטן ווי פּאָזיטיווער גלאַנץ אין ווייטן נעכטן, איז איצט אַרויסגעשטעלט געוואָרן גאָר ווי נעגאַטיווער זשאַווער. דאָס פֿאַרלאָזן זיך אויף יחוס־אבות — האָט עס געהייסן — זאָל נאָר האָבן געהעמעוועט און געשטערט די היינטיקע יידן אַריבערצוגיין צום שאַפֿן און באַזאָרגן זיך מיט אייגענעם יחוס, יחוס־בנים. ס'איז געפֿאַלן דער רוף: לאָמיר אַריבער אויף אייגענע קעסט, דאָס וועסט־פֿאַרמיאוסטע שטיין פֿון קעגנוואַרט זאָל פֿון איצט אָן ווערן דער גרונט־שטיין פֿאַר אונדזער באַנייטן קיום־בנין. אַלץ איז געווען געווענדעט קעגן דער פֿאַרגאַנגנהייט, אָבער ניט קעגן דער צוקונפֿט, ניט קעגן רעוואָלוציאָנער־פֿאַרבעסערישע פֿאַרמעסטן אין דער צוקונפֿט. ווי ס'האָט געלויטעט אין אַלט־בונדישן הימן, אַ שטייגער: טאַקע „משיח און יידנטום

זענעןביידע געשטאָרבן" — פון איין זייט, ד. ה. דער אַלטער משיח פון אַלטן פּאַרגאַנגענהייטס־יידנטום איז אונדז דערווידער. צוגלייך אָבער — פון דער אַנדערער זייט — „אַ נייער משיח קומט אָן". די צוקונפט, הייסט עס, וועט נישט זיין אַ געוויינלעכער המשך פון דער באַיאָטער קעגנוואַרט. זי, אָט די צוקונפט, איז געקניפּט און געבונדן מיט אַ משיח־אידעע, וואָס די קעגנוואַרט הויבט אָן צו גרייטן. אין דעם זכות טאַקע ווערט די קעגנוואַרט גופא באַיאָט.

אויך די נעאָ־נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט באַיאָט די קעגנוואַרט ווי אַ צוגרייטונג צו דער צוקונפט. אָבער זי האָט — אין אונטערשייד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — זיך ניט געוואָרפן מיט אַזאַ ביטול־שטורעם אויף דער פּאַרגאַנגענהייט אַלס גאַנצע, זי האָט בלויז געוומען ריניקן, דיפּע־רענצירן די פּאַרגאַנגענהייט. געוויסע טיילן פון אָט דער פּאַרגאַנגענהייט האָט זי אָפּגעוואָרפן ווי אומווירדיקע און שטערנדיקע. אַנדערע אָבער האָט זי, פּאַרקערט, הויך־געווירדיקט און דערהויבן און געשטרעבט אין זייער געשטאַלט צו פורעמען אויך די געוואונטשענע צוקונפט.

די נענטערע פּאַרגאַנגענהייט, די פון גלות־איינגעבויגנקייט און צופּאַסונג, האָט זי אָפּגעוואָרפן, אָבער מיט דער גאָר־ווייטער פּאַרגאַנגענהייט פון יידישער זעלבשטענדיקייט און הערצאיק האָט זי פּאַרקניפּט דעם גורל פון איר גאַנצן אידעאישן אימפּעט פּאַר דער קעגנוואַרט און בעיקר פּאַר דער צוקונפט. קריכעריש־חניפהדיקע שתדלנות, למשל, אין דער גלות־פּאַרגאַנגענהייט וואַרפט מען אָפּ. די הערצאיק וואָס אין פּאַסיוון „קידוש־השם", ווערט פּאַרגעסן. דערפאַר אָבער וואַרעמט מען זיך ביי יעדן פּאַרגאַנגענהייטס־זכרון וועגן אַקטיווער הערצאיק, וועגן מאַקאַבייער, בר־כוכבא, רבי עקיבא וכדומה און מען איז גליקלעך־איבער־גליקלעך ווען מ'טרעפט זעלטן אָן אויך ביי די געציילטע אור־אור־אייניקלעך אין דער קעגנוואַרט כאָטש אַ פּאַראיינצלטן המשך־פּרואוו פון יענער אור־אור־זיידעשער אקטיווער הערצאיק. אַ הערש לעקערט, אַ פּנחס דאַשעווסקי, אַ שלום שוואַרצבאַרד ברענגען אַריין אין העכסט־עקסטאַטישער האָפענונג די נעאָ־נאַציאָנאַליסטישע קעגנוואַרט־באַיאָער: „נאָך ניט איבערגעריסן אינגאַנצן די קייט פון אַקטיוון יידישן כוח".

אַ סך מי האָבן אַריינגעלייגט די קעגנוואַרט־באַיאָעדיקע נייע יידן אין ענדערן און אויפהויבן דעם ווערט פון דער יידישער קעגנוואַרט. מיט אַ סך — אַ סך שיין־שמעקנדיקע רויזן האָבן זיי אַרומגעצוימט זייער נייעם וועג אין יידישן לעבן. אָבער איצט, ווען מיר קומען סומירן די רעזולטאַטן פון אַלע זייערע באַמיאונגען, „קען מען שוין אויפדעקן דעם גאַנצן אמת" — ווי ס'זענען זיך בוהג זשורנאַליסטן מיט אָט דעם קעפּל צו באַטיטלען זייערע רעוועלאַציעס פּאַר כלערליי אין סוד געהאַלטענע פּאַקטן. איצט קען און באַדאַרף מען שוין, למען דעם אָביעקטיוון אמת, פעסטשטעלן, אַז אויך ביים פלאַנצן רויזן אויפן נייעם יידישן לעבנס־וועג פלעגן זיך אונדזערע קעגנוואַרט־באַיאָער מער פּאַרשטעכן די הענט און די נשמות מיט די דערנער וואָס אַרום די רויזן, איידער הנאה האָבן פון די רויזן גופא. ביטערע אַנטוישונג האָט שטענדיק אָנגעקלאַפּט

אין די טירן פון דער ניי־באַגייסטערטער יידישער נשמה פון די קעגנוואַרט־באַיאַער, אייז־קאַלטע קעגנוואַרטיקע דערפאַרונג האָט אכזריותדיק געגאָסן גליוועדער אויף זייער זודיקן אידעאישן פּאַטאָס. דאָס גערעטעניש פון נייעם אויפאַקערן און פאַרזייען די יידישע קעגנוואַרט־ערד איז שטענדיק געווען אַ געוואַלדיק־מאַגערס, אַ ביז ווייטיק אָרעמס און קליינס. די ניי־פאַרמירטע יידישע קעגנוואַרט איז שטענדיק געבליבן — אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער — אַן איינגע־דאַרטע, אַ מאַגערע. ס'האָט אין איר שטענדיק געפעלט דער עיקר: אייגענער באָדן פאַר די מסירות־נפשדיקע און ערלעך־מיינענדיקע אויפאַקערער און פאַרזייער פון נייער יידישער קעגנוואַרט. מ'האָט שטענדיק געמוזט אָט די אויפאַקער־ און פאַרזיי־אַרבעט טון ווי צייטווייליקע פאַכטער פון פרעמדן באָדן.

האָט אין יידישע הערצער, אַפילו צווישן די באַגייסטערטסטע קעגנוואַרט־באַיאַער, שטילבאַהאַלטן געטליעט אַ פאַרפראַז צום אָפט־געהערטן אַלט־יידישן מינאָרישן פאָלקס־לידל, און אויך אָט דער ניט־געהערטער פאַראפראַז איז געווען דורכגעוויקט מיט מינאָר ניט ווייניקער, און אפשר אפילו אויך נאָך מער, איידער דער געהערטער אָריגינעלער נוסח! — אַנשטאָט „שוין ניטאָ קיין נעכטן, נאָך ניטאָ קיין מאָרגן, טאָמער איז פאַראַן אַ שטיקעלע היינט" האָט אין די אַנטוישטע הערצער פון די קעגנוואַרט־באַיאַער שטיל געגויעט: „פאַראַן־פאַראַן אַ נעכטן, ס'וועט זיין אויך אַ מאָרגן, ניטאָ־ניטאָ נאָר דאָס שטיקעלע היינט" — דאָס מישטיינס געזאָגט פאַראַנענע שטיקעלע היינט איז צו־קליין און גראָ, גלייך ווי ניט געווען.

„פאַראַן — פאַראַן אַ נעכטן" — האָבן געפילט סיי די פולשטענדיקע פאַר־גאַנגנהייטס־פאַרניינער און סיי — אוודאי — די טיילווייזע פאַרגאַנגנהייטס־באַיאַער. אין „ס'וועט זיין נאָך אַ מאָרגן" האָבן — ווי געזאָגט — ביידע באַוווּ־גונגען געגלויבט, אָבער די ווי יענע, ווער ווייניקער ווער מערער, זענען געווען אומבאַפרידיקט מיט די דערגרייכונגען אויפן געביט פון דער ניי־געבויטער יידישער קעגנוואַרט.

אויך די פולשטענדיקע פאַרגאַנגנהייטס־פאַרניינער, נאָך איידער ס'איז אָנגעקומען דער היטלער־אומגליק, און מיט אים און נאָך אים נאָך מער, האָבן יידיש שאַפנדיקע קינסטלער, למשל, די וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די פולשטענדיקע פאַרגאַנגנהייטס־באַניינער, זיך געגעבן אַ קער צו דער פאַר־גאַנגנהייט, האָבן אָנגעהויבן פלוצים זוכן פערל אונטער דעם אַש פון יענער פאַרגאַנגנהייט, וואָס זיי אַליין האָבן פריער בכיוון פאַרברענט; פון זייער קינסט־לערישן באַגייסטערט־צעהיצטן אָטעם האָט אָנגעהויבן פלוצים אַרויסהויכן פאַר־גאַנגנהייטס־טעמאַטיק, וואָס זיי אַליין האָבן פריער פאַרמיאוסט. ווער פון זיי ס'האָט זיך אַ קער געטון צו אידעאַליזירן די נאָנטע פאַרגאַנגנהייט (י. ל. פרץ, למשל, מיט זיין לויב־שילדערונג פון חסידים און חסידות) און ווער פון זיי — צו דער ווייטערער און אַפילו גאָר־גאָר ווייטער אַרכאַאישער פאַרגאַנגנהייט (דוד פינסקי, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו — אַפילו דוד בערגלסאָן). אַז די ווּעסט־באַיאָטע קעגנוואַרט האָט געגומען אַנטוישן, האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַ רעטונגס־רוף אין דער פאַרגאַנגנהייט.

לויטן פסיכאָ־אַנאַליטישן נוסח וואָלט מען געקענט זאָגן: ס׳האָט זיך באַוויזן צווישן די פולשטענדיקע פאַרגאַנגנהייטס־פאַרניינער און דורכאויסיקע, באַדינגונגסלאָזע קעגנוואַרטס־באַיאָער אַ שפּאָגל־נייער קאָמפּלעקס. אַ „שאול״־קאָמפּלעקס. אחריותדיקע יידיש־שרייבנדיקע קינסטלער האָבן דורכגעלעבט די אַמאָליקע טראַגעדיע פון שאול המלך: אין אַן עת־צרה פון אַנטוישונג האָבן זיי זיך געמוזט ווענדן צו זייער מוזע, פונקט אַזוי, להבדיל, ווי שאול המלך בשעתו צו דער כישוף־מאַכערין פון אוב, זי זאָל זיי אַרויסברענגען שאָטנס פון אין דער ערד באַגראָבענער פאַרגאַנגנהייט. די פון פריער פאַרטריבענע קונסט פון אויפלעבן, פון רעפּראָדוצירן פאַרגאַנגנהייט איז פלוצים אויך פאַר זיי געוואָרן אַ נויטיקער תיקון, אַ היילונג און אַ טרייסט אין דער קעגנוואַרט־אַנטוישונג.

פריער איז דער היסטאָרישער ראָמאַן נאַטירלעכערווייז געשאַפן געוואָרן בלויז אין העבראַיש (א. מאַפּו, א. ש. פרידבערג), ווייל די העבראַיש־שרייבנדיקע האָבן זיך דאָך געפונען צווישן די טיילווייזע פאַרגאַנגנהייטס־באַיאָער. פון איצט אָן אָבער האָבן די היסטאָרישע ראָמאַנען אָנגעהויבן שאַפן אויך יידיש־שרייבנדיקע קינסטלער, די וואָס האָבן פריער געהערט צו די פולשטענדיקע פאַרגאַנגנהייטס־פאַרניינער. די אַנטוישונג פון דער קעגנוואַרט האָט גלייכצייטיק — אָבער ניט גלייכמאָסיק — געטראָפןביידע מינים שאַפער, באַזונדערס אָבער די טיילווייזע פאַרגאַנהייטס־באַיאָער. די בעסערע צווישן זיי האָבן זיך געלאָזן קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרטן צו פאַרזיכערן זיך מיט אַן אייגענעם באָדן פאַר דער אויפבויאונג פון אַ נייער קעגנוואַרט. צו־שטאַרק האָט זיך זיי געוואָרפן אין די אויגן דער געוואַלדיקער אונטערשייד צווישן יענע טיילן אין דער פאַרגאַנגנהייט, וואָס זיי האָבן באַיאָט און וואָס אין זייער ליכט האָבן זיי זיך געוואַרעמט ביים קעגנוואַרט־אויפבוי; און דער מישטיינס־געזאָגטער אויפגעבויטער קעגנוואַרט. מכבישע, בר־כוכבאשע אַפּעטיטן זענען ביי זיי געווען שטאַרק, אָבער זעטיקן זיך האָבן זיי ניט געקענט. זיי האָבן — אַפילו אין זייער העראָאיק — געמוזט זיך באַנוגענען בלויז מיט מכביש־בר־כוכבאשע שפּייז־ברעקלעך. די גבורה פון „השומר״, שפּעטער פון אונטערערדישער „הגנה״ איז געווען בלויז אַ פּרעלודיע צו דער געגאַרטער אַ לאַ מכביש־בר־כוכבאשער פול־סימפאָניע. און ווען נאָך דער פּרעלודיע האָט זיך נאָך אַלץ פאַרזוימט און ס׳איז ניט געקומען די פול־סימפאָניע גופא, איז דער ווייטיק, די אַנטוישונג געווען זייער־זייער גרויס. ס׳איז געווען אַזאַ אָפענע פיינלעכע סתירה צווישן געגאַרטער און פאַראַנענער קעגנוואַרט. אמת, ס׳האָבן דאָ און דאָרטן דורכגעלויכטן העראָאישע בענגאַל־פייערלעך. זיי ווערן אָבער באַלד אויסגעלאָשן און נאָך זיי קומט די שטאָק־פינצטערניש, די, פון וועלכער מ׳איז אַנטלאָפן פון גלות, דער געדיכטער באַליידיקנדיקער חושך פון שתדלנותדיקער צופאַסונג צום פרעמדן ווילן. די טרויעריקע דערקענטעניש, אַז מ׳איז זיך עוסק מיט קינסטלערישער באַפּוצונג פון אַ נאָך ניט־אייגענעם בנין־פּאַסאַד.

אין אַ געוויסער מאָס איז עס אין ארץ־ישראל געווען נאָך פיל־פיל פיינלעכער איידער ערגעץ־וואו אַנדערש, ווייל דאָ איז מער ווי אומעטום די ווייטע העראָאישע פאַרגאַנגנהייט געווען נאָענט, די כראָנאָלאָגישע ווייטקייט איז

קלענער געוואָרן דורך דער געאָגראַפישער אוממיטלבאַרקייט. דאָ, אין ארץ־ישראל, האָט מען מיט עיני־בשר געזעען דעם גלבוע־באַרג, דעם מודיעין־דאָרף, די גליל־פעלזן, און יענע אַלע האָבן דירעקט געשריען און געמאָנט:

— איר, וואָס ווילט זיין שאולס, יהונתנס, חשמונאים, בר־כוכבאס געטרייע אור־אור־אייניקלעך, פאַרוואָס־זשע טוט איר ניט אַלץ און טאַקע באַלד וואָס אייערע אור־זיידעס האָבן געטאָן?...

אָט דער מאָן־געשריי איז געווען בוימל אויף די פלאַקערן פון פאַרביטערונג און אַנטוישונג ביי די ארץ־ישראלדיקע חלוצים, די הילפסלאָזע אור־אור־אייניקלעך פון שאול־יהונתן, פון די חשמונאים און בר־כוכבא אַזוי ווייט, אַז אַמאָל פלעגן זיי אַריינפאַלן אין אַן אייגנאַרטיקן טראַנס פון היסטאָריאָפאָביע. דאָ, דווקא דאָ, אויפן אָרט פון דער ווייטסטער און רומפולער יידישער פאַרגאַנגנהייט, איז די היסטאָריאָפאָביע געווען פיל שאַרפער און פיינלעכער, איידער ביי די געוויינלעכע פאַרגאַנגנהייטס־פאַרניינער ערגעץ־וואו אַנדערש. דאָ האָט די היסטאָריאָפאָביע באַטייט זעלבסט־פאַרטיידיקונג. זי האָט דאָ באַצוועקט צו פאַרטויבן די אויערן, זיי זאָלן ניט הערן און ניט אויפנעמען דעם מאָן־געשריי פון דעם גלבוע־באַרג, פון דעם מודיעין־דאָרף, פון די גליל־פעלזן.

טאַקע דערפאַר וואָס דאָ איז געווען אַזוי בולט, אַזוי איינפאַך־אַנזעעוודיק דער „פאַראַן־פאַראַן אַ נעכטן”, איז דאָ געוואָרן טאָפל־ווייטיקדיק די אַנערקענונג פון „ניטאָ־ניטאָ קיין שטיקעלע היינט”.

דאָ האָבן די יונגע חלוצישע הערצער און געוויסנס ניט געקענט איבער־נעמען די געצוואונגענע געלאַסנקייט און גלייכגילטיקייט פון זייערע טאַטעס און זיידעס, וועלכע פלעגן זיך אָפחיותן אין ברען פון זייער בענקשאַפט נאָך משיחן מיט „אַפילו ווען ער פאַרזאַמט זיך, וועט ער דאָך קומען”. דאָ, ווען עס וואָלט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט געצויגן דער באַליידיקנדיקער אונטערשייד צווישן דער קלאָגעוודיקער קעגנוואַרט און אַמאָליקער העראָאישער פאַרגאַנגנהייט, ווען ס'וואָלט זיך נאָך דויערנדיק געלאָזט הערן דער מאָן־געשריי פון גלבוע־באַרג, מודיעין־דאָרף און גליל־פעלזן און ס'וואָלט נאָך אַלץ ניט געשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייט ביי די שאולס, יהונתנס, חשמונאימס, בר־כוכבאס אור־אור־אייניקלעך זיך נעמען אויספירן פאָלגעריש וואָס דער געשריי מאָנט, וואָלט עס געבראַכט אפשר צו אַ שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע.

דראָענדיקע סימנים פון אָט דער מעגלעכער קאַטאַסטראָפע האָבן זיך באַוויזן שוין פריער, דאָס זענען געווען סימנים פאַרבונדענע מיט שטייגנדיקער רעזיגנאַציע, מיט אַ שפאַלט אין דער גאַנצקייט פון גלויבן אין אידעאַל. אַזאַ סימן איז, למשל, צו זעען אַפילו אין נוסח פון ערשטן ציוניסטישן הימן: „עוד לא אבדה תקותנו” (נאָך ניט פאַרלוירן אונדזער האָפענונג). „נאָך ניט” — ענען פסיכאָלאָגן מפרש מיט רעכט — איז אַלע מאָל אַ העלפט „שוין יאָ”. מיטן לשון פון „נאָך ניט” ריידן שטענדיק האַלב־רעזיגנירטע, אַזעלכע וואָס באַמיען זיך צו פעסטיקן זייער אָפגעשפאָלטענעם גלויבן. אַזאַ נוסח פון „נאָך ניט” איז, אמת, געווען אויך אין די נאַציאָנאַלע הימנען פון אַנדערע פעלקער, אויך פון פאָליאַקן („יעשצע פאָלסקא ניע זגינעלא”) און אוקראַינער („שטעניע וומערלאַ

אוקראַינאַ״). אָבער אויך ביי יענע האָט זיך אָט דער הימן־נוסח געשאַפן אין אַ שווערער צייט פון זייער היסטאָריע, ווען אויך זיי זענען געווען אונטער־געוואָרפן דער האַלב־רעזיגנאַציע.

ס׳האָט אונדז — ווי געזאָגט — געדראָט אַ קאַטאַסטראָפע, זי איז אָבער אין דער סאַמע ריכטיקער צייט אויסגעמיטן געוואָרן: ס׳איז אָנגעקומען די געבענטשטע, די לאַנג־געגאַרטע צייט פון העראָאישן קאַמף פאַר יידישער פול־שטענדיקער באַפרייאונג אין לאַנד פון יידישער אַלט־היסטאָרישער פאַרגאַנגנהייט, דער מאַן־געשריי פון גלבוע־בארג, מודיעין־דאָרף און גליל־פעלזן האָט זיך פאַרביטן מיט אַ מאַזשאָרישן בת־קול:

— זיי קומען, זיי טוען וואָס מיר, אונדזערער טרייע אור־אור־אייניקלעך...

ס׳איז געשאַפן געוואָרן די יידישע זעלבשטענדיקייט אין אונדזער אַלט־היסטאָרישן זעלבשטענדיקייטס־לאַנד, ס׳איז ענדלעך פאַרזיכערט געוואָרן די פולקייט און גאַנצקייט פון אַ נייער יידישער קעגנוואַרט. די וועסט־אָפּגעשוואַכטע צייטן־„דרייאייניקייט״ איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן. און אויס מיט דער דיספּראָפּאָרציאָנעלקייט צווישן היקף און חשיבות פון אַלע דריי רינגעלעך אין דער צייטן־קייט אין יידישן לעבן. מיר האָבן זוכה געווען צו דער לאַנג־געטרוימטער דערגרייכונג —

— צו דער ווידעראויפגעשטעלטער „דרייאייניקייט״.

# אלטער נוסח־אשכנז אין ניי־ישראל?

## א.

„נוסח־אשכנז", פּונקט אַזוי ווי „נוסח־ספרד", שטאַמט פון דער רעליגיעזער סביבה ביי אונדז און איז בדרך־כלל פאַרבונדן אין שפּראַכלעכן געברויך בלויז מיט אַ קליינעם, הגם וויכטיקן, טייל־פאַקטאָר אין לעבן פון איינער, הגם, אמת, אַ רוב־מנינדיקער־רוב־בנינדיקער, פאָלקס־שיכט אונדזערער — מיט דעם פרום־יידישן תפלה־קאַנאָן, מיט דעם סדור־מחזור־טייל פון גייסטיק־רעליגיעזן פאָלקס־אינווענטאַר, וואָס אַפילו אין דער פרומער סביבה אונדזערער פלעגט מען צו אים אָנקומען נאָר צו עטלעכע שעהן אין טאָג אָדער גאָר אין געציילטע עטלעכע טעג אין יאָר. — דאָס כסדרדיקע און פּויזעלאָזע יידישע אַלטאָג־לעבן האָט זיך מיכלומרשט אויף דער ווירקונג פון אָט דעם נוסח קיינמאָל און אין ערגיץ־ניט ניט אָנגעשטויסן. האָט דאָך אויך דער פאַנאַטישסטער פרומער זיידע און עלטער־זיידע געהאַט זיין געוויינטלעך־וואָכיקן, פּראָסט־פשוטן סתם־מענטשלעכן לעבן פון דאַגות־פרנסה, קינדער־האָדעווען און כלערליי פּראַקטיש־פּראָזאישע און עמאָציאָנעלע באַציונגען בין־אדם־לחברו און בין־ייד־לגוי, אַ שטח וואָס האָט אין פלוג געדאַרפט און געקענט זיין דער אייגענער אָדער כמעט אייגענער אין דער סביבה פון אַלע יידיש־רעליגיעזע פאַרשידענע נוסחאות, אַ שטח וואָס האָט, ווי דער אפריאָרישער שכל איז מחייב, ניט געדאַרפט און ניט געקענט דירעקט סטימולירט און רעגולירט ווערן פון באַזונדערן סידור אָדער מחזור פון דעם אָדער יענעמס יידישן ספרים־אַלמער ערגיץ־ווו ביים זיידן אָדער עלטער־זיידן אין אַ שטרענג־פּריוואַטן און אינטימען שטוב־ווינקל. וויאַזוי און פאַרוואָס זאָל מוזן דער צייטלעך־ און רוימלעך־באַשרענקטער אונטערשייד צווישן איין סידור־מחזור־נוסח ביי די און יענע יידן פונאַנדערטיילן ס'גאַנצע יידישע לעבן אין פאַרשידענע יידישע פאָלקס־סביבות, וויאַזוי און פאַרוואָס זאָל מוזן פון נוסח־אשכנז אָדער נוסח־ספרד ווערן מאָנאָליטיש, פול און גאַנץ, באַווירקט דאָ און דאָרט דער יידישער לעבנסשטייגער? וויאַזוי און פאַרוואָס זאָל אַ קלענערער אָדער גרעסערער טעקסט־שנוי אין אַ תפלה מוזן ווערן אויך די סיבה פאַר אַ ספּעציפישער טיף־גרונטיקער יידישער טיפּאָלאָגיע און ניט־זעלטן אַזוי ווייט, אַז צוויי קינדער פון איינאונדעמזעלביקן יידישן פאָלק, אַ ייד לפי נוסח־אשכנז און אַ ייד לפי נוסח־ספרד, אַ שטייגער, זאָלן ווערן פּסיכאָלאָגיש־מענטאַלישע אַנדערשקייט־טרעגער ניט ווייניקער און אַפילו נאָך מער איידער צוויי פאָרשטייער פון בפירוש־פאַרשידענע און ווייטע פעלקער?...

דער מעקווירדיקער אמת אָבער, דאָס ספּעציפיש־יידישע אין אָט דעם באַרירטן ענין איז דאָס, אַז דער רעליגיעזער פאַקטאָר אין יידישן לעבן, און ניט נאָר אין גאָר־ווייטן גרוי־אַלטן אַמאָל, נאָר אַפילו נאָך מיט געציילטע עטלעכע דורות צוריק, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט טאַקע באַהערשט בפועל־ממש אויך דאָס גאַנצע לעבן. ביי אַ פרומען יידן איז טאַקע זיין באַציונג בין־אדם־לחברו נאָטירלעכערהייט געווען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער באַציונג זיינער בין־אדם־למקום, זיין גאַנץ אַלטאָג־לעבן איז פאַר אים געווען, אויב מען מעג אַזוי זאָגן, — אַ מין אָפן סידור, יענער „פנקס פתוח והיד כותבת“, וועגן וועלכן אַ פרומער ייד האָט געוווּסט פון פרק, האָט זיך דאָך געפונען ערגיץ ווייט דאָרט אין די הימלען, ווען אָט דער אָפענער סידור איז שטענדיק געווען פאַר אים האַרט אויף דער ערד: ער פלעגט פון אים כסדר זינגען און זאָגן ניט בלויז ביים דאַוונען; שטייענדיק אין קראָם ביי זיך, בין פדיון לפדיון, צווישן איין, מישטיינס־געזאָגט, מסחרישער טראַנזאַקציע און דער אַנדערער, שטייענדיק ביים בעל־מלאכהשן וואַרשטאַט זיינעם, צווישן איין אַרבעט און דער צווייטער, פלעגט דער פשוטער פרומער און אַפילו ניט־פרומער ייד פון אַ גאַנץ יאָר ציטירן און אונטערברומען גאַנצע שטיקער סידור־ און מחזור־טעקסטן, יעדער עם־הארצישער ייד פלעגט ווי שלום־עליכמס טוביה דער מילכיקער אין אַלע זיינע טאָג־טעגלעכע ענינים שעפן אַסאָציאַציעס און בראָקן פאַסיקע און פאַרדרייטע פּסוקים פון די תפילות. און טאָמער איז דאָס אַליין געווען נאָך ווייניק, פלעגט ער טאַקע אויך מקיים זיין „והיד כותבת“ — אויף די שער־בלעטער פון זיין סידור און מחזור פלעגט ער פירן זיין וויכטיקערע משפחה־כראָניק: פאַרשרייבן יאָרצייטן און געבוירן־דאַטעם, ווי אויך פירן זיין פּראָזאאישע געשעפט־לעכע בוכהאַלטעריע: פאַרשרייבן זיינע גליענע אָדער אַנטליענע גמילת־חסדס אַא״וו. יעדער ייד פלעגט זיך געפינען אין דער ספערע פון זיין סידור און מחזור שטענדיק און אומעטום. און דער באַזונדערער נוסח־אשכנז אָדער נוסח־ספרד פון אָט דעם סידור און מחזור זיינעם פלעגט טאַקע פאַרזיגלט ווערן אין זיין גאַנצן לעבנס־שטייגער און כאַראַקטער עד־מאָס, ביי אים אינדיווידועל און ביי דער גאַנצער סביבה זיינער. ס׳האָט זיך מיט דער צייט אויסגעאַרבעט אויך אַ געמיינשאַפטלעכער כאַראַקטער לפי נוסח־אשכנז און לפי נוסח־ספרד. אויך דאָס אַנטי־געמיינשאַפטלעכע, אויך די עדות־אַנטאַגאַניזמען צווישן די באַזונדערע בעלי־נוסחאות האָבן גענעטיש געשטאַמט פון כסדר אָפענעם סידור און מחזור. פלעגן טאַקע צווישן יידן אַרומגיין אַפאָריזמען וועגן די יסודות פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, ווי, למשל: „מיר זענען אַלע ברידער, ווייל מיר דאַוונען פון איין סידור“ אָדער „קיינער פון אונדז איז צום צווייטן ניט קיין אכזר, ווייל מיר דאַוונען אַלע פון איין מחזור“; זענען אָבער אָט די אַפאָריזמען געווען אַ מין טעאָרעמע, וואָס האָט נעבן זיך אויך איר אומגעקערטע טעאָרעמע — יידן וואָס האָבן ניט געדאַוונט אַלע פון „איין סידור“ האָבן צווישן זיך אָפט כלל ניט געפילט זיך ווי ברידער און פון צוויי יידן, וואָס יעדערער האָט געדאַוונט פון אַן אַנדער מחזור, האָט איינער געקענט אַרויס־ווייזן זיך לגבי דעם אַנדערן אָפט ווי אַן אַכזר...

יעדער איינער פֿון אָט די צוויי נוסחאות: נוסח־אשכנז און נוסח־ספרד האָט זיך געהאַט זיין צייט פֿאַר דאָמינירנדיקער שליטה אין יידישן פֿאָלקס־לעבן, יעדערער פֿון זיי האָט בשעתו אויסגענוצט זיין העגעמאָניע־רעכט, רעכט וואָס ער אַליין, האָט זיך אויסגעקעמפט, וואָס זיינע אָנהענגער האָבן פֿאַר אים אויסגעקעמפט. און ווי ס׳פֿירט זיך ביי קאַמף, איז ניט אַלע מאָל דאָס „רעכט״ טאַקע געווען מיט פֿולער רעכט... די גלגולים פֿון דער צעקוידערטער יידישער געשיכטע האָבן געוואָלט, אַז די לעצטע פֿאַר הונדערט יאָרן זאָל דאָס העגעמאָניע־„רעכט״ אַריבער אין אונדזער פֿאָלקס־לעבן צום נוסח־אשכנז. איז דאָך ריכטיק די באַקאַנטע דובנאָווישע היסטאָריאָגראַפֿישע איינשטעלונג אויף וואַנדערנדיקע און זיך בייטנדיקע קולטור־צענטערן אין יידישן כלל־לעבן, אַזאַ קולטור־צענטער איז בשעתו געווען אין לאַטייניש טייל פֿון אייראָפּע, ווו ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן דער נוסח־ספרד, שפּעטער אָבער איז דער גערמאַנישער אייראָפּע־טייל, און פֿון אים דער מזרח־אייראָפּישער טייל, די דיפֿוזיאָנירטע גערמאַניש־סלאַווישע סביבה, געוואָרן דער פּלאַץ פֿאַר דעם נייעם קולטור־צענטער, ווו ס׳האָט זיך געשאַפֿן און פֿונוואַנען ס׳האָט מיט אָקופּאַציע־אַמביציעס און כוחות זיך פֿאַרשפּרייט דער נוסח־אשכנז. די שאַפֿונג פֿון יעדן נייעם קולטור־צענטער אין יידישן פֿאָלקס־לעבן איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פֿון אַ געוויסער רעוואָלוציאָנערער אויפֿפֿירונג, אויפֿן געביט פֿון קולטור בכלל און פֿון קולטור ביי יידן בפֿרט, אין די באַדינגונגען פֿון פּערמאַנענטער און אומעטומיקער יידישער געדריקטקייט, איז ניט מעגלעך קיין נס פֿון געבורט אָן ווייען, איז אָבער אויך נאַטירלעך, אַז יעדע געלונגענע רעוואָלוציע זאָל זיין האָפֿערדיק־מאַכטריבעריש, אַז נאָך יעדן ווייי־געבורט זאָל קומען די קאָמפּענסאַטאָרישע שטרעבונג און באַדערפֿניש צו אַ מאַקסימאַל־אויסגעברייטערטן פֿול־לעבן. יעדער איינער פֿון אונדזערע וואַנדערנדיקע און זיך בייטנדיקע קולטור־צענטערס האָט פֿאַרמאָגט אָט די שטרעבונג, באַזונדערס אָבער האָט עס פֿאַרמאָגט אונדזער נוסח־אשכנז. אַסך האָט אין דעם פּרט זיכער מיטגעהאָלפֿן אויך דאָס, וואָס צו די פֿריערדיקע רעליגיעזע שאַפֿער פֿון דעם נוסח־אשכנז זענען שפּעטער נאָך צוגעקומען אויך וועלטלעכע מיט־שאַפֿער. — משה מענדעלסאָן — ווי פּאַראַדאָקסאַל ס׳זאָל ניט קלינגען פֿון ערשטן הערן — האָט נאָך מער און שטאַרקער באַפֿעסטיקט דעם אָקופּאַנטישן נוסח־אשכנז, דעם געזעענעם ווי אַ בן־יחידישן אין יידישן אומעטומיקן כלל־לעבן, ניט ווי בלויז איינער פֿון נאָך נוסחאות, נאָר דווקא ווי דער נוסח, זיין מאַיעסטעט דער אליין־הערשערישער נוסח פֿון ווילנער גאון. און דאָ האָבן מיר צו טון מיט אַ מערקווירדיקער, העכסט־אינטערעסאַנטער ממש אוניקום־דערשיינונג געשיכטלעך־פּסיכאָלאָגיש באַטראַכט: ווי אַזוי דועלאַנטישע שוועדן סאַמע ביי זייער שטשערבן איינער דעם אַנדערן, סאַמע ביי פּיינטלעך־באַקעמפּערישער שאַרפֿקייט איינער קעגן אַנדערן, ווערן גאָר צוזאַמענגעשלאָסן אין איין געצייג צום פֿעסטיקן איינאונדעמזעלביקן בוי. יאָ, די רעוואָלוציאָנערע השכלה־עפּאָכע, וועלכע האָט זיך וועסט געוואָרפֿן מיט צערשמעטערישן וווט אויף די אַזוי־גערופֿענע „מורדי־אור״ פֿון ווילנער גאונס קלויז, אָט יענע וואָס האָט געהיט און געפֿעסטיקט דעם רעליגיעזן נוסח־אשכנז, האָט פֿון איר

זייט געבראַכט אַ נייע פאַרפעסטיקונג פאַר דעם נוסח־אשכנז, דאָס מאָל אַ וועלטלעכער נוסח־אשכנז. וואָס ס׳איז נוגע ספּעציעל דער השכלה־עפּאָכע און אַלע אירע ווייטערע קינדס־קינדער־באַוועגונגען (דער ציוניזם און דער יידישער סאָציאַליזם געהערן גענעאַלאָגיש צום יחוס־אבות פון דער השכלה־עפּאָכע), איז דאָך אויף איר, אויף אירע ערשט־אויפבויער און גרונטשטיינלייגער געוויס צו זאָגן, אַז זיי האָבן אין זייערע אויפטועןן געזעען גאַוּוהדיק־רעוואָלוציאָנער קאָסמאָגאָנישן פאַרמעסט, זיי האָבן אין אַלץ וואָס פאַר זיי געזעען „תוהו ובוהו״ אויף צו שאַפן אין און פון אים ערשט אַ נייעם, אַ ממשותדיקן „יש״; האָבן זיי טאַקע אין הסכם מיט דעם קאָסמאָגאָניש אויפגעפאַסט אויך דעם כאַראַקטער פון אָט דעם „יש״ — „בצלמם ותבניתם״ האָט אָט דער „יש״ באַדאַרפט אויסגעפורעמט ווערן, אַלע יידן האָבן געמוזט זיין נאָר משכילים, „מברלין תצא תורה״ מיט דער אייגענער פעדאַנטישקייט ווי פריער „מווילנה תצא תורה״, „ניטאָ קיין אַנדערע פאָזיטיווע יידן אויסער נוסח־אשכנז־יידן״, אַלע אַנדערע נוסח־יידן זענען, לכל־הפחות, מינדערווערטיקערע יידן. נוסח־אשכנז איז אַלע מאָל געווען פאַרגלויבט אין זיין אַליין־רעכט, האָט שטענדיק געציקלט דעם „אחד״ אין שטאַרקער זעלבסט־פאַרליבטקייט.

האָב איך שוין אַקצענטירט באַמערקט: מעג זיך ענדערן דער אינערלעך־אידעאישער מהות פון באַשטימטע נייע אויפלאַגעס נוסח־אשכנז, זיין אויסערלעכע האַרטקייט, זיין פאָדערן העגעמאָניע־רעכט אין יידישן כלל־לעבן בלייבט שטענדיק ניט־געענדערט. און שטויסט זיך אָט די העגעמאָניע־פאָדערונג אָן אויף שטערונגען, איז דער נוסח־אשכנז אַפילו גרייט מוותר צו זיין אויף טיילן יידן, אויף טיילן יידן יאָ, אָבער ניט אויף דעם מינדעסטן טייל פון זיך אַליין, פון זיין אייגענעם מהות, מאַכט אים, דעם נוסח־אשכנז, ניט אויס, ווען ער מוז אָנקומען צו באַשרענקען כמות פון יידישער געמיינשאַפט: פאַר דעם „בונד״, למשל, וואָס איז געווען אַן אויסדריקלעך־אויסגעהאַלטענע אויפלאַגע פון נוסח־אשכנז, איז עס געווען אַזוי פשוט די געאָגראַפיש־פאָליטישע באַשרענקונג פון יידישן פאָלק „ביז ווערזשבלאָווע״. און די אַנדערע יידיש־סאָציאַליסטישע פאַרטייען, אָט די וואָס האָבן שוין מיט געאָ־בפירושער שאַרפער קעגנערשאַפט צום „בונד״, יאָ געגלויבט אין כלל־ישראל איבער געאָ־פאָליטישע גרעניצן, האָבן דאָך אויך פאַר זיך געהאַט בלויז אייראָפּעישע יידן (און צפון־דרום־אמעריקאַנישע יידן בלויז אויף וויפל יענע זענען דע־פאַקטאָ פסיכאָלאָגיש־מענטאַליש־לעבנס־שטייגעריש געווען אַ מין „פיליאַלע״ פון אייראָפּעישע יידן: די „בראָנקס״ פון ניו־יאָרק זענען בערדיטשעוו דאַמעריקע, „ווייטשעפּל״ אין לאָנדאָן זענען נאַלעווקי דענגלאַנד); און ווען אַמאָליקע ציוניסטן זאָלן וועלן און קענען זיין ערלעך מיט זיך אַליין און דערגיין צו אַן אָביעקטיוון מתוודה־זיין זיך, וועט דאָך דאָס אייגענע געזאָגט ווערן אויך וועגן ציוניזם. אַדעסער „חובבי־ציון״ אַוודאי, נאָר אַפילו אין דער באַזעלער פּראָגראַם האָט נאָך געשטעקט ניט ווייניק נוסח־אשכנז־איינשטעלונג, אינטימע, ממילאדיקע, אינערטישע נוסח־אשכנז־באַשרענקונג לגבי פאָלקס־כמות. דער ערשטער באמת אַנטשיידנדיקער ציוניסטישער שריט אָפּצוטרעטן פון נוסח־אשכנז לטובת דער פאַראייניקונג פון גאַנצן פאָלק

איז געווען דאָס פאַרבייטן די אַשכנזישע אויף דער ספרדישער הברה אין אויפגעלעבטן העברעיש, איז אָבער אויך דאָס געווען אַ געוואָגטער פּרווו פון געציילטע ציוניסטן און ניט פון ציוניזם אינגאַנצן, אָט דער לעצטער האָט בלויז לאחר־מעשה געענטפערט „אמן" אויף דעם פון לכתחילה יחידים'שן פרווו. איך גיי דאָ ניט אַריין אין באַהאַנדלען אין־מעריטא דעם דערמאָנטן פרווו, וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן נעגאַטיווע קריטיק אויך מצד ברייטע ציוניסטישע קרייזן, מעגלעך, אַז פון אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט קען און באַדאַרף יענער פּרווו אויך נאָך איצט דערוועקן ערנסטע ספקות; פון ריין־סוביעקטיוון, מענטאַלישן שטאַנדפּונקט אָבער האָט אָט דער פּרווו אַנטפּלעקט דעם רצון צו אַנטוויינען זיך פון מאָנאָפּאָליזירטן נוסח־אשכנז. די יידישיסטישע באַוועגונג, דאַקעגן, אָט די וואָס האָט אַ געזונטן אָביעקטיוון באַרעכטיקונגס־באָדן, איז סוביעקטיוו־מענטאַליש געווען אַן אויסדרוק פון טריישאַפט צום נוסח־אשכנז.

אמת, מיר יידן זענען ניט די איינציקע אין דער אַלעמאַליקער און אומעטומיקער פעלקער־געשיכטע אויף צו לאָזן איין באַשטימטן טייל פון פאָלק צוצוטיילן זיך העגעמאָניע־רעכט בתוך דעם גאַנצן איבעריקן פאָלק, אויף צי שאַפן זיך ביי און מיט פּרעטענציעזער פאַרמעסטונג זיין אייגענעם נוסח, וואָס פון לכתחילה האָט ער, אָט דער נוסח, וועסט געצילט צו דעמאָנסטרירן בלויז די בכורים'שע ראָל פון זיינע טרעגער אין פאָלק, שפּעטער אָבער — מיטן עסן קומט און שטאַרקט זיך אויך דער אַפּעטיט — האָט ער שוין דעמאָנסטרירט בעיקר די בן־יחידים'שע ראָל פון זיינע טרעגער אין פאָלק, דאָס גאַנצע פאָלק האָט לויט אים זיך שוין אידענטיפיצירט מיט אים אַליין, דאָס גאַנצע פאָלק האָט ער געזעען — ווי כ'האָב שוין אויבן באַמערקט — קאָסמאָגאָניש „בצלמו ותבניתו" פון אים אַליין; און ווער ס'איז ניט אויסגעהאַלטן־געגנוי „בצלמו ותבניתו", איז ממילא, נעביך, מינדערווערטיק, קען און מעג אין געזאַמטן פאָלקס־לעבן אויספילן בלויז אַן אונטערגעאָרדנטע, אַ באַדינונגס־ראָל. אויב באַנוצן זיך אין אָט דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענהאַנג מיט אַן אַסאָציאַציע פון אונדזער אַלטער יידישער געשיכטע, האָט יעדער אין פאָלק, וועלכער האָט זיך ניט אידענטיפיצירט מיט העגעמאָניע־טרעגערישן פאָלקס־טייל, געמוזט דעגראַדירט ווערן צו דער פונקציע פון די גבעונים. אַזוי, ווי געזאָגט, איז עס געווען אַלע מאָל און אומעטום אויך ביי אַנדערע פעלקער, פון די פּרימיטיווסטע ציטן אָן, ווען פעלקער האָבן זיך ערשט גענומען אויסבילדן, און ביז היינטיקן טאָג, ווען די האַלט־קראַפט און די קיום־געזעצן פאַר מאָדערנע פעלקער זענען שוין אַזוי קאָמפּליצירט און אַלע מאָל און אומעטום האָט זיך העגעמאָניע־טרעגערישער פאָלקס־טייל גענומען זיין העגעמאָניע־זכות פון צוויי פאַקטן, וואָס ווען מען וויל זענען זיי צווייאייניק, ווערן זיי ביידע רעדוצירט צו איינעם: די גרויסע קוואַנטיטעט און די וויכטיקע קוואַליטעט. יענער פאָלקס־טייל וועלכער האָט אויס־געמאַכט אין פאָלק אַ באַדייטנדיקע מאַיאָריטעט, פון איין זייט, און איז געווען באַשאָנקען מיט מערערע פעיקייטן, פון דער אַנדערער זייט, האָט זיך געזען באַרעכטיקט אויף העגעמאָניע־ראָל. און פאַרוואָס קענען אָט די צוויי באַדינגונגען

ווערן, ווי געזאָגט, אויפגעגאָסן אין איינעם? — ווייל אויך דאָ, אין פאָלקס־לעבן, קען גילטן דער באַקאַנטער דאַרוויניסטישער געזעץ פאַר אַזוי גערופענער „סעלעקציע פון מינים" בכלל: ווען ניט די בעסערע קוואַליטעט, וואָלט אפשר אויך די גרעסערע קוואַנטיטעט זיך ניט אָפּגעהיט און אויפגעהאַלטן. פון שבט־יהודה צוערשט און שפּעטער שבט־אפרים אין אונדזער יידישער אַלטער געשיכטע און דורך דער קאָנקורענץ פאַר מאַכט און השפעה צווישן אתונא און ספּאַרטא אין אַלטן גריכנלאַנד און ביז היינטיקן טאָג — ווען דער „וועליקאראָסישער" טייל פון רוסישן פאָלק, אַ שטייגער, פילט אויס זיין העגעמאָניע־ראָל אויך אין פיל־פעלקערדיקן ראַטנרוסלאַנד — זעען מיר אַלץ דעם אייגענעם העגעמאָניע־פאַקט אַ געפעסטיקטן אין די ביידע דערמאַנטע צוויי פאָר־באַדינגונגען. דאָס זעלביקע איז ביז כמעט ווייַמאַרישן רייך געווען מיט דער העגעמאָניע פון פּרייסישן פאָלקס־טייל אין דייטשלאַנד, שפּעטער איז די העגעמאָניע אַריבער צום בייערישן פאָלקס־טייל, וואָס פון דיאַמעטראַל־קעגנגעזעצטע זייטן האָט מען אין פאַרשידענע צייטן, אמת מיט אַ קלענער הפסקה צווישן זיי, אים געצויגן און אַרויסגעצויגן צו אָט דער העגעמאָניע — פריער גוסטאַוו לאַנדויער און קורט אייזנער צו אַ פרייהייטלעך־סאָציאַליסטישער העגעמאָניע און נאָכדעם, להבדיל, היטלער און זיינע טומאה־משרתים צו אַ צעיושעט־צעחיה'שטער נאַצי־העגעמאָניע.

אין וואָס־זשע באַשטייט פאָרט דער אונטערשייד וואָס צווישן אונדזער איצטיקן העגעמאָנישן נוסח־אשכנז און, לאָמיר זאָגן, דעם העגעמאָנישן נוסח־וועליקאראסיא אין רוסלאַנד און אַנדערע ענלעכע העגעמאָניעס פון זיין מין? —

דאַמאָלס ווען אַבסאָלוט אַלע אַנדערע פעלקער האָבן אויף דער מענטאַלישער צעשפּליטערטקייט און נוסחאות־פאַרשידנקייט פון זייערע אַלע פאָלקס־טיילן געלעבט אין איין קאָמפּאַקטער, קאָנצענטרירטער טעריטאָריע און אַלע אָט די באַזונדערע פאָלקס־טיילן האָבן זיך געקענט צוזאַמענטרעפן און אָנזען איינער דעם אַנדערן און ממילא ביז אַ געוויסער מאָס אויך געקענט און אַפילו באַדאַרפט קעגנזייטיק באַווירקט ווערן איינער פון אַנדערן, די העגעמאָניע פון איין באַשטימטן פאָלקס־טייל האָט, אַלזאָ, געקענט און אַפילו געמוזט ביז אַ געוויסער מאָס אָפּגעווייכט ווערן, אַרויס פון אין כף־הכלע וואַרפנדיקן עקסטרעם, זענען אונדזערע יידישע פאָלקס־טיילן שטענדיק און אומעטום געווען טעריטאָריאַל־געאָגראַפיש דערווייטערט און איזאָלירט איינע פון די אַנדערע, די מעגלעכקייט פאַר דיפוזיאָנעלער קעגנזייטיקער באַווירקונג איז פון זיי אָפּט אינגאַנצען אָדער אַ באַדייטנדיקער מאָס אָפּגענומען געוואָרן, ס'האָט זיך אָפּט אויסגעבילדעט אַ רוימלעכער וואַקום צווישן איין נוסח־טרעגערישן פאָלקס־טייל און דעם אַנדערן, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער העגעמאָניע־נוסח זאָל ווערן אַ שוימיק־עקסטרעמער שטראָם; און צו דעם באַדאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן דער צווייטער וועזנטלעכער אונטערשייד וואָס צווישן אונדז און אַלע אַנדערע פעלקער: וויוויט דער „רוב מנין ורוב־בנין", דער פאַקט פון קוואַנטיטאַטיווער מערהייט פאַר איין פאָלקס־טייל האָט, ווי געזאָגט, געהאַט מיטגעווירקט דער שאַפונג פון העגעמאָניע־פּרעטענזיעס ביי אָט דעם פאָלקס־טייל, האָבן דאָך אַלע

אַנדערע פעלקער בדרך־כלל פאַרמאָגט פאַרהעלטניסמאַסיקע קאָנסטאַנץ אין אָט דעם „רוב־מנין ורוב־בנין"; דער וועליקאָרוסישער פאָלקס־טייל איז ביי די רוסן, אַ שטייגער, געווען, איז און וועט נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן זיין און בלייבן ביי זיין מאַיאָריטעט אין רוסישן פאָלק; גאָר־גאָר־אַנדערש איז אָבער געווען מיט דער מאַיאָריטעט פון העגעמאָנישן נוסח־טרעגערישן פאָלקס־טייל ביי אונדז יידן — אונדז האָט דאָך בכלל געפעלט קוואַנטיטאַטיווע קאָנסטאַנץ. דער אָפטער און פלוצימדיקער איבערגאַנג פון „מערהייט" צו „מינדערהייט" אין אונדזער אינערלעכן פאָלקס־באַשטאַנד גופא איז געווען אָפּהענגיק ניט בלויז פון אויסער־לעכע פאַקטאָרן, פון פרעמדע אַנטיסעמיטישע רדיפות און גישות, נאָך אויך פון כלערליי אייגענע, אינערלעכע פאַקטאָרן, ניט בלויז מ'האָט אונדז חרוב געמאַכט, נאָר מיר האָבן זיך אָפּט אויך אַליין תרוב־געמאַכט, פרעמדע אַנטיסעמיטן האָבן ניט זעלטן געקענט זאָגן אויף זיך דאָס וואָס ס'ווערט געזאָגט, להבדיל, וועגן צדיקים: „זיי זענען זוכה, אַז זייער אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן דורך אַנדערע", אין געגעבענעם פאַל: די אַנטיסעמיטישע שפּליטער־אַרבעט אין יידישן פאָלק בכדי אים צו שפּאַלטן און אָפּצושוואַכן פלעגט אָפּט אָפּגעטון ווערן דורך די יידן אַליין. נעמען מיר, למשל, דעם נוסח־אשכנז אונדזערן: איז דאָך די צאָל פון זיינע טרעגער ממש פאַר אונדזערע אויגן, פאַר די אויגן פון צוויי־דריי דורות אַלץ קלענער געוואָרן. צוערשט צוליב ענדערונגען אויף דער פּאָליטיש־געאָגראַפישער מאַפּע פון אייראָפּע, באַזונדערס פון רוסלאַנד, ווו אָט די מאַסן־טרעגער פון דעם נוסח־אשכנז זענען געווען קאָנצענטרירט, און שפּעטער שוין צוליב דעם אינערלעך־אַסימילאַטאָרישן צופלוס אין אייגענעם יידישן ים גופא — כ'האָב דאָ וועסט אָפּגעטיילט „פריער" פון „שפּעטער", איז עס אָבער ריכטיק נאָר אויף אַ טייל פון דער דערשיינונג און ניט אויף איר אינגאַנצן, געווען אויך פאַלן, ווען דער „מוקדם" און „מאוחר" האָבן זיך געביטן מיט זייערע פלעצער. גאָר פון אַנהויב אָן איז אָפּגעפלאָסן פון דער מאַסע נוסח־אשכנז־טרעגער גראָד דעריעניקער טייל, וואָס איז געווען דער עיקר, דער איניצירער פון אָט דעם נוסח, גראָד יענער טייל וואָס אויף זיין נאָמען האָט זיך דער נוסח אָנגערופן; כ'האָב דאָ בדעה דעם יידישן טייל פון דייטשלאַנד, דער האָט זיך ראַשיק אַסימילירט און וויניקער־מער איבערגעריסן זיינע פאַר־בינדונגס־פעדים מיט דעם איבעריקן יידישן נוסח־אשכנז־פאָלק. ווען פון גרויסן רוסישן יידנטום, דער וואָס איז געווען כולו אַ נוסח־אשכנז־יידנטום, האָט זיך צעשפּאָלטן אויף „אַ פּוילישן יידנטום", „אַ ליטווישן", „אַ לעטלענדישן" יידנטום אא"וו, איז ווידער־אַמאָל פון גרויסן איינהייטלעכן „נוסח־אשכנז" געוואָרן קלענערע צעשפּליטערטע „נוסח־אשכנז"־אויפלאַגעס. און אַז אויך דאָס איבערגעבליבענע נוסח־אשכנזישע אין רוסלאַנד איז פאַרשוווּנדן מיט דער גוואַלדיקער, ווילקער אָדער אומדירעקט־אַנגעצוווּנגענער, אַסימילאַציע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די יידישע נוסח־אשכנז־רעשטלעך אין ראַטנרוסלאַנד פאַר די לעצטע יאָרן, איז די נוסח־אשכנז־מאַסע שוין ביז גאָר קליין און שיטער געוואָרן. איצט שטייען מיר מיט אונדזער העגעמאָנישן נוסח־אשכנז זייער־זייער שלעכט נאָך ווי קיינמאָל ניט. און ווו האָבן זיך דווקא איצט, אין דער צייט פון געפאַלנקייט פאַר דעם

נוסח־אשכנז אונדזוערן, צום ערשטן מאָל פאַר דער לאַנגער יידישער געשיכטע צוזאַמענגעטראָפן די פאַרשידענע נוסחאות־טרעגער אין געזאַמטן יידישן פאָלקס־לעבן? — אין מדינת־ישראל. גאָר קיין פאַרגלייך ניט מיט די ענלעכע אַנדערע צוזאַמענטרעפונגען פון פאַרשידענע נוסחאות־טרעגער אין אַנדערע אימיגראַציע־לענדער: אין אַט די לעצטע איז דאָך ניט געווען קיין טענדענץ פון מענטאַלישער דיפוזיע, פון ראַדיקאַלער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער גרינטלעכער רעאָרגאַניזאַציע, און דאָ, אין מדינת ישראל, איז די פאַרוואַנדלונג פון מעכאַנישן „קיבוץ־גלויות" אין אַ כעמישן „מיזוג־גלויות", אין אַ צוזאַמענשמעלצונג פון אַלע פאָלקס־שפּליטערן אין איין פאָלק, אין מאַכן פון אַלע באַזונדערע „נוסח"־שטיינער איין פעסטן פונדאַמענט־שטיין, די אַקטועלסטע אידעאַליסטישע נאַציאָנאַלע אויפגאַבע. קיין ישראל קומט מען בכדי אָפּצוטרייסלען פון די וואַנדער־פיס דעם שטויב פון באַזונדערע „נוסחאות". שטייט דאָ איצט דער נוסח־אשכנז ווי אַ יורד צווישן אַנדערע „נוסחאות", וועלכע זענען אַפילו קיין „יורדים" ניט, ווייל דער דלות אין זיבן פאָלעס יאָגט זיי נאָך נאָך פון פריער. און וואָס און ווי אַזוי איז דאָ איצט דער וועג פון אונדזער נוסח־אשכנז? — איז ער לייכט מוותר אויף זיין העגעמאָניע־רעכט? —

## ב.

דאָס אייגענע וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן וועגן דער צווייאייניקייט פון דיביידע פאַקטאָרן וואָס סטימולירן און פאַרשטאַרקן די צוווענדונג צום העגעמאָניע־מעמד מצד אַ באַשטימטן פאָלקס־טייל, קען געזאָגט ווערן אויך וועגן דער צווייאייניקייט פון אַנדערע צוויי פאַקטאָרן, וועלכע שוואַכן אָפּ און שטערן די אָפּוועגדונג פון אַט דעם העגעמאָניע־מעמד מצד יענעם באַשטימטן פאָלקס־טייל. — פאַראַלעל צו דער קוואַנטיטאַטיווער און קוואַליטאַטיווער אויסגעטיילט־קייט פון אַט דעם פאָלקס־טייל אין ערשטן פאַל, די וואָס פאַרשטאַרקט די צוגעווינטקייט צום העגעמאָניע־מעמד ווירקן אין צווייטן פאַל ביים אָפּשוואַכן די אַנטווינטקייט פון העגעמאָניע־מעמד די אינערענץ בכלל און אַלס גאַנצע און יענע ספּעציעלע אייגנשאַפטן ביים העגעמאָניע־טרעגער בפרט און אין איינצל וואָס שטאַמען פון דער אינערץ — די אינערץ בכלל און אַלס גאַנצע דערלאָזט ניט ווי ס'באַדאַרף צו זיין, ווי ס'וואָלטן עס געוואָלט אירע באַלאַדענע די עצם־אַנטוויינונג; ביי דער ווירקונג פון דער אינערץ מאַכט דער זיך־אַנטווינער איין טריט פאָראויס, צום אָפּקערן זיך פון זיין העגעמאָניע־מעמד און גאַנצע צוויי צוריק, צום ווידערקער צו העגעמאָניע, ביי דער ווירקונג פון די ספּעציעלע, פון דער אינערץ שטאַמענדיקע אייגנשאַפטן מאַכט דער אינערץ באַלאַדענער שוין צוויי טריט פאָראויס, מוז נאָך אָבער מאַכן אויך איין טריט צוריק, ביי דער ווירקונג פון אַט די אייגנשאַפטן ווערט אויך אין דעם עצם־אַנטוויינונג איבערגעטראָגן ניט ווייניק פון דער „אַרט און ווייזע", וואָס זענען כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם וועסט־פאַרלאָזענעס העגעמאָניע־מעמד, די עצם־אַנטווינונג ווערט געשטאַלטעט לויט דעם פריערדיקן העגעמאָניע־מוסטער.

דאָס איז פֿאָרגעקומען שוין ביים פֿריערדיקן ערנסטן פּרווו אין נייעם יידישן ארץ־ישראל־ישוב צו אַנטוויינען זיך פֿון נוסח־אשכנז און אויפֿצוגיסן זיך מיט אַלע אַנדערע יידישע נוסחאות־טרעגער אין איין אַרבעטס־פֿאָלק. דאָס האָט זיך געלאָזט פֿילן שוין ביי די ערשטע קיבוצים־פּרוּוון מיט אַ כמעט האַלבן יובל יאָרן צוריק. כמעט לויטער רוסיש־ליטוויש־פּויליש יידן זענען עס געווען די איניציירער און פֿאַרווירקלעכער פֿון אָט די פּרווון. דער נוסח־ספֿרד־עלעמענט איז צווישן זיי געווען שפּאָט־קליין, דאָס איז אָבער ניט דאָס וויכטיקסטע, וויכטיקער און וועזנטלעכער איז דאָס, וואָס אין תּוך פֿון דידאָזיקע ערשטע קיבוצים־פּרווון איז שאַרף איינגעשניטן געוואָרן דער נוסח־אשכנז. ניט אומזיסט האָבן די ערשטע יידישע קיבוצניקעס אין לאַנד געשמ׳ט ביי דער אַרומיקער אַראַבישער באַפֿעלקערונג און ביי די טערקישע מאַכט־האָבער ווי „מאָסקאָבן״, געקומענע פֿון „מאָסקווע״־דווקא און טראָגנדיקע מיט זיך „מאָסקווער״ השפּעות דווקא — „מאָסקווע״ איז אין געגעבענעם פֿאַל געווען אַ סינאָנים פֿון „נוסח־אשכנז״. ווען אין דוד שמעונאָוויטש׳ס פּאָעמעס פֿון יענער פּריצייט אין נייעם ארץ־ישראלדיקן יידישן ישוב־לעבן טרעפֿן זיך כּסדר צונויפֿ מען, ווי אַ שטייגער, אין „ביער חדרה״ (אין וואַלד פֿון חדרה) עלטערע יידן אין לאַנגע אויבער־בגדים (ר׳ לייזער) און יונגעלייט אין צעכראַשטשעטע רוסישע העמדלעך, זענען אָט דיביידע עלעמענטן, יעדער אויף זיין שטייגער, דורכזעצער פֿון „נוסח־אשכנז״.

ניט־לאַנג האָט אין ישראל אָפּגעהאַלטן אויגוסטין זוכי, דער באַקאַנטער פֿרייהייטלעכער סאָציאַליסט, אַ גאַסט־פֿאָרטראַג וועגן די פֿאַרשידענע פּרווון אויפֿן געביט פֿון קאָמוניסטישער ווירטשאַפֿט אין פֿאַרשידענע צייטן און ערטער, פֿון די אַמאָליקע קריסטלעכע מאָנאַסטיר־ווירטשאַפֿטן און ביז דער לעצטער, פֿאַר־פֿראַנקאָשער אַגראַר־ און אינדוסטריע־קאָלעקטיוויזירונג אין שפּאַניע, און ער האָט דערביי געפּרוווט פֿעסטצושטעלן סיי דאָס געמיינזאַמע און סיי דאָס אונטערשיידנדיקע צווישן זיי און די קיבוצים פֿון ישראל, האָט ער, ביי אַלע זיינע וויכטיק־באַלערנדיקע אָנווייזונגען, ווי אַ גוי ניט געקענט אַליין אויפֿמערקזאַם ווערן און אַנדערע אויפֿמערקזאַם מאַכן לגבי דעם וועזנטלעכסטן אונטערשייד, וואָס די ישראל־קיבוצים האָבן פֿון אָנהייב אָן פֿאַרמאָגט און פֿאַרמאָגן נאָך אַהיפּש־ביסל אויך איצט אין פֿאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע ענלעכע פּרווון: די־יעניקע ענטוזיאַסטישע יידישע יונגע לייט, וואָס זענען ווען אַנטלאָפֿן פֿון דער נוסח־אשכנזישער וואָלאָזשינער ישיבה און פֿון דער ניט־ווייניקער נוסח־אשכנזישן סלאָבאָדקער מוסר־שטיבל און זענען אַהער, קיין ארץ־ישראל, געקומען מיט גאָר אַנדערע נאַציאָנאַל־סאָציאַלע אידעאַלן, האָבן דאָ, אייגנטלעך, געבויט לויטן וואָלאָזשינער און סלאָבאָדקער נוסח־אשכנז — אריינגעבראַכט אויך אין זייערע נייע לעבנס־פֿאָרמען און איינהאַלטן פֿון אַלט־אַלטן ליטוויש־מתנגדישן ברען, פֿון אַלט־אַלטן פֿאַרעקשנטן נוסח־אשכנזישן פּרושים־שטייגער...

דאָס, ווייזט אויס, איז שוין דאָס הויפּט־אייגנטימלעכע פֿאַר דעם נוסח־אשכנז, וואָס הגם ער איז אין תּוך אָנגעפּראָפּט מיט רעוואָלוציאָנער־דינאַמישער נטיה צום כּסדרדיקן באַנייען זיך, בלייבט ער דאָך אויך ביי אָט דער באַנייאונג און איבעראַנדערשונג זיינער אַ היפּש־ביסל קאָנסערוואַטיוו, עס ענדערט זיך

אין אים פון צייט צו צייט דער „וואָס" און ס׳שלעפּט זיך אָבער נאָך נאָך אים, ווי פון אַן אַלטער, ברייטער קרינאָלינע, דער אייגענער אָדער כמעט דער אייגענער „ווי אַזוי"; אין אים, אין נוסח־אשכנז, מער איידער אין אַנדערע נוסחאות פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען חזרט זיך איבער דער אומגעקערטער סדר פון דונער־בליץ־עכאָ: דאָס וואָס איז, אַזוי צו זאָגן, פאַרדונערט אין דער מענטאַליטעט פון די נוסח־אשכנז־טרעגער נאָך פון פריער הילכט אָפּ ערשט שפּעטער, נאָך דעם דורכשניידנדיקן בליץ, וועלכער איז באמת בלויז אַ רעזולטאַט פון יענעם דונער, און אמאָל פעדערט זיך אַפילו ס׳עכאָ, וואָס איז שוין געוויס אַ נאָך־ווייטערער רעזולטאַט פון יענעם דונער, און הילכט אָפּ צוזאַמען מיטן בליץ און אַפילו פאַר אים, ס׳ווייזן זיך דאָ אַרויס אין אַן אומגעקערטן ריי־סדר, נישט אַזוי ווי די נאַטירלעכע כראָנאָלאָגיע פון אמתן סדר־היוחסין איז מחייב, ס׳אייניקל פאַר דעם זון, און דער זון פאַר דעם טאַטן...

און דעריבער איז ניט שייך קיין „מוקדם" ו„מאוחר" לגבי די אקוסטיש־וויזואַלישע אַנטפּלעקונגען פון נוסח־אשכנז: אין סאַמע־נייעם לאָזט זיך אָפּט פילן דאָס סאַמע־אַלטע.

דערציילט מען דאָ, צווישן די מיטווירקער און מיטבויער פון דער אַזוי־גערופענער „צווייטער עליה", אַ שטייגער, וועגן איינער אַ קונדס׳יש־יוגנטלעכער שטיקעל־אַרבעט: אויף אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון חלוצים אין חדרה זאָלן די פאַרזאַמלטע האָבן באַשלאָסן דורכצודעמאָנסטרירן קולטיש זייער שנאה צו מותרות אין לעבן, אין איבעריקן מלבושים־פּוץ, און זיי האָבן איינגעאָרדנט אַן אייגנאַרטיקע אויטאָ־דע־פע אויף שניפּסן — אַלע האָבן געוואָרפן אין פלאַקער אַריין אַלע זייערע שניפּסן און האַלז־טיכער, וואָס זיין האָבן געהאַט מיט זיך מיטגעבראַכט נאָך פון זייערע אָפּשטאַם־לענדער, און אַ סוף זאָל קומען צו פּוץ און צו שמוק, און אַ פשוט, נאַטירלעך לעבן זאָל זיך אָנהויבן לדורי־דורות! — גיי איך דאָ ניט איין אויף דעם צו קאָנטראָלירן און פעסטשטעלן, צי איז טאַקע באמת דאָ פאָרגעקומען אַמאָל אָט דער אייגנאַרטיקער קולטישער צערע־מאָניאַל, ווייל איין זאַך איז מיר זיכער קלאָר: ווען אַזאַ צערעמאָניאַל זאָל יאָ האָבן פאָרגעקומען, איז אין אים זיכער געווען דער אייגענער נוסח־אשכנזישער רעליגיעז־פאַנאַטישער ברען, וואָס גאָר־גאָר־אַמאָל, למשל, ביים אויסרופן אין ליטוויש־יידישע שטעט און שטעטלעך אַ חרם אויף דעם איליע׳ר קצב יאָשקע פאַרדעם וואָס יענער זאָל האָבן געמסרט און אַרויסגעגעבן דעם גר־צדק, דעם יונגן גראַף פּאָטאָצקי... יענער חדרה׳ער „הילולא" האָט זיכער אין זיך געהאַט אַלע סימנים פון דער פרומער „הילולא דר׳ שמעון בר־יוחאי" אין מירון. נוסח־**אשכנז בלייבט** אומעטום און אַלעמאָל נוסח־אשכנז!—

גייט דאָ אַרום אין נייעם היגן פאָלקלאָר אַ ווערטל פון זעלבסט־קריטיק (און זעלבסט־קריטיק און אומברחמנותדיקע זעלבסט־בייטשונג זענען דאָך אַ בולטער סימן פון נוסח־אשכנז!): פאַרוואָס קען מען דאָ, אין דעם זודיקן ארץ־ישראל־אַקלים, פאָרט אויסהאַלטן אַפילו ביי אַ שווער־ברענענדיקן חמסין? — ווייל יידן בלאָזן זיך דאָ, ווערט זיי אַליין און אויך אַלע אַנדערע אַרום זיי דורכדעם אַביסל קילער... — די וואָס בלאָזן זיך דאָ אַממערסטן און פון וועמען

אַנדערע אַרום ווערט אַממערסטן קיל זענען, לאָמיר זיך ניט שעמען און מודה זיין, די נוסח־אשכנזישע יידן. די געציילטע עטלעכע גרעסערע ארץ־ישראלדיקע שטעט זענען נאָך פון דער אַזויגערופענער „חלוקה"־צייט אין היגן יידישן לעבן אויסגעקוואַרטאַלעוועט לויט די באַזונדערע „עדות", לויט די באַזונדערע „נוסח"־אָפּשטאַמען, אשכנזישע יידן באַזונדער און ספרדישע יידן באַזונדער. אָט דידאָזיקע קעגנזייטיקע סעפּאַרירונג האָט זיך, וואָס אמת איז, ניט באַנוגנט מיט דער בלויזער צווייגרעניצדיקער הויפּט־ליניע, נאָר האָט זיך נאָך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרצווייגט אויך לויט די צוגעגעבענע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע ליניעס בתוך דער צווייענדיקער הויפּט־טיילונג גופא — ביי די אשכנזישע יידן, למשל, אויף באַזונדערע־באַזונדערע שכונות פאַר רומעניש, הונגאַרישע, רוסישע, פּוילישע יידן א.א.וו.; ביי די ספרדישע יידן אויף בוכאַרישע, גרוזינישע, טערקישע, בולגאַרישע שכונות א.א.וו. פאַראַן אָבער אַ יסוד צו באַהויפּטן, אַז דווקא די אשכנזישע יידן — טאָקע צוליב זייער גרעסערער צאָל און ווירקונג אין ישוב — זענען עס געווען די ערשטע און עקשנותדיק־אויסגעהאַלטענע ביים אַרויסווייזן אָט די סעפּאַראַציע־טענדענץ. פאַראַן ביי אונדז, און שוין ביים היינטיקן טאָג, ווען די אשכנזישע סעפּאַרירונג ווערט פאַרגעזעצט נאָך אין אַ פאַרהעלטניסמאָסיק־גרעסערן פאַרנעם, אַזעלכע וואָס פירן דורך אַן אַנאַלאָג צווישן ספרדים־אשכנזים דאָ און יידן — כשרע „יענקי"ס", להבדיל — אין די גרויס־שטעט פון צפון־אַמע־ריקע: פּונקט ווי דאָרטן, אין אַמעריקע, רייסן זיך דווקא די יידן אויף צו באַזעצן זיך צווישן די כשרע „יענקי"ס" און דורכדעם צו דערגרייכן אַ גרעסערע חשיבות פאַר זיך און די כשרע „יענקי"ס" זענען עס די־יעניקע, וואָס זענען עוקר פון זייערע דירות און קוואַרטאַלן, ווו זיי האָבן פריער געוווינט, וויבאַלד די יידן האָבן זיך גענומען פלוצים פּרוכפּערן און פאַרמערן צווישן זיי, אַזוי אויך ווילן דאָ ביי אונדז דווקא די ספרדישע יידן וווינען צווישן אשכנזים, אָבער די לעצטע מיידן אויס אַזאַ שכנות.

אין איין פּרט, און דווקא אַ וויכטיקן, אַ גורל־אַנטשיידנדיקן, האָבן די אשכנזישע יידן פון נייעם חלוצישן יידישן ישוב יאָ אַרויסגעוויזן זייער זעלבסט־באַשטימטן ווילן צו אַנטווינען זיך פון זייער פאַן־אשכנזיזם: אין דעם נייעם יידישן ישוב פון מיט אַ פערטל־יאָרהונדערט צוריק, אַן ערך, האָבן זיך דאָ גענומען שליסן געמישטע חתונות צווישן אשכנזים און ניט־אשכנזים; דאָס איז געווייס דער זיכערסטער מיטל אויף אָפּצומעקן די קינסטלעכע מחיצות אין קיבוץ־גלויות, אויף אויפצושמעלצן אַלע סעפּאַרירטע פאָלקס־שפּליטערן אין איין איינהייטלעכן יידישן פאָלק. די אַקטועלע היסטאָרישע אויפגאַבע פון אַ היינט־צייטיקן יידישן עזרא הסופר איז געוויס אַ בפירוש־אַנדערע, אַ קעגנגעזעצטע צו דער אויפגאַבע וואָס ס'האָט געהאַט אויסצופירן דער אַמאָליקער עזרא הסופר, ווען יענער, אין זיין אופריכטיקער זאָרג לטובת דעם אויסגעלייזטן פאָלק, האָט געמוזט גוזר זיין אויף אויפצולייזן „געמישטע חתונות", — דאַמאָלס זענען עס געווען חתונות צווישן יידן און ניט־יידן, מוז דער היינטיקער עזרא הסופר, פאַרקערט, דעקרעטירן און מיט אַלע מיטלען מיטווירקן ס'זאָלן געשלאָסן ווערן „געמישטע חתונות" — דאָס מאָל שוין צווישן יידן און יידן. זענען אָבער אָט

די „געמישטע חתונות״ אויך ביי היינטיקן טאָג אין אַ סך אַ קלענערער צאָל, איידער זיי וואָלטן באַדאַרפט זיין ביי אַ גאַנצער, אַ פולער אַנטוויקלונג פון פאַן־אשכנזיזם...

ביי היינטיקן טאָג, ווען דער קיבוץ־גלויות קומט פאָר אין אַזאַ ריזן־צאָל און ביי אַזאַ רוישיקער סטיכיע אין ישראל, וואָלטן דאָך די אשכנזישע עלעמענטן פון ישראל, ווען זיי וואָלטן געווען גאַנץ און פול גרייט צו דער אַנטוויקלונג פון זייער פאַן־אשכנזיזם, געמוזט זיין דורכגעדרונגען מיט פאָר־אינטערעס, לאָמיר זאָגן: אַפילו מיט פאָר־נייגיר, קענען צו לערנען אָט יענע ניט־אשכנזישע יידישע פאָלקס־ברידער, מיט וועלכע מ׳וועט זיך עס באַדאַרפן צוזאַמענגיסן אין איין איינהייטלעכן פאָלק, זיי קענען צו לערנען נאָך איידער זיי קומען אַראָפּ אַהער, און אוודאי באָכדעם ווי זיי קומען אַהער. וואָס־זשע ווייזט זיך אָבער אַרויס באמת? — די ניט־אשכנזישע עלעמענטן פון אונדזער איצטיקער מאַסן־עליה ווייסן וועגן די אשכנזישע עלעמענטן אַסך־אַסך מער איידער פאַר־קערט. די ווייניקער־מיוחסים אינטערעסירן זיך מער מיט די מיוחסים איידער די לעצטע מיט די ווייניקער־מיוחסים. פרעגט היינט צו־טאָג אַ שטייגער, שוין ניט ביי אַ געוויינטלעכן היגן יידן פון אַ גאַנץ יאָר, נאָר אַפילו ביי אַ פירנדיקער פאַרטיי־פערזענלעכקייט: וואָס ווייס ער וועגן דער טויזנטער־יעריקער געשיכטע פון די תימנער, די איראַקער (בבל׳ער) יידן א.א.וו.? אויף ווי ווייט ער האָט זיך כאָטש די סאַמע לעצטע עטלעכע יאָר, פון זינט ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע מדינה און די האָט אויף זיך גענומען די אַלערהעכסטע קיבוץ־מיזוג־גלויות־אויפגאַבע, זיך באַזונדערס אָפּגעבן מיט שטודירן די געשיכטע און איצטיקן לעבנס־שטייגער פון די אַלע דערמאָנטע, פאַר אים נייע פאָלקס־טיילן? — און איר וועט קיין באַפרידיקנדיקע תשובה ניט באַקומען. צו אַסך־אַסך אַנדערע נייע וויסן־ענינים, וואָס די יידישע מדינה און די אינטערעסן פון איר געגאַרטן דערפאָלג האָבן מחייב געווען, האָט ער, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאָלקס־ און מדינה־טוער, זיך געגרייט לויט זיינע מעגלעכקייטן, אָבער ניט צו אָט דעם ענין פון קענען לערנען יענע ניט־אשכנזישע פאָלקס־ברידער, מיט וועלכע מיר באַדאַרפן עס פאַרבינדן דעם גורל פון אונזער ניי־געבילדעטן איינהייטלעכן פאָלק.

איז עס אַן איבערחזרונג פון יענע אַמאָליקע פרימיטיווע צייטן ביי אונדז, די וואָס זענען אויסגעלאַכט און באַקעמפט געוואָרן נאָך אין דער „השכלה״־תקופה, ווען אַ חתן האָט ניט געזעען זיין כלה ביזן שטיין אונטער דער חופה? — אמת, אין אונדזער פאַל וואָלט פון פראַקטישן תכלית־שטאַנדפונקט אויך די פריערדיקע באַגעגענען און דערקענען זיך פון חתן־כלה גאָרניט געענדערט. דאָס איצטיקע „אונטער דער חופה גיין״ פון אשכנזישע און ניט־אשכנזישע יידן איז אַ פון־פאָראויס באַשלאָסענע זאַך, אַ באַשטימטע דורך אונדזער שר־האומה, ס׳איז א שידוך ממש, להבדיל, אַ קאַטוילישער — מ׳קען אים בלויז „טון״, אָבער ניט, חלילה, „אָפּטון״. און פונדעסטוועגן ווי קומט עס אַז אַפילו ביי אַזעלכע באַדינגונגען זאָל חתן׳ס צד, און ווען ער איז אַפילו אַ מיוחסדיקער, ניט וועלן האָרט ערב דער חופה דערקענען זיך מיט כלהס צד?...

ווער רעדט שוין וועגן נאָכמאַכן דעם אַלטן תנ״כישן גוט־פּאַטערישן ביישפּיל און שיקן אויספֿאָרשנדיקע שליחים אין אָפּשטאַם־לאַנד פֿון דער כּלהס צד, אַזוי ווי ס׳האָט געהאַט בשעתו געטון אברהם־שׂרה׳ס הויז־געזינד און געשיקט אליעזרן אין לאַנד פֿון בתואלן אַריין, כּדי דאָרטן אָנצוזען און קענען צו לערנען די כּלה און איר משפּחה נאָך איידער זי, די כּלה, וועט אין אַ גוטער שעה אַראָפּקומען צום חתן און מיט אים שטיין אונטער דער חופּה, — די אַלע לאַנגע יאָרן פֿון שטרעבן צום בקרובֿדיקן „קיבוץ־גלויות״ אין דעם פֿונדאַס־ניי־אויפֿגעבויטן ארץ־ישׂראל האָט די ציוניסטישע באַוועגונג ווי אַן אָרגאַניזאַציע, אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז געפֿירט געוואָרן אין נוסח־אשכּנז, ניט געשיקט קיין פֿאָרש־ און באַקענונגס־עקספּעדיציעס אין די אַלע ניט־אשכּנזישע תּפֿוצות־הגולה, פֿונוואַנען מ׳האָט עס געוואַרט און געוואָלט זען אין דער נאָנטער צוקונפֿט צושטראָמענדיקע קיבוץ־גלויות־עלעמענטן. מ׳האָט יאָ געשיקט דעלעגאַציעס און עקספּעדיציעס קיין אוגאַנדע, קיין וואַד־על־עריש און אַנדערע „אַזיל״־לענדער, וועלכע זענען אין אַן עת־צרה געקומען אין פֿראַגע ווי צייטווײַליקע ממלא־מקומס פֿון ארץ־ישׂראל פֿאַר דעם געגאַרטן קיבוץ־גלויות, אָבער ניט קיין תּימן און קיין איראַק, קיין פּרס און צפֿון־אַפֿריקע, פֿונוואַנען די ניט־אשכּנזישע קיבוץ־גלויות־טיילן האָבן עס באַדאַרפֿט קומען. אמת, אויך אַהין זענען דערגאַנגען ייִדן פֿאָרשער, שליחים אַ־לאַ דער אַלטער תּנ״כישער אליעזר; דאָס זענען אָבער געווען אַלץ שליחים פֿון זיך אַליין אָדער פֿון גאָר קליינע גרופּן אין ציוניזם, אַלץ מענטשן פֿון פּריוואַטער איניציאַטיוו, און ניט שליחים פֿון דער ציוניסטישער גאַנצער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אַזעלכע איינצל־פֿאָרשער זענען עס געווען: ש. יבֿנאלי צווישן די תּימנער, ד״ר עמנואל אלסוואַנגער צווישן די ייִדישע שבֿטים אין אינדיע, ד״ר פֿייטעלאָוויץ צווישן די ייִדן־פֿאַלאַשן פֿון אַביסיניע, פּראָפֿ. נחום סלושץ צווישן די פּאָרטוגעזישע און צפֿון־אַפֿריקאַנישע ייִדישע שבֿטים. אָבער אַפֿילו אויך איצט, די סאַמע לעצטע יאָרן, ווען די סוף־כּל־סופֿיקע פֿאַרווירקלעכונג פֿון גרויס־מאַסיקן קיבוץ־גלויות און סוף־כּל־סופֿיקן ווידער־אויפֿגעשטעלטן ישׂראל האָט זיך אונטערגערוקט אַזוי האַרט־אוממיטלבאַר, ווען די אַלע ניט־אשכּנזישע קיבוץ־גלויות־עלעמענטן האָבן שוין אָנגעהויבן שטראָמען אין זייערע צענדליקער־ און הונדערטער־טויזנטער קיין ישׂראל, ווייסן מיר נאָך אַזוי ווייניק וועגן אונדזערע ניט־אשכּנזישע ברידער, גיבן מיר זיך אָפּ נאָך אַלץ אַזוי ווייניק מיט לערנען זייער געשיכטע און זייער לעבנס־שטייגער אין זייערע היימען... נאָך ביים הײַנטיקן טאָג ווייסן מיר דאָ אַסך ווייניקער וועגן די אינדישע „בני־ישׂראל״, למשל, יענער אַלט־ייִדישער שבֿט וואָס קומט שוין אַהער צו אונדז, איידער וועגן דעם לעבן אין אינדיע בכלל. כאַראַקטעריסטיש אין אָט דעם פּרט איז, למשל, אַז אויף דעם לאַנד־צוזאַמענפֿאָר פֿון פּסיכאָלאָגן וואָס איז דאָ מיט אַ קורצער צייט פֿאָרגעקומען, גאַנצע דריי יאָר נאָכדעם, ווי ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די מדינת־ישׂראל און נאָכדעם ווי גרויסע מאַסן עולים האָבן שוין באַוויזן אַהער צו קומען פֿון גאָר דער וועלט, האָט מען זיך ערשט דערטראַכט — עווריקאַ! — צו דעם, אַז „מען דאַרף אָנהויבן פֿאָרשן די ספּעציפֿישע, פֿאַרצווייגטע מענטאַליטעט פֿון יעדער עטנישער גרופּע עולים

באַזונדער״. מיר רימען זיך און גרייטן זיך דאָ איצט אויף אַלע־אַלע געביטן צו אַ פאָראויס־פּלאַנירטער אַרבעט, אויף איינאיינציקן געביט, אויפן געביט פון קענען לערנען די „כלה״; שוין שטייענדיק מיט איר אונטער דער חופה, זענען מיר נאָך אַלץ ניט דורכגעדרונגען מיט דעם נויטיקייטס־באַוווסטזיין וועגן פאַר־פּלאַנירטקייט...

אונדזער פאָן־אשכנזישע אינערץ שטערט נאָך אַלץ אונדז אין דעם! —

אָבער אָט איז אַ פאַקט, וואָס איז נאָך פיל־פיל ערגער: אין אונדזער איצטיקער לערן־דערציערישער אַרבעט אין ישראל, איצט אין סאַמע ברען פון קיבוץ־מיזוג־גלויות, ווען די צאָל ניט־אשכנזישע יידישע קינדער איז שוין פיל גרעסער איידער די צאָל אשכנזישע, זענען נאָך אונדזערע לערנביכער בכלל און די לערנביכער פאַר ליטעראַטור בפרט, ווי געווען „על טהרת״־נוסח־אשכנז; די טעמאַטיק אַ לויטער נוסח־אשכנזישע, די שרייבער, וואָס מוסטערן פון זייערע ווערק פילן אויס אונדזערע לערן־כרעסטאָמאַטיעס, זענען אַלע נוסח־אשכנזישע יידישע שרייבער. ס׳יידישע שטעטל פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן איז נאָך איצט דער איינציקער פאָן, אויף וועלכן די ליטעראַטור־מוסטערן ווערן געוועבט און ווערן אונטערגעטראָגן די תימנישע—פרסישע—אַלזשירישע—איראַקישע יידישע קינדער צוגלייך מיט די פוילישע—גאַליציישע—רומענישע יידישע קינדער... אויך איצט שטעלט מען נאָך ביי אונדז דעם טראָפּ ביים יידישן היסטאָריע־לימוד אויף דער געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד און פוילן, — מיר האַלטן זיך, הייסט עס, נאָך אַלץ ביי די מזבח־ווינקלען פון נוסח־אשכנזישע העגעמאָניע! —

און ס׳בלייבט נאָך אַלץ די אַלטע קשיא: ווי קומט עס, אַז אַלטער נוסח־אשכנז זאָל נאָך אָנהאַלטן אויך אין ניי־ישראל?...

## א.

# געוועזן אַמאָל אַ יידיש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (ס.ס.)

### (אַ גאַרב־זכרונות)

...זאָל איך שנעל־גלייך אַריינגיין אין מיינע זכרונות אַריין וועגן דער פּאַרטיי ס.ס. און מיין באַטייליקונג אין איר טעטיקייט לויט מיינע מעגלעכקייטן? — פּשוט, אָן איבעריקע שהיות, אַ כאַפּ טון די קליאַמקע פון דער זכרונות־טיר, זי אַ בחפזונדיקן דריק טון אויף אַראָפּ און אַריינשפּרייזן געוויינטלעך־וואָכעדיק אינעווייניק? — איז דאָך עס פאַר מיר אַ סענטימענטאַלער צוריקקער אין אַ ליבער, פאַרהייליקטער היים נאָך יאָרן־יאָרן פון דערווייטערטקייט, אַ שטעלן זיך, נאָך יאָרן פון אָפּשייד, ווידער האַרט־נאָענט ביי דעם היכל פון מיין יוגנט, וואָס איז געוועזן געפּלאַסטערט מיט אַזוי פיל תמימותדיקן גלויבן און ערלעכער התלהבות פאַר דערהויבענע מענטשלעכע, נאַציאָנאַל־סאָציאַלע אידעאַלן, איז עס דאָך פאַר מיר איצט דער איבערגאַנג מן החול אל הקודש, — פאַרוואָס־זשע זאָל אויך איך, אַ זון און אייניקל פון פרומע טאַטן און זיידן, זיך ניט פירן אין דעם פאַל פונקט ווי זיי: זיך אָפּשטעלן אַ ווײַלע אין הכנה־ציטער פאַר דער פאַרמאַכטער טיר, איידער איך שטרעק אויס די האַנט זי צו עפענען, און ווען שוין ניט ווי זיי ממש — אַ קוש טון די מזוזה, איז לכל־הפּחות לאָזן פריי מיין אויפגערודערטן געמיט זיך אַביסל אויסלאָדן דורך אַ הוסטל צוליב פאַרכאַפּטן אָטעם?...

הויב איך טאַקע אָן מיט עטלעכע „לירישע אָפּווייכונגען" פון דער דירעקטער טעמע, בין איך טאַקע מקדים עטלעכע מיכלומרשט־זייטיקע באַמערקונגען איידער כ'נעם זיך פאַר דער טיר־קליאַמקע פון מיינע אייגנטלעכע זכרונות.

נומער איינס: קלויבנדיק זיך אַרויסצוברענגען, צו רעפּראָדוצירן מיינע זכרונות וועגן ס.ס. בכלל און מיטאַרבעט אין איר בפרט, פיל איך דאָס אייגענע, וואָס איך אַליין האָב אין מיין פריסטן קינדהייטס־עלטער געפילט און וואָס אַלע יידן בכלל, ווי איך מיין, האָבן געפילט בשעת ערב־פּסח'דיקן גרייטן זיך אַראָפּצונעמען פון בוידים אָדער אַרויסנעמען פון קעלער די גוט־איינגעוויקלטע און זאָרגעוודיק־באַהאַלטענע פּסח'דיקע כלים צום יום־טוב'דיקן געברויך; אָ, ווי יענע כלים האָבן עס געצויגן און גערייצט מיט זייער באַזונדערער שיינקייט!...

עס שטערט מיר כלל ניט אין אָט דעם מאָמענט יענץ וויסן וואָס איך ווייס, יענע איבערקלויבעריש־אַנאַליטישע פעיקייט, וואָס איך האָב זיך דעראָרבערט אין מיין דערוואַקסענעם, אַלט־געוואָרענעם לעבן, און לויט וועלכע זכרונות

בכלל און יוגנט־זכרונות בפרט מוזן אויפגענומען ווערן, אָביעקטיוו באַטראַכט, ווי אַ שטאָף וואָס ווערט דורכגעלאָזן דורך אַ ספּעציעלער אַזאַ איינגעריכטעטער זיפּ, וואָס אַלע טונקעלע שטיקער פאַלן דורך דורך אירע לעכלעך און בלויז דאָס העלע אַליין, מעג עס אַפילו זיין אין גאָר־גאָר קליינע שטיקלעך, פאַרהאַלטן זיך און בלייבן איבער אויבן, כ'פאַרטרייב פון זיך אין דעם מאָמענט ווי אַן אומגעוווּנטשענע זלידנע פליג די אַנערקענונג, אַז יעדער בעל־זכרונות בכלל, און אַזאַ וואָס איז מחיה מתים ספּעציעל יוגנט־זכרונות בפרט, זאָל זיין געגליכן צו אַ געפּלאָגטן מיט אַ מין דאַלטאָנישער בלינדקייט, צו זיין מסוגל צווישן אַלע אַנדערע פאַרבן און קאָלירן צו „זען" בלויז איינאיינציקן העל־ליכטיקן שיין און גאָרנישט גרויעס און ווער רעדט נאָך — טונקעלעס; איצט בין איך מוכן ומזומן דורך אַלע־אַלע זכרונות, וואָס איך קלויב זיך אַרויסצוברענגען, זאָלן געשטראָמט ווערן לויטער גאַנצע ליכט־סנאָפּעס. ווידער אַמאָל ווי די פּסח־דיקע כלים: איז דען געמאָלט, אַז אין די געשליפענע קריסטאַלן פון כשר־פּסח'דיקע גלעזער און בעכערס זאָל, חלילה, זיין אַ פעלער, אַ שראַם?...

און נומער צוויי: גאַנץ אַנדערש ווי אין דער פאָריקער באַמערקונג, ווען פון דערוואַקסענעם־זקנישן האַלטן זיך אויפן צונטער־טרוקענעם וויי־אָביעקטיוון אויבערפלאַך האָב איך זיך אַ וואָרף געטון צוריק זיך אַ גרונטעווע צו טון אין די טיפענישן פון קינדערשער תמימות, וויל איך דאָ דווקא שטעלן דעם טראָפּ אויף דערגרייכטער דערוואַקסן־זקנישער אַנערקענונג, וועלכע פרעגט אָפּ און איז מבטל אַלט־קינדערשע טעותן. אין לעצטן צענדליק פון 19־טן און אין ערשטן צענדליק פון 20־טן יאָרהונדערט, די בליצייט פאַר יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, האָט זיך, כידוע, אַנטפּלעקט אין איר באַזונדערער שאַרפקייט, נאָך מער איידער אין דער פריערדיקער השכלה־עפּאָכע, די אַזוי־גערופענע „מלחמה צווישן עלטערן און קינדער" — די יידישע יוגנט האָט געהאַט פאַרברענט אַלע בריקן צום אַרט דענקען און פירן זיך מצד זייערע טאַטעס און זיידעס. באַדאַרף מען, דרך אַגב, באַמערקן, אַז אָט דער עצם ענין „מלחמה צווישן עלטערן און קינדער", וואָס איז ביז אַ געוויסן גראַד, ריכטיק אויך לגבי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע סביבות און האָט דעריבער אַן אַלגעמיינעם, אומעטומיקן און שטענדיקן כאַראַקטער, איז באַזונדערס פּאָפּולער געווען ביי יידן און רוסן; אין אָט דעם ענין האָט זיך אַנטפּלעקט דער אינטערעסאַנטער, אַזוי צו זאָגן, סעמיטאָ־סלאַווישער מענטאַליטעט־פּאַראַלעליזם. אָט דעראַזיקער פּאַראַלעליזם, וועלכער ווייזט אָפּט אַרויס אויף פאַרשידענע אַנדערע געביטן, פאַרדינט אַ באַזונדערע אויספירלעכע אָפּהאַנדלונג. וואָס מיר ווילן אָבער דאָ אַקצענטירט באַמערקן איז אָט וואָס: ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז אין איין פּרט איז די באַהויפּטונג וועגן דער „מלחמה צווישן עלטערן און קינדער" אין אונדזער יידישער סביבה געווען זייער שטאַרק איבערטריבן, נעמלעך: אין פּרט פון דער מיכלומרשט־בייער ספּעציפישער נטיה, וואָס די יידישע יוגנט אין די דערמאָנטע צוויי צענדליק יאָר זאָל האָבן אַרויסגעוויזן אין באַהעפטן זיך צו פאַרטייען. אמת איז טאַקע, אַז אָט די פאַרטייען זענען געווען אין זייער תוך פרעמד און קעגנעריש צום אַרט דענקען און פירן זיך פון די טאַטעס און זיידעס,

ס'איז אָבער ניט אמת, אַז די יוגנט זאָל עס האָבן אַנטדעקט ערשט אין זיך און מיט זיך די עצם־נטיה צו קהלן זיך, צו זיין געזעלשאַפטלעך־אַקטיוו; באמת האָט די יוגנט עס גערשנט און דירעקט איבערגענומען טאַקע פון זייערע טאַטעס און זיידעס, וואָס אויך זיי האָבן ליב געהאַט אַנצוגעהערן יעדער צו אַן אַנדער חברה און אַמאָל טאַקע אויך צו עטלעכע חברות מיט אַמאָל. האָט די יוגנט בלויז אַנדערש אויסגעשליפֿערט אירע נייע „חברות", וואָס האָבן ביי זיי געהייסן „פּאַרטייען", די „חברה־פּיליע" איז אָבער געווען אַן אַלגעמיינע, אַ בשותפותדיקע ביי זיי און ביי זייערע עלטערן, אָט די עלטערן מיט וועלכע די קינדער האָבן עס געפירט אַ פּאַרביטערטע מלחמה, צוזאַמען. די „חברה־פּיליע" איז ביי די עלטערן, אויך ביי די עלטערן, געווען שטענדיק אַזוי שטאַרק, אַז פון איר פלעגט מען זיך באַפרייען ערשט נאָכן טויט, — ס'איז דאָך אין דעם פּרט כאַראַקטעריסטיש, וואָס נאָר ביי יידן, און ניט ביי קיין אַנדער פאָלק, איז דער לויה־צערעמאָניאַל פאַרבונדן מיט אַ ווענדונג צום בר־מינן: „מ'זאָגט דיך אָפּ פון אַלע חברות". איז אין פּרט פון דער אַלגעמיינער, בשותפות'דיקער ספּעציפיש־יידישלעכער „חברה־פּיליע" ניט פאַראַן קיין וועזנטלעכער אונטער־שייד, ווען דער טאַטע, אַ שטייגער, האָט געהערט צו חברה־ש"ס אָדער חברה־משניות, צי חברה־תהלים און דער זון, להבדיל, צום „בונד" אָדער ס.ס. איי וואָס? — יוגנטלעכע ס'ס'אָוצעס פלעגן קאָכיק שטרייטן קעגן יוגנטלעכע בונדיסטן און זיי צוזאַמען נאָך מער קאָכיק קעגן די טאַטעס פון חברה־ש"ס אא"וו? — פלעגן דאָך אויך די טאַטעס גופא פון מתנגדישע חברות מיט ניט ווייניקער פאַרביטערונג שטרייטן קעגן אַנדערע טאַטעס פון חסידישע חברות. ס'איז, אַלזאָ, „די אייגענע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט". אויך וועגן זיך, למשל, ווייס איך איצט אויף זיכער פסיכאָלאָגיש צו פאַרקנסן מיין פריי־יוגנטלעכן עס־עס'ישן ברען מיט מיין טאַטנס פרומער התלהבות אין זיין מתנגדישער חברה־ש"ס...

נומער דריי — און ווידער אַן אַנערקענונג, וואָס איך האָב זי דעראָבערט ערשט דורך דערוואַקסן־זקנישער שפּעטערער צייט, העט־ווייט לאחר המעשה פון מיין אַריינטרעטן אין ס.ס.: וואָס איז פּרימער און וואָס איז סעקונדער אין אָט דעם פאַרכשופטן קרייז פון „זעלבסט־באַשטימונג" און אַרומיקער „מאַסן־סוגעסטיע" ביי אַ יוגנטלעכנס באַהעפטן זיך צו אַ פּאַרטיי, צו אַן אידעאישער באַוועגונג? — צי בין איך אַליין עס טאַקע געווען דער פרייער אַנטשיידער ביים פאַרבייטן מיין טאַטנס חברה־ש"ס מיט דער דורך מיר פריי אויסגעוויילטער פּאַרטיי ס.ס.? צי געהערט טאַקע מיר אַליין כאָטש אַ קליינער פּראָצענט־זאַץ קאָלומבישער אַנטדעקונגס־זכות ביים אויסגעפינען די רעוואָלוציאָנערע נייע סביבה, אין וועלכער איך האָב זיך מיט אַזאַ ברען געוואָרפן ביי מיין 13־14־יאָריקן עלטער?... די אַלע פראַגן, וואָס זענען אין געגעבענעם פאַל שייך אַ קלענערן, אַ וועלטלעכן געביט, זענען בעצם אַן איבערחזרונג אויף דעם האַרב־ערנסטן, גרויס־חשובן טעאָזאָפישן פּראָבלעם וועגן יאָ אָדער ניין און ווי־ווייט „בחירה חפשית". און די תשובה? — אויף ביידע געביטן, מעג דער מרחק צווישן זיי זיין ווי גרויס און ווי וועזנטלעך, איז דער ראַדיוס פון אמתער

פרייער „זעלבסט־באַשטימונג" אַ ביז־גאָר־פּאַרקירצטער, דער איז דורכאויס געהעמט אין זיין עקספּאַנסיע זיך אויסצושפּרייטן מערער ווי אים איז געגעבן. אין דער טעאָזאָפיע איז אָט די רעגולירנדיקע העמונגס־קראַפט צוגעטיילט געוואָרן דעם אויבערשטן וועלט־ און מענטש־באַשאַפער, אויפן איינפאַכערן וועלטלעך־אידעאָלאָגישן געביט געהערט אָט די קראַפט דער מאַסן־סוגעסטיע, וועלכע איז צומאָל אין איר איראַציאָנעלקייט און שווער־דערקלערלעכקייט אַ ברוכטייל פון גאָטס איינהייטס־ווילן, פון „אחדות־הבורא". און אין דעם פּרט איז טאַקע פולשטענדיק באַרעכטיקט דער אַלטער תלמודישער פּסיכאָלאָגיש־באַלערנדיקער אַפאָריזם: „קול המון כקול שדי" — דער אויפצווינגנדיק־באַפעלערישער קול פון מאַסן איז ווי דער קול פון גאָט.

ס'איז כמעט אַלע מאָל אַזוי מיט דעם אָנשטעקונגס־כח פון אידעען, און באַזונדערס אין אַ צייט פון רעוואָלוציאָנער־אידעאישער אויפגעברויזקייט: צו די יבשה־ברעגעס פון דעם איינצעלנעם מענטשן דערטראָגן זיך פּלוצים שוימיק־קאָכיקע כוואַליעס פונדערווייטנס, און זיי פאַרכאַפּן עס דעם איינצעלנעם אין זייער שוים און קאָך אַריין, — וואָס בלייבט יאָ איבער פאַר דעם פרייען, אַזוי צו זאָגן, אויסוואַל פון אָט דעם איינצעלנעם? — בלויז צו באַשליסן אין וועלכער פון די מערערע פאַרפלייצנדיקע, צו און אין זיך ציענדיקע כוואַליעס זיך צו וואַרפן.

איין פּסוק פון דער מאַטעריאַליסטיש־מאַניסטישער וועלט־אָנשויאונג מעג און דאַרף לכל־הדעות אַראָפּגעשריבן ווערן און אַוועקגעשטעלט ווערן ווי אַ מאָטאָ איבער דעם דאָ פון אונדז באַהאַנדלטן ענין: „מיט דער פּראָדוקציע און קאָנסומציע פון אידעאישע ווערטן איז ווי מיט דער פּראָדוקציע־קאָנסומציע פון מאַטעריעלע ווערטן", נעמלעך: די פּראָדוקציע באַשטימט אין גאָר אַ גרויסער מאָס די קאָנסומציע, און נאָך מער — דער מאַסן־געבויך מוז ווירקן אויך אויפן איינצעלנעם צוצושטיין צום געברויכס־טעם פון אָט די מאַסן. קומט אַראָפּ, לאָמיר זאָגן, אַ רייזנדיקער אַגענט־פאַרשפּרייטער פון אַ פּראָדוציר־פירמע אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אַריין, וואָס ווען אָט דער אַגענט קומט אַהין ניט אַראָפּ מיט זיין גרעסערן פּראָבקעס־אַסאָרטימענט, וואָלטן די איינוווינער פון שטעטל קיינמאָל אַפילו ניט געוווּסט וועגן דער פּראָדוקציע און אַוודאי ניט געגוויטיקט זיך אין איר, איז אָבער געגוג, ער זאָל פאַר זיי אויסשטעלן זיין אַסאָרטימענט און די שטעטל־מענטשן הויבן אָן צו אויסוויילן און צו געברויכן, — ס'פאַרבלייט פאַר זיי אַ געוויסע מאָס „זעלבסט־באַשטימונג" — זיי קענען דאָך אויסקלויבן פון גרעסערן אַסאָרטימענט דעם און ניט יענעם מוסטער, הגם די גאַנצע געברויכס־געלעגנהייט איז צו זיי געקומען גאָר פון־אויסן און ניט־דערוואַרטעט...

אין די דערמאַנטע צוויי צענדליק יאָר האָבן זיך צו אַלע פאַרוואָרפנסטע קליינע שטעטלעך פון יידישן תחום דערטראָגן די וואָרט־זאָגער פון די בייע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, די אַלגעמיינע אויפגעברויזטע רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס פון רוסלאַנד האָבן ניט אויסגעמיטן צו אָנקלאַפּן אין די שטילע ברעגעס פון דער וועסט אידיליש־פאַרדרעמלטער קליינשטעטלשער יידישער יבשה, האָבן

יונגע לייט זיך געוואָרפן צום פלוצים־אַנטדעקטן נייעם אידעען־אַסאָרטימענט, האָבן זיי „אויסגעוויילט" יעדער פאַר זיך איינע פון די מערערע כוואַליעס צו לאָזן זיך שווימען מיט איר און התלהבותדיק אַזש פאַרכליניען זיך מיט איר שוים...

צו מיר, אין מיין שטעטל ראַדאשקאָוויץ, ווילנער גובערניע, ניט ווייט פון מינסק, האָבן זיך דערטראָגן „איסקרא" („פונקען" פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע), די ווייסרוסישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע „הראָמאַדאַ", די ציוניסטישע באַוועגונג אין איר פאַרייניגערטער נייער פאָרמאַציע („דעמאָקראַטישע גרופּע" און אָנהויב „פּועלי־ציון", „מינסקער טאָלק" — „מינטשוקעס"), „בונד" און ס.ס., האָב איך, צוזאַמען מיט אַ צאָל חברים, „אויסגעקליבן" ס.ס.

## ב.

## וויאַזוי און פאַרוואָס איך בין אַריין אין ס. ס.

פון מיינע פריסטע קינדהייטס־יאָרן האָט אויף מיר געשטראָמט ווירקונג פון צוויי באַזונדערע רערן, וועלכע זענען ערגיץ־וואו, ווייט פון מיין דאַמאָלסדיקן קינדערישן אויפנעם־אויג געווען פאַראייניקט: מיין פרום־קפדנישער טאַטע האָט אויף מיר געשטראָמט התלהבותדיקע, מיט איר אויפריכטיקייט טיף־רירנדיקע רעליגיעזקייט; מיין עלטערער ברודער, דער „משכיל", האָט אין טאַטנס פרומען ספרים־אַלמער אויסגעקעמפט און דורכגעפירט אַ שטיקל דעסאַנט פאַר „השכלה"־ספרים, — אויסערלעך איז אַפילו געווען ניט־לייכט צו אונטערשיידן צווישן די ערשטע און די צווייטע, ווייל אויך די צווייטע זענען געווען שווערע, גרויסע, יוסטע, ווי די ערשטע, אויך די צווייטע זענען געווען ספרים און ניט קיין ביכער (הגם דער ברודער מיינער פלעגט זיי דווקא אָנרופן „ביכער", ווי מיר האָט זיך דאַמאָלס געדוכט — בכוונה צו דערצאָרנען דעם טאַטן, וואָס דאָס וואָרט „ביכער" איז ביי אים געווען — ווי ער פלעגט אַליין אָפט זאָגן — טריף ווי חזיר) און אַוודאי ניט קיין „ביכלעך". געדענק איך נאָך ווי היינט וויאַזוי אין דעם בשותפותן טאַטנס־ברודערס ספרים־אַלמער פלעגן זיך אַמאָל, ווען דער ברודער פלעגט בכוונה אָדער צופעליק, אַריינשטופן זיינס אַ „השכלה"־ספר צווישן טאַטנס פרומע תורה־ספרים, ממש האַלזן אַ גמרא־פאַליאַנט מיט אייזיק־הירש ווייס'ס „דור דור ודורשיו", אַ גראָבער „מחזור" מיט אַ פרץ סמאָלענסקיס „התועה בדרכי־החיים". דער טאַטע פלעגט זייער שטאַרק אומצופרידן זיין פון אַט דער קוצעניר־מוצעניר צווישן מין שלא במינו, און ווען ער פלעגט זיך אויף דעם אָנשטויסן, פלעגט ער גלייך אויפן אָרט, אין סאַמע אַ געוויינלעכן וואָכן־טאָג, העט־ווייט פון ערב־פסח, מבער־חמץ זיין, אַרויסכאַפּן דעם הייליקן ספר פון די טריפהנע פרעמדע אָרעמס, אים אַ קוש טון און אים אַוועקשטעלן אויף אַן אַנדער אָרט אין אַלמער; דעם ברודער פלעגט ער מיט פאַרדרוס מזהיר זיין, ער זאָל אויף ווייטער זיין פאַרזיכטיק און ניט ווערן, חלילה, קיין אימפּעריאַליסט — פאַרכאַפּן פרעמדע טעריטאָריע

אין אַלמער. אין וואָס אָבער זענען אָט דיביידע פאַרשידענע ווירקונגס־רערן געוועזן „פּאַראַייניקט״? — ביידע, סיי דער טאַטע און סיי דער ברודער, פלעגן אַלע טאָג „לערנען אַ בלאַט״ — דער טאַטע אַ בלאַט־גמרא, דער ברודער — אַ בלאַט־גרעץ, להבדיל. ביידע פלעגן עס געוויינטלעך, פונקט ווי זיי וואָלטן בכוונה ווען עפנטלעך קאָנקורירן צווישן זיך, טון אין איין צייט, אַממערסטן אין די נאָך האַלב־טונקעלע פרימאָרגן־שעהן, ווען איך, אַ קליינער ייִנגל ווי איך בין געווען, פלעג נאָך ליגן אין בעט און ראַנגלען זיך צווישן זיסן נאַכט־חלום־איבערבלייב און ניט ווייניקער זיסן פרימאָרגן־וואָר, ווייל אויך אָט דערדאָזיקער פרימאָרגן־וואָר, ווען פון די צוויי באַזונדערע שטוב־ווינקלען פלעגן זיך צו מיר דערטראָגן די צוויי מינים געזאַנג־למוד (ביידע, סיי דער טאַטע און סיי דער ברודער, פלעגן „לערנען אַ בלאַט״ שטענדיק ביי דער באַגלייטונג פון אַן אונטערגעברומטן ניגון) איז געווען זייער־זייער זיס־אָנגענעם, פלעגט זיך ממש ווי אַ באַלזאַם צעגיסן איבער אַלע גלידער, ס'איז געווען אַזאַ טרויעריק־האַרציק געזאַנג פון פאַרטיפונג, פון פאַרהייליקט־עקסטאַטישער אויסגעטוענקייט פון דער וועלט. ביידע פאַרשידענע רערן האָבן זיך געהאַט פאַראייניקט אין התמדה און עמאָציאָנעלער פאַרטיפקייט. אַז איך בין אַביסל אויסגעוואַקסן און דערגאַנגען צו אַ וועלכער ס'איז אויך אייגענער לערן־פעיקייט, איז ממילא אויך פאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז אויך איך באַדאַרף „לערנען אַ בלאַט״, כ'האָב בלויז נאָך ניט געוואוסט וואָס פאַר „אַ בלאַט״. ביי קנאַפּע 13 יאָר, נאָך פאַר בר־מצווה, האָט מיך אַ צופאַל פון־אויסן מיט־געהאָלפן אויסצוקלויבן און צו באַשטימען וואָס פאַר „אַ בלאַט״ עס באַדאַרף צו זיין: אַ גרופּע שטעטלדיקע ייִנגלעך און מיידלעך, גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, וואָס זענען פון זייער שטודיום אין די גרויסע אַרומיקע שטעט, ווילנע און מינסק, געקומען אַ היים אויף זומער־וואַקאַציעס און מיטגעבראַכט פון דאָרטן אַ נאָך אַמאָרפישע ערב־רעוואָלוציע־ווירקונג, האָט געגרינדעט אַ זעלבסט־בילדונגס־קרייז, האָבן אים געגעבן עפּעס אַ מאָדנעם נאָמען „אַסאָציאַציע״, וואָס אויך זיי אַליין, און איך אַוודאי, האָבן ניט געוואוסט זיין טייטש, האָבן באַשלאָסן אויך מיך אַריינצונעמען אין אָט דעם קרייז, כ'האָב צו דעם זוכה געווען צוליב מיין ערשטן אַקטיוו־זיין ביי אַ „רעוואָלוציאָנער״ שטיקל־אַרבעט, וואָס וועגן אים וועט שפּעטער דערציילט ווערן. פאַר דעם שטודיום אין קרייז איז באַשטימט געוואָרן באָגדאַנאָווס „אָטשערק פּאָליטיטשעסקאָי עקאָנאָמיאִי״ (קאַפּיטלעך פּאָליטישע עקאָנאָמיע), איך האָב דאַמאָלס נאָך בכלל ניט געקענט קיין רוסיש און אויף צו פאַרשטיין די שווערע ספּעציעל־וויסנשאַפטלעכע שפּראַך פון אַ באָגדאַנאָוון אַוודאי און אַוודאי ניט, איך האָב אויך ניט געהאַט די מינדעסטע פאָרגרייטונג אויף דעם שטודירטן ניַיעם געביט, האָב איך אָבער, צוליב פריי־יוגנטלעכער גאווה, און באַזונדערס שעמעוודיקייט לגבי די מיידלעך, ניט געוואָלט אָפּשטיין פון איבעריקן עולם, האָב איך זיך אַ נעם געטון פאַר דער צוגרייטונגס־אַרבעט אויסער דעם קרייז; טון עס אינ־דערהיים, ביי טאַטע־מאַמע אין שטוב, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט, דער טאַטע וואָס האָט כאָטש אויף אַביסל שלום געמאַכט מיט מיין עלטערן

ברודערס „השכלה״־טריף־פסולס, וואָלט דאָך מיט באַגדאַנאָוון געוויס ניט געמאַכט שלום, באַזונדערס ווען ער וואָלט, חלילה, דערזען אין בוך דאָס וואָרט „פּאָליטיטשעסקי״ — „פּאָליטיק״ איז אין אונדזער דאַמאָלסדיקער שטעטלשער סביבה געגען בכלל א סינאָנים פון „סאָציאַליזם״ (אין אונדזער דאַמאָלסדיקער פאָנעטיק: ביי די טאַטע־מאַמעס אין שטעטל — „ציציליזם״), וואָלט ער דאָך מיך קורע כדג געווען, האָב איך עס געטון אין באַהעלטעניס — אין דער „ווייבערשער שול״ פון אַלטן בית־מדרש; כ׳פלעג דאָרטן אָפּזיצן יעדן טאָג כסדר עטלעכע שעה און מיט אַ ווערטער־בוך אין האַנט פלעג איך אַרבעטן ממש עבודת־פּרך ביים צעקייען און דעשיפרירן דעם טייטש פון די שווערע שורות. אויך איך, אַלזאָ, האָב אָנגעהויבן „לערנען אַ בלאַט״ — אַ בלאַט באַגדאַנאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע״. פריער איז איין עפּל, מיין עלטערער ברודער, געפאַלן ניט ווייט פון בוים, פון טאַטס „לערנען אַ בלאַט״, איצט איז אויך דער צווייטער עפּל, איך הייסט עס, געפאַלן ניט ווייט פון בוים און פון ערשטן עפּל צוזאַמען — אויך איך האָב מיט התמדה און מיט עמאָציאָנעלער פּאַרטיפּקייט גענומען „לערנען אַ בלאַט״, יאָ, טאַקע אויך מיט עמאָציאָנעלער פּאַרטיפּקייט, — אויך איך, ווי דער טאַטע און דער עלטערער ברודער, האָב אָנגעהויבן באַגלייטן מיין לערנען מיט אַן אונטערגעברומטן ניגונדל, איך האָב זיך פאַר דעם געכאַפּט איינמאָל ביי אַ געלעגנהייט, וואָס האָט מיך געקענט אריינברענגען אין אַ גרויסער צרה, און מעשה שהיה כך היה:

איינמאָל ווען איך בין זיך אַזוי געזעסן איבער מיין „בלאַט באַגדאַנאָוו״ אין דער „ווייבערשער שול״, האָט זיך פּלוצים אָן עפן געטון די טיר, און דער שמש פון בית־מדרש האָט זיך באַוויזן מיט אַ טיפן פאַרוואָרף:

— האָסט שוין ניט געפונען, דו שגץ איינער, קיין אַנדער פּלאַץ אויף לערנען גמרא נאָר די ווייבערשע שול?...

האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט, נאָכדעם ווי איך האָב אויף זשאַנג־לערישן אופן פאַרבאַהאַלטן דעם טריפהנעם באַגדאַנאָוו, און אַ פרעג געטון:

— פונוואַנען ווייסט איר דען, אז איך לערן גמרא?

האָט יענער מיך גלייך אויסגעלאַכט אין פּנים אַריין און אָפּגעענטפערט:

— וואָס, אַ טויבער בין איך? איך האָב דען ניט געהערט אַזש פון־אונטן אין בית־מדרש ווי דו האָסט זיך עס צעציקלט מיט דיין גמרא־ניגון?...

וואָס איז אָבער געווען מיין זכות, וואָס די הויך־געבילדעטע גימנאַזיסטישע יוגנט האָט מיך אַריינגענומען אין איר הויך־געבילדעטן קרייז אַריין? — איר האָט אימפּאָנירט מיין רעוואָלוציאָנערישקייט, וואָס איך האָב ערב־פּסח־צייט אַרויסגעוויזן אין מצה־„פּאַדריאַד״. די מעשה איז געווען אַזאַ: אַלע יאָר פלעגט די רייכע מעל־קרעמערקע פון שטעטל, הינדע ברוד׳ס, האָבן געעפנט דעם גרעסטן „מצה־פּאַדריאַד״ (מצה־בעקעריי). פלעגט, ווי איר „קולאַקישער״ שטייגער, פאַרקאָנקורירן אַלע אַנדערע אָרעמערע „פּאַדריאַדן״; זי איז זיך געגאַנגען איר וועג: „איינעם אַלץ און די איבעריקע גאָרנישט״, פלעגן די איבעריקע, אָרעמערע מצה־בעקער׳ס אויף איר זיין מלא כעס. מיר, יוגנט, האָבן, פאַרשטייט זיך, סימפּאַטיזירט מיט זיי, די „דערנידעריקטע און באַליידיקטע״, איז. באָך

אָבער צוגעקומען נאָך אַ מאָמענט, וואָס האָט פאַרשטאַרקט נאָך מער אונדזער גרייטקייט צו באַקעמפען הינדע ברוך׳ס עקספּלואַטאַציע, זי פלעגט אין איר „פּאָדריאַד" באַשעפטיקן ווי וועלגערקעס, קנעטערקעס, וואַסער־גיסערקעס וכדומה די אַרבעטן אין „פּאָדריאַד", די אָרעמסטע מיידלעך און ווייבלעך פון שטעטל, פלעגט זיי צאָלן אַ שיבוש און פאָדערן פון זיי אַרבעט פון פרי ביז שפּעט אין טיפער נאַכט אַריין. האָט די יוגנט עס שוין ניט געקענט פאַרשווייגן. האָט איינער פון צווישן דער יוגנט, אלי דוד׳ס דער שטעפער, מיין שפּעטערדיקער „יותנן המטביל" אין ס.ס. אַריין, געמאַכט אַ פאָרשלאַג אויף אַ פאַרזאַמלונג, וואָס ער האָט אויף גיך אָרגאַניזירט אין קאָידאַנאָווער חסידים־שטיבעל, ניט ווייט פון הינדע ברוך׳ס „פּאָדריאַד":

— ווייסט איר וואָס, חברה? לאָמיר אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּעראַטיוון פּאָדריאַד און אין אים אַריינגעמען אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער דעם גאַנצן אַרבעטער־פּערסאָנאַל פון דער עקספּלואַטאַטאָרקעס „פּאָדריאַד"!

אלי דודס איז נאָך פון פריער געווען באַקאַנט ווי אַ וויל־געלערנטער אין די שוואַרצע פינטלעך פון די נייע דינע רוסישע ביכלעך, וואָס מ׳גיט זיי איבער פון האַנט צו האַנט ביי דער גרעסטער פאַרזיכטיקייט און ניט אַלע זענען זוכה מ׳זאָל זיי אָט די ביכלעך און בלעטלעך אָנפאַרטרויען, אַגב, ניט אַלע פאַרשטייען אויך דאָס וואָס אין די ביכלעך און בלעטלעך איז געדרוקט; דאָרטן זענען עפּעס אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע ווערטער און באַגריפן. לומדישע יונגעלייט, פון די וועמען ס׳איז געלונגען אַריינצוקוקן אין אָט די ביכלעך און בלעטלעך, ווילצלען זיך און זאָגן, אַז מ׳דאַרף האָבן אַ מין פּירוש־רש״י אויף צו פאַרשטיין וואָס דאָרטן איז געשריבן. אלי דוד׳ס פאַרשטייט אָבער יאָ אַלץ וואָס אין די ביכלעך און בלעטלעך ווערט געזאָגט, ער איז עס דער וואָס לערנט אויס אַנדערע פאַרשטיין פּשט אין זיי. ער אַליין באַנוצט זיך ביי זיין רעדן מיט פאַרטרוילעכע חברים אויף אידעאישע טעמעס מיט שפּאָגל־נייע ווערטער, וואָס ער האָט, הפּנים, אַרויסגענומען פון די ביכלעך, ער קען אָבער דערקלערן אָט די אַלע האַרבע ווערטער אויף אַ פּאָפּולערן אופן. איצט ווייס איך עס צו שאַצן און צו באַשטימען געבּנוי און אויף זיכער: אלי־דוד׳ס איז געוויס געווען באַשאָנקען מיט אַ גוטער פּעדאַגאָגישער אינטואיציע. איך בין געווען צווישן זיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן, הגם איך בין געווען אַסך יונגער פון אים. נאָכדעם ווי איך האָב אָנגעהויבן לערנען, ווי דערמאַנט, „אַ בלאַט באַגדאַנאָוו", פלעג איך שוין אין זיינע רייד אָפּט אונטערשיידן ווערטער און באַגריפן, וואָס איך האָב זיי געקענט פון מיין באַגדאַנאָוו׳ן. אין אויבן דערמאַנטן פאַל האָט אלי־דוד׳ס גלייך דערקלערט דעם קליינעם עולם פאַרזאַמלטע אין קוידאַנאָווער שטיבל, וואָס אַזוינס מיינט „קאָאָפּעראַטיווע פּראָדוציר־אונטערנעמונג". מיר האָבן זיך פאַר זיין פאָרשלאַג אָנגעכאַפּט מיט גוואַלדיקער באַגייסטערונג. און איך, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך בין געווען דער יונגסטער צווישן עולם, האָב אויף זיך גענומען צו זיין אלי־דוד׳ס רעכטע האַנט ביים פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן. איך האָב עס אויפגעזאַמלט דערנאָך די אַרבעטערינס פון „פּאָדריאַד", זיי אויפ־געקלערט אויף אַ פּשוט׳ן לשון דעם ענין און זיי — ווי אויף אלי־דוד׳ס לשון

האָט עס געהייסן: „אָרגאַניזירט”. אין דעם אייגענעם אָוונט האָבן מיר אָפּגעדונגען אַ ליידיקע געביידע אין אַ נייעם הויז, וואָס האָט זיך געבויט אויפן שולהויף, און גלייך אויף מאָרגן איז מען טאַקע צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. אין שטעטל האָט עס געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק; אַלע, פון אַלטע, יוסטע בעלי־בתים ביז קינד און קייט, זענען געקומען אָנזען דעם נייעם, אויף שנעל אָרגאַניזירטן „פּאָדריאַד”, ווי עפּעס אַ בייז וואונדער. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן הייסע ויכוחים, דער בייזער ר' יעקב־פּנחס, אַ שאַרפער לומדישער קאָפּ, וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף גאָר אַ סך יידן אין שטעטל און באַזונדערס אויף די חברים פון דער חברה־ש״ס, וואָס אויך מיין טאַטע האָט געהערט צו איר, האָט געזען אין אונדזער אונטערנעמונג אַ דראָענדיקע סכנה, „עס שמעקט מיט „ציציליזם” — האָט ער געשריען. און טאַטעס האָבן טאַקע באַלד גענומען מיט כוח שלעפּן זייערע קינדער פון נייעם „פּאָדריאַד” אַרויס, ווייל אַ סך יוגנטלעכע זענען געוואָרן צוגעצויגן צו הילפס־אַרבעט אין „פּאָדריאַד”, ניט באַקומענדיק דערפאַר קיין אָפּצאָל, ס'איז צו דעם צוועק איינגעשטעלט געוואָרן אַ רייפאַרטיילונג, מיט וועלכער איך האָב זיך פאַרנומען. אַלע האָבן אויף אַזאַ אופן געוואָלט מיטהעלפן די אָרעמע אַרבעטערינס פון הינדע ברוך'ס פריערדיקן „פּאָדריאַד” צו שטעלן זיך אויף די פיס. צו מיין גליק איז מיין פאָטער, בכלל ר' יעקב־פּנחסעס אַ שטאַרקער אָנהענגער, דאָס מאָל ניט געווען איינשטימיק מיט ר' יעקב פּנחסן, ער האָט, פאַרקערט, אין דעם גאַנצן אויפטו פון דער יוגנט געזען אַ לויב־ווערטע מעשה־צדקה, און האָט מיר אין מיין אָנפירערשער ראָל ביים נייעם „פּאָדריאַד” ניט געשטערט. איך האָב עס די גימנאַזיסטישע יוגנט אַריינגעצויגן אין דער הילפס־אַרבעט אין „פּאָדריאַד” לויט דער ריי, און אַדאַנק דעם בין איך עס געוואָרן אַזאַ חשוב ביי איר, אַז זיי האָבן מיר גלייך נאָכדעם אַריינגענומען אין זייער „אַסאַציאַציע” אַריין. דער „פּאָדריאַד” גופא איז טאַקע אויסגענוצט געוואָרן שפּעטער ווי אַ פּלאַץ פאַר ערשטער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. איינמאָל אין אַן אָוונט האָט זיך אין „פּאָדריאַד” פּלוצים באַוויזן טאָדרעס חיה דער אלמנהס, וועלכער האָט זיך בכלל גאָר געפונען אין מינסק, ווו ער האָט געאַרבעט אויף עפּעס אַ פאַבריק, — אין שטעטל האָט מען געמורמלט, אַז ער איז אַ ממזר און בעלי־הביתשע קינדער האָבן אים אויסגעוויכט, ער איז געווען אָנגעטון אין אַ רויט העמדל, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געקליבן גאָר אויסצופּילן יוסף'ס ראָל אין „מכירת־יוסף־”שפּיל, און איז אַרויס מיט לשון וועגן בורזשואַזיע, עקספּלואַטאַציע, און — אוי וויי! — וועגן סאָציאַליזם. אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס איז דאַמאָלס געווען פאַרנומען אין „פּאָדריאַד” ביי זייער מיטהילף־אַרבעט, האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ שרעק, אַז זיי זענען זיך צעלאָפן מיט שטיקלעך „מוירע״־טייג אין די הענט. דער „פּאָדריאַד” האָט זיך, צוליב אָט דעם געשעעניש, געמוזט שליסן פאַר דער צייט, ר' יעקב־פּנחס האָט מיט שאָדנ־פרייד געמוסרט מיין פאָטער פאַר זיין תמימות, און איך האָב, נעבעך, אינדערהיים געהאַט אַ מיאוסן פּסק דערדאָזיקער „פּאָדריאַד” איז אָבער געווען, אַזוי צו זאָגן, מיין ערשטער רעוואָלוציאָנערער „אוניווערסיטעט”, וואָס דער וועג פון אים האָט מיך שפּעטער געפירט צו ס. ס.

די גימנאַזיסטישע יוגנט איז זיך צעפאָרן אין די שטעט, ווו זי האָט געלערנט, די „אַסאָציאַציע” איז צייטווייליק געשלאָסן געוואָרן (ביז צו די ווייטערע וואַקאַציעס), איך האָב אָבער אין באָגדאַנאָוו און שפּעטער אויך אין אַנדערע ענלעכע נייע תורה־ביכער זיך אַלץ מער התמדהדיק פאַרטיפט, איך האָב זיך גענומען מער חברן מיט אלי־דוד׳ס, ער פלעגט עס מיר פאַרשאַפן ביכער און ביכלעך מיט אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישן אינהאַלט. מיט זיינע שמועסן — הגם, ווי איך האָב זיך נאָכדעם איבערציינגט, ער איז דאַמאָלס נאָך אַליין געווען גאַנץ רוי־אָנהויבעריש אין זיינע ידיעות, — האָט ער אַ שפּאָר ביסל צוגעגעבן מיין אַנטוויקלונג, באַזונדערס מיין סאָציאַלן פּאַטאָס. דערצו זענען נאָך צוגעקומען איניקן ענלעכע נייע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן מיך ווייטער געשטויסן אויפן נייעם וועג: אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן מיט אַמאָל דריי פּאָליטיש־פאַרשיקטע, אַלע האָבן זיי געהערט צו באַזונדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (איינער אַן „איסקראַוויעץ” אַזש פון פּעטערבורג, דאָס איז געווען דער יונגער פלאַמיקער „טאָוואַרישץ סאַמואיל”, זיסמאַן איז געווען זיין פאַמיליע־נאָמען, איינער אַ ס.ר.אָוויעץ — דער „טאָוואַרישץ כאַטילין”, — געהאַט קודם מיטגעאַרבעט ווי אַן אַרבעטס־אויפזעער ביים שאָסיי, וואָס מ׳האָט דאַמאָלס דורכגעפירט פון שטעטל ביז צו דער נאָנסטער באַן־סטאַנציע פּעטרישאַק (שפּעטער איז אָט דער כאַטילין געווען חשוד ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר, מ׳איז אַפילו פון מינסק געקומען אים זוכן כדי צו שטעלן אים פאַר אַ פּאַרטייאישער אויספאָרשונג, ער איז אָבער פאַרשוווּנדן, און מיט דעם צוגעגעבן אַ זיכערקייטס־גרונט צו דעם חשד קעגן אים, און איינע, אַ וווּנדערלעך שיין מיידל, מאַניע לאָזינסקי, אַ בונדיסטקע. אויף די אַלע דריי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די התחייבות ניט אָפּצופאָרן פון שטעטל און יעדן טאָג זיך צו מעלדן ביים היגן באַדזיראַטעל (פּאָליציי־עלצטער). צווישן דער שטעטלשער יוגנט האָט זייער אָנקומען געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם, און הגם מיר זענען אַלע פאַרזאָגט געוואָרן דורך אונדזערע טאַטע־מאַמעס ניט צו טרעפן זיך מיט אָט די געפערלעכע „ציציליסטן”, האָבן ניט אַלע פון אונדז געקענט ביישטיין דעם נסיון און אויספירן טאַטע־מאַמעס געבאָט. איך בין עס געווען צווישן די ערשטע וואָס האָבן מורד געווען אין טאַטע־מאַמעס פאַרבאָט, איך האָב זיך אין געהיים געטראָפן מיט די אַלע דריי, באַזונדערס אָבער מיט מאַניען, — כ׳האָב פאַר דעם אויסגענוצט אַ באַזונדערן איינפאַל: כ׳האָב געפועלט ביים טאַטן, איך זאָל זיך ביי איר לערנען רוסיש. דער טאַטע האָט זיך שוין דאַמאָלס געהאַט מייאש געווען פון דעם איך זאָל ווערן, ווי ער האָט עס געוואָלט, אַ רב, האָט ער מסכים געווען, איך זאָל כאָטש באַקומען אַ וועלטלעכע בילדונג. האָב איך אָנגעהויבן נעמען „לעקציעס” ביי מאַניען. זי האָט אָבער מיט מיר מער געלערנט סאָציאַליזם, איידער רוסישע גראַמאַטיק אין יעווטושעווסקי׳ס זאַדאַטשניק. קיין סך האָט זי, אמת, אויך אַליין ניט געוווּסט, זי איז אַריינגעפאַלן אונטער פּאָליציי־אויפזיכט צוליב עפּעס אַ קלייניקייט, דאָס וואָס זי האָט אָבער יאָ געוווּסט איז געווען גענוג אויף צוצוגיסן בוימל צו מיין פון פריער אָנגעצונדענעם סאָציאַלן פּאַטאָס. זי האָט עס מיך צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אין דער פּראָבלעמאַטיק פון

יידישן אַרבעטער־קלאַס, פון איר האָב איך עס צום ערשטן מאָל דערהערט וועגן אַ קולטור־אויטאָנאָמיע פאַר יידן אין רוסלאַנד, ליטע און פוילן. בין איך אַוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן איר און אלי־דוד׳ס „תורה שבעל־פה" ווי צווישן סותרדיקע ווירקונגס־טרעגער, ביידע זענען, אמת, געווען כמעט גלייך אין זייער אומפולקאָמקייט אין וויסן, וואָס איך האָב זי וואָס ווייטער אַלץ מער געמערקט און געבליבן אומצופרידן מיט איר, ביידע זענען זיי געווען פאַר מיר מער וועק־זייגערס מיט אָפגעריבענע ציפערבלאַטן — געוועקט האָבן זיי טאַקע יאָ, אָבער ניט אָנגעוויזן די „שעה"; ביידע האָבן זיי מער אַרויסגערופן וויסן־בייגיר איידער אויך געזעטיקט אין דער געוואונטשענער מאָס דאָס עצם וויסן, דערפאַר אָבער איז אין אלי־דוד׳ס אויפקלער־שמועסן שטענדיק געווען מער יידישע גאַנצקייט, מיט אים האָב איך שטענדיק געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך פאַר יידישער ניט־צעטיילעוודיקייט, פאַר אומעטומיקער און אַלצייטיקער יידישער פאָלקס־שותפות, ווייל ביידע זענען מיר געווען אָנגעלייענט און באַווירקט פון דער יידישער געשיכטע און פון דער העברעישער ליטעראַטור, וואָס דאָס נאַציאָנאַלע איז אין איר געווען דער לייט־פאָדעם אפילו אין דער „השכלה"־עפּאָכע, ווען מאַניע האָט עפעס גאָר אָפּעריִרט מיט בלויז „רוסלאַנד, ליטע און פוילן", האָט געלאָזן אָקעאַנען און סתם פּאָליטיש־געאָגראַפישע גרעניצן פונאַנדערטיילן צווישן יידן־קיבוצים. בין איך טאַקע, געדענק איך, אַריין אין ויכוחים מיט מאַניען, מיט אלי־דוד׳ס גאַנצקייט, די וואָס איך אַליין האָב זיך באַמיט לויט מיינע קליינע מעגלעכקייטן זי אויסצוברייטערן און פאַרפונדעווען, פלעג שלאָגן מאַניע׳ס אויסווייזלן ברוכטיילן. מיט אלי־דוד׳ס האָב איך געלערנט, מיט מאַניען האָב איך דעביוטירט דיסקוסיע־פעיקייט. אָט דער דעביוט, איז מיר, אמת, אָנגעקומען ניט גאָר לייכט, ווייל איך האָב עס געמוזט טון אין רוסיש, — מאַניע די „בונדיסטקע" האָט, נעבעך, זייער שוואַך געקענט יידיש און אפשר איז דאָ דער „נעבעך" אַן איבעריקער, ווייל דאַמאָלסדיקע בונדיסטן — ניט בלויז זי אַליין — האָבן געהאַלטן נאָך פאַר אינטעליגענטישער צו רעדן רוסיש. פון מיינע ויכוחים מיט מאַניען האָב איך פּראָפיטירט מער ביים באַרייכערן מיין רוסיש־וויסן איידער ביים פאַרגרעסערן מיין אידעאישן וויסן. איינס אָבער האָב איך זיכער געוווּנען פון מיינע שטורמישע און לאַנגע שמועסן מיט איר: רעוואָלוציאָנערן ברען און אויך אינסטרואירונג וועגן פּראַקטיש־רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, זי האָט עס מיך אינפאָרמירט וועגן דער טעכניק פון קאָנספּיראַטיוו־רעוואָלוציאָנערן אונטער־ערד. פון איר האָב איך זיך עס דערוווּסט, א שטייגער וועגן דעם ענין „בירזשעס" — פאַרשטעלטע „קלובן" אונטערן פרייען הימל, וועגן אויסשטעלן „פּאַטרולן" ביי געהיימע פאַרזאַמלונגען, זי האָט מיר אַפילו געגעבן די ערשטע אַנשוילעכע לעקציע וועגן באַנוצן זיך מיט געווער, האָט מיר געשענקט אַ קליינעם רעוואָלווערל, וואָס איך האָב זיך בשעתו מיט אים קינדיש־געפרייט און געפילט זיך גליקלעך נאָך מער איידער ס׳ייִנגל ביי שלום־עליכם׳ן מיט דעם ערשטן עכטן מעסערל. איך האָב אַ צייט לאַנג, און שוין נאָכדעם ווי איך בין אַוועק פון מיין שטעטל און אריבער אין דער גרויסער וועלט אַריין, אָפּגעהיט ווי דעם טייערסטן אוצר און זייער געטרויערט, ווי מיר

װעלן עס זעען װײַטער, װען אַט דער אוצר איז פֿון מיר אַװעקגענומען געװאָרן אויף אַן אויסטערליש־טראַגישן אופֿן.

איך האָב מאַניעס פּראַקטישע לערע גענומען אַנװענדן, צוזאַמען מיט אליר דוד׳ס, ביי אונדז אין שטעטל גופֿא: נאָך ניט װיסנדיק װער מיר זענען און צו װעלכער פּאַרטיי מיר געהערן, האָבן מיר, אַ קליינע גרופּע יונגע לייט, געבילדעט אַ „בירזשע״, װי ביי לייטן אין די גרויסע שטעט, אין איינעם אַן אָפּשניט פֿון אונדזערער אַ גאַס, װילנער גאַס, פֿון נח בערקע׳ס שטוב ביז צו די „בראָשקעס״ (פּאַרגרייזט פֿון װאָרט „ביעראַזקעס״ — אַ בעריאָזע־אַלייע, װאָס, װי מען האָט איבערגעגעבן, נאָך יעקאַטערינע האָט געהייסן פֿאַרפּלאַנצן). דאָרטן פֿלעגן אונדזערע גרופּע־מיטגלידער שפּאַצירן אַלע אָװנט שעהן־לאַנג, דאָרטן פֿלעגט מען פֿאַרטיילן „ליטעראַטור״, ס׳ביסל פּראָקלאַמאַציעס, װאָס מיר פֿלעגן באַקומען צוגעשיקט פֿון מינסק דורך פֿאַרשידענע פּאַרטייען. דאָרטן פֿלעגט מען איינער דעם אַנדערן איבערגעבן װעגן די געהיימע פֿאַרזאַמלונגען, װאָס מיר האָבן אָנגעהויבן דורכפֿירן אין ראַדאָשקאָװיצער װאַלד, אין ספּעציעל אויסגעקליבענעם פּלאַץ פֿאַר דעם, אין „באַיאַרסקי ראַי״.

„באַיאַרסקי ראַי״ איז געװען אַ װוּנדער פּלאַץ אין סאַמע־מיטן װאַלד־געדיכטעניש, װייט פֿון אַריינגאַנג אין װאַלד און װי בכוונה באַשיצט און פֿאַרהוילן פֿון פֿרעמדע, אומגעװוּנטשענע אויגן, ער איז געװען װי באַשטימט פֿאַר געהיימע צוזאַמענטרעפֿן. און װאַלטן נאָך ערגיץ־װוּ אין װי ס׳איז אויפֿגעהיט געװאָרן אויך פֿאַר שפּעטערע יאָרן די עכאָס פֿון דעם אַלעם, װאָס איז אין אַט דעם „באַיאַרסקי ראַי״ געהערט געװאָרן פֿון היציק־דיסקוטאַנטישע יידיש־יוגנטלעכע מיילער אין יענעם מערקווירדיקן „אַ יאָר־צענדליק אַזאַ״ — פֿון 1903 ביז 1913 און װייטער, װאָלט פֿון דאָרטן נאָך איצט אַ מבול געטון מיט אידעאישער געפּלאָנטערטקייט, אָבער אויך מיט אַזוי פֿיל רירנדיקער מסירת־נפשדיקער אויפֿריכטיקייט... װער װייס? — אפֿשר האָבן זיך אין אייגענעם „באַיאַרסקי ראַי״ געטוליעט אין די שװאַרצע היטלער־יאָרן אויך די יאושדיק־העזהדיקע יידישע פּאַרטיזאַנען פֿון ראַדאָשקאָװיץ און די אַרומיקע יידישע שטעטלעך און זיי האָבן זיך דאָרטן נאָך אָנגעשטויסן אויף די פֿון ניט־װייטן עבר הילכנדיקע עכאָס װעגן דער „אומנאָרמאַלקייט פֿון יידישן פֿאָלק״, „לעבנס־נויטיקייט פֿון אַ קאָנצענטרירטער עמיגראַציע״, „היסטאָרישער נויט פֿון טעריטאָריאַליזם״, „האַלב־רפֿואה פֿון קולטור־אויטאָנאָמיע״ וכדומה פּאָלעמיקע װערטער און לאָזונגען, װאָס האָבן זיך דאָרטן אַמאָל געלאָזט הערן פֿון ערב־ס.ס.ישע און ס.ס.ישע אַגיטאַטאָרן־מיילער, און איך, אני הקטן, בתוכם.

אונדזער נאָך ניט אינגאַנצן זעלבסט־באַשטימטע גרופּע פֿלעגט אָרגאַניזירן אָפּטע צוזאַמענטרעפֿן אין „באַיאַרסקי ראַי״, װעגן װעלכע מ׳פֿלעגט אָנזאָגן די חברים, ביי שטאַרקער קאָנספּיראַטיװער פֿאָרזיכטיקייט, אויף דער „בירזשע״. דער ממונה אויף דער קאָנספּיראַציע בין איך געװען, הגם כ׳פֿלעג ניט אַלע מאָל זיך אַליין קענען מתגבר זיין אויף דער יוגנטלעכער אַװאַנטוריסטישער לוסט װאָס האָט געװירט און געשפּרודלט אין מיר. ס׳איז, למשל, דערגאַנגען אַפֿילו דערצו, אַז איך האָב זיך געלאָזט אָפּפֿאָטאָגראַפֿירן ביי דעם חבר פֿון אונדזער

גרופע, יוסף רובין, וויאַזוי איך שטיי און מאַניעס רעוואָלווערל אין מיין צום שיסן אויסגעשטרעקטער האַנט...

נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם, נאָכעדעם ווי ס׳האָט זיך באַוויזן ח. נ. ביאַליקס „משא נמירוב״, פלעגן מיר אין „באַיאַרסקי ראַי״ קאָלעקטיוו לייענען אָט די אויפשטורמישע פּאָעמע און מיט דער אייגענער התלהבות, כ׳לעבן, ווי פרומע יידן זאָגן תהלים. דער „באַיאַרסקי ראַי״ איז פאַר אונדז בכלל געוואָרן אַן אמתער קלוב פאַר ליטעראַטור־שטודיעס, דאָרטן פלעגט מען פאָרלייענען און לערנען פשט אין י. ל. פּרץ׳ס „באָנטשע שווייג״ אאַוו., דאָרטן פלעגט מען זיך לערנען זינגען אברהם רייזינס „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן״ און „אַ געזינד זאַלבע אַכט״ וכדומה. נאָך קישינעווער פּאָגראָם איז אין „באַיאַרסקי ראַי״ צום ערשטן מאָל צווישן אונדז געפאַלן דאָס פאַרכשופנדיקע וואָרט „סאַמאָאָבראָנע״ (זעלבסטשוץ), די עטלעכע לערביינגלעך פון שמידן און קצבים־יאַטקעס צווישן אונדז האָבן אָנגעהויבן גרייטן אייזערנע שטעקנס און הענטשקעס, האָבן געבראַכט און געטיילט צווישן די איבעריקע חברים ווי חלפים אָנגעשאַרפטע מעסערס. ס׳האָבן זיך באַוויזן אויך „שפּייערס״, מ׳האָט זיך געלערנט שיסן, און איך בין, פאַרשטייט זיך, געווען באַזונדערס שטאָלץ אויף דעם, וואָס איך בין געווען צווישן די ערשטע צו ברענגען אַן אמתן, ווען אַפילו אַ קליינעם רעוואָלווער, מאַניעס מתנה.

און אָט איז אינמיטן 1905. אין איינעם אַ פרימאָרגן פעדערט זיך צו מיר, נאָך אַ שלאָפנדיקן, אלי־דוד׳ס און א בשורה אין זיין מויל: ער איז אָקאָרשט צוריקגעקומען פון זיין נסיעה קיין מינסק און ער האָט מיט זיך מיט־געבראַכט די „דעקלאַראַציע פון דער סיאָניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי״. מיר האָבן זיך באַלד ביידע אויף איר אַרויפגעוואָרפן ווי הונגעריקע אויף אַ געשמאַקן מאַכל־מלך און געגומען קייען די האַרבע עברי, ס׳איז אָבער געווען ניט לייכט —

האָב איך אַרויסגעזעען, אַז אַ ווערטער־בוך מוז מען האָבן ניט בלויז צו דעם רוסיש פון באָגדאַנאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע״, נאָר אויך צום יידיש פון דער דעקלאַראַציע, ווו נעמט מען אָבער אַ ווערטער־בוך דערפאַר ?...

האָבן מיר טאַקע לאַנג — צו אונדז זענען נאָך צוגעקומען עטלעכע חברים פון אונדזער גרופּע — געלערנט די דעקלאַראַציע פּונקט אַזוי, מיט די אייגענע מוח־אָנשטרענגונגען, ווי מיר פלעגן לערנען אין דער קליינער שטעטלשער ישיבה אַ שווערע גמרא־סוגיא. אַ דאַנק דער דעקלאַראַציע, און שפּעטער דעם „יידישן פּראָלעטאַריער״, האָבן מיר זיך אָבער ענדלעך זעלבסט־באַשטימט — מיר שליסן זיך אָן אין ס. ס. ! —

ס׳איז, אמת, קאַליע געוואָרן דורכדעם דער פריערדיקער „שלום־בית״ אין אונדזער גרופּע, ווייל אויך אַנדערע אין איר האָבן זיך זעלבסט־באַשטימט, אָבער ניט אין דער אייגענער פּאַרטייאישער ריכטונג ווי מיר, עטלעכע זענען אַריבער צו דער ווייסרוסישער „הראָמאַדע״, וואָס אין איר שפּיץ אין שטעטל איז געשטאַנען דעם פּריץ שניטקעס שוואָגער וולאַסאָוו, דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון דער „נאַשאַ ניוואַ״ אין ווילנע, אַנדערע זענען אַוועק צום „בונד״.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די מיטגלידער גופא פון אונדזער פריער־דיקער וועסט־אייניקער גרופּע, אַ קאָנקורענץ־קאַמף פאַר ווירקונג אויפן ראַדאַש־קאָוויצער מישטיינס־געזאַנגטן „יידישן פּראָלעטאַריאַט", דערפאַר אָבער האָבן מיר ס.ס.אָווצעס, געהאַט אַ היפּשע סאַטיספאַקציע: צו אונדז איז צוגעשטאַנען אויך אַ גויאישער חבר, דער הויכער, פעסטער שגץ גאַברוש האָט זיך דעקלאַרירט ווי אַ ס.ס.אָוויעץ נאָכדעם, ווי ער האָט זיך פריער אָנגעהערט די הייסע דיסקוסיעס צווישן אונדז און אונדזערע קעגנער אויף דער „בירזשע" און אין „באַיאַרסקי ראַי". אויך ער האָט זיך עס מיט אונדז מיטבאַטייליקט אין וויטיקן פאַר דער „ניט־פּראָלעטאַריזירונג פון די יידישע מאַסן", אין „רעגולירן די יידשע עמיגראַציע" אאוו.

דער פּאַקטישער קאַמף צווישן די ניי־געבילדעטע פּאַרטייאישע גרופּן האָט זיך צעפלאַקערט בעיקר ביים דורכפירן שטרייקן. ס'איז געווען אַ שפּאָגל־ניי וואָרט אין אונדזער שטעטלשן יידיש, דאָס דאָזיקע נייע וואָרט איז געוואָרן אַלץ געברויכלעכער און ממש קינד און קייט האָבן אים שוין איבערגעחזרט, און אַלץ פאַרוואָס? — ווייל יעדע פון די עטלעכע גרופּעס האָט זיך באַמיט דורכצופירן וואָס מער שטרייקן און דורכדעם אַריינציען מער אַרבעטער אין אירע „רייען". מיר, די ס.ס.־ישע גרופּע האָבן דורכגעפירט אַ שטרייק פון די געהילפן ביי די קצבים (געווען אַזעלכע אַ קנאַפּע מנין) און שניידער־אַרבעטער. ס. ס. איז געוואָרן פּאָפּולער אין שטעטל, פון אַלע זייטן האָט מען געטייטלט מיט די פינגער אויף אלי־דוד'ס, זיין ברודער הירשל און לייבע יודע־פייגלס, די אַקטיווסטע שטרייק־פירער אונדזערע, ווי אויף געפערלעכע „ציציליסטן". אַפילו סטיאַפּקע דער פּאַליציאַנט האָט שוין געוווסט זייערע נעמען און פלעגט זיי ניט איין מאָל אָפּשטעלן אין גאַס, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט צו דער „בירזשע":

— אַ, סוקיני סיני, שוין ווידער מאַכן אַ „זאַבאַסטאָווקע"?...

אויף מיר איז דאַמאָלס אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אויפגאַבע, איך זאָל פאָרן אין נאָנטן שטעטל האָראָדאָק און דאָרטן אָרגאַניזירן אַ גרופּע ס. ס.

האָראָדאָק האָט זיך גערעכנט אין אונדזער סביבה ווי אַ פעסטונג פון „בונד". ווי־אַזוי זשע וועל איך עס, אַ 15־יאָריקער ייִנגל, זיך אַן עצה געבן ביים אויספילן די אויפגאַבע, וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן? — איך האָב די אויפגאַבע אויף זיך פאָרט גענומען מיט דער גאַנצער יוגנטלעכער געוואַגטקייט וואָס האָט געזידירט אין מיר. אין האָראָדאָק האָט דאַמאָלס געווינט מיין שוועגעריך, די פרוי פון מיין עלטערן ברודער דעם משכיל, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. האָב איך זיך באַזעצט ביי איר און זיך פאַרנומען מיט געבן העברעישע און רוסישע לעקציעס. מיט דעם בין איך אָבער געווען פאַרנומען בלויז ביז די אָוונט־שעהן, און פון די אָוונט־שעהן ביז שפּעט ביי נאַכט האָב איך באַקעמפט דעם „בונד" געפירט אינדיווידועלע ויכוחים, אַרויס־געטראָטן אויף עפנטלעכע דיסקוסיעס אין וואַלד, און זאָל עס מיר ניט פאַררעכנט ווערן ווי אַ חטא: איך פלעג אַרויסטרעטן אָפט קעגן עלטערע חברים־בונדיסטן, וואָס האָבן געוווסט אַ סך מער ווי איך. און איך ווייס ניט אין וואָס פאַר אַ זכות, איך האָב אָבער געהאַט דערפאָלג, אינגיכן איז דאָרטן געבילדעט געוואָרן א

ס.ס.ישע גרופע, וועלכע איז פון אָנהויב געווען פאַרבונדן מיט דער ראַדאָשקאָוויצער גרופע און שפעטער דירעקט מיט דעם צענטער אין מינסק. מיט דעם אייגענעם צוועק צו אָרגאַניזירן ס.ס.־גרופן בין איך דאַמאָלס געווען עטלעכע מאָל אין וואָלאָזשין און צוגעצויגן עטלעכע חברים אַזש פון דער באַרימטער ישיבה אַרויס. כ׳בין עס, הייסט עס, געוואָרן כמעט אַ פּראָפעסיאָנעלער ס.ס.׳ישער אַגיטאַטאָר.

נאָך אַ יאָר זיין אין האָרדאָק בין איך צוריק געקומען קיין ראַדאָשקאָוויץ און דאָרטן, צו מיין פרייד, געפונען אַ שטאַרק־אויסגעוואַקסענע ס.ס.ישע אָרגאַניזאַציע, מיט העניע מאַנדלס אין דער שפּיץ. (אלי־דוד׳ס איז אינצווישן אַפּגעפאָרן קיין אַמעריקע). אָט די העניע מאַנדלס, אַ בייטאָרין לויטן פאַך, אַ בעל־הבתישע טאָכטער, האָט פאַר דעם געלעבט עטלעכע יאָר אין מינסק און פון דאָרטן מיטגעבראַכט רעוואָלוציאָנער־פאַרטייאישע אויסשולונג און ווייסן. אין שטעטל איז זי געווען באַרימט מיט דעם נאָמען „צאַריצאַ", ווייל יידענעס אויף די פריזבעס פלעגן זיך וויצלען אויף איר חשבון און זאָגן:

— זי וויל ניט ניקאָלאַיען פאַר אַ קיסר. זי וויל אַליין ווערן אַ „צאַריצאַ"...

און די „צאַריצאַ" האָט טאַקע „געקיניגט" אין שטעטל ביד רמה. צו איר פלעגט מען עס קומען אַפילו מיט כלערליי סכסוכים צווישן מאַן און ווייב, צווישן געשעפטס־לייט, וואָס דעם רבס דין תורה האָט ניט צופרידן געשטעלט די צדדים. העניע די „צאַריצאַ" איז, אַזוי אַרום, געוואָרן אַפילו אַ קאָנקורענטין פון רב...

איך האָב זיך לאַנג אין ראַדאָשקאָוויץ ניט אויפגעהאַלטן, איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין מינסק, און צוויי צוועקן האָב איך געהאַט דערביי — גרייטן זיך ווי אַן עקסטערן צו מיטל־שול־עקזאַמענס און זיין פאַרטייאיש־טעטיק. שוין ניט מער אין אַ העק, נאָר טאַקע אין אַן אמתן צענטער. העניע די „צאַריצאַ" האָט אָבער באַוויזן אַרויפלייגן אויף מיר, אין דער צייט פון מיין קורצן אויפהאַלט אין שטעטל, די אויפגאַבע צו פאַרטרעטן אונדזער גרופע אין אַ דיסקוסיע מיט אַ פּועלי־ציוניסטישן געקומענעם טוער, אַ חריף און בקי, שמואל רודניצקי האָט ער געהייסן, געקומען צו אונדז פון ווילייקע. די פּועלי־ציוניסטישע באַוועגונג איז נאָך דאַמאָלס ניט געווען אויסגעקריסטאַליזירט, ס׳האָבן ערשט געהאַלטן אין בילדן זיך פאַרשידענע באַזונדערע „טאָלקן" אין כלערליי ערטער. שמואל רודניצקי האָט גערעדט אין נאָמען פון עפּעס אַ פאַרטייאישער פאָרמאַציע „פּועלי־ציון לאומיים". ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ גאַנצע 20 יאָר, האָט מיך מיט זיינע ידיעות געקענט פאַרשטעקן אין גאַרטל, האָט נאָך דערצו פאַרמאָגט אַ זעלטענע רעדנער־קראַפט, זיין רעפעראַט אין „באַיאַרסקי ראַי" — געדענקט איך — האָט ממש באַצויבערט די פאַרזאַמלטע. די „צאַריצאַ" איז געווען אין פאַרצווייפלונג, האָט מיר מיט אַ ציטעריקן קול אַריינגעשושקעט:

— זע, ישראל, מיר זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן!...

און איך בין עס קעגן אים אַרויס ווי אַ קליין דודל קעגן אַ ריזן־גלית. מער ווי גלאַטינקע שטיינדלעך, שווער צעקייטע אמתן פון דער „דעקלאַראַציע" האָב איך ניט פאַרמאָגט אין מיין רשות, כ׳האָב אָבער פאַרמאָגט פייערדיקע יוגנט־התלהבות, און די האָט געוואונען. מיר זענען אַרויס זיגער פון דעם ניט־

גלייכן צוויי־שטרייט, אַזוי בכל־אופן האָט עס אויפגענומען דער פאַרזאַמלטער עולם.

איך בין אַוועקגעפאָרן קיין מינסק מיט סך־הכל דריי רובל, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן (דער טאַטע איז געווען קעגן מיין נסיעה — „ער וועט דאָרטן אינגאַנצן ווערן אויס־מענטש" — האָט ער שוואַרצע נבואה געזאָגט) און מיט די ברכות פון העניע דער „צאַריצא".

## ג.

# אין מינסק.

מיין ערשטער פאַרבינדער מיט דער פאַרטיי־אַרבעט, פון וועלכער עס האָט אויף מיר געווייט מיט חשיבות און דערהויבונג, אין גרעסערן צענטער איז געווען דער חבר ראובקע בלאָך, דער אייגענער וואָס איך האָב אים קענען געלערנט נאָך אין ראַדאָשקאָוויץ, ווען ער איז אַהין געקומען צו אונדזער דאָרטיקער גרופּע ווי אַ פאַרשטייער פון צ. ק. ער האָט עס מיר דאָן צוגעגעבן מוט אַריבער־צופאָרן קיין מינסק „צו ברענגען גרעסערע נוצן". ס'איז געווען אַ פלאַמיקער רעדנער און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. די ערשטע עליה, מיט וועלכער מ'האָט מיך אין מינסק מכבד געווען ביי זיין אַריינמישונג איז געווען אָנצופירן מיט גאַנצע צוויי קרייזלעך פאַר אַלגעמיינער בילדונג, ד.ה. לערנען לייענען און שרייבן יידיש און רוסיש, אַ קרייזל פון פאַבריק־מאַכערס און שניידערקעס, אַלע חברטעס פון ס.ס. דער צופאַל האָט, אַלזאָ, עס געמאַכט, אַז מיין פאַרטייאישע אַרבעט זאָל פאַרפלאָכטן ווערן מיט פעדאַגאָגישער אַרבעט, יענע אַרבעט וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין פאַך־טעטיקייט. איך האָב אין די דערמאָנטע קרייזלעך געמוזט מאָביליזירן מיין גאַנצע פעדאַגאָגישע אינטואיציע, — כ'האָב דאָך אין יענער צייט אַפילו קיין אָנונג ניט געהאַט וועגן דער מעטאָדישער זייט פון לערנען אַנדערע בכלל און לערנען לייענען און שרייבן בפרט. כ'האָב, פאַרשטייט זיך, „געטאַפּט אַ וואַנט"; איינס, געדענק איך, האָט מיר מיין אינטואיציע געהאָט אונטערגעזאָגט לטובת דורכוואַרפן אַ בריק צווישן דער אַלגעמיינער און ספּעציעל־פאַרטייאישער בילדונג אין מיינע קרייזן: כ'האָב פאַר אַ מאַטעריאַל צום לערנען לייענען גענומען פאַרטייאישע פּראָקלאַמאַציעס... מיר האָבן אויך געלייענט און אַנאַליזירט פאַרשידענע נאָוועלן פון דער יידישער ליטעראַטור, יענע, פאַרשטייט זיך, וואָס האָבן געקענט אויסגענוצט ווערן אויף וועקן קלאַסן־באַוווסטזיין און פאַרמיאוסן דעם פנים פון עקספּלואַטאַציע און בורזשואַזיע. פּרץ'עס „דריי בייטאָרינס", למשל, זענען אַ צייט לאַנג ניט אַראָפּ פון אונדזער לערן־„פּראָגראַם".

ס'איז, אַגב, סיי פאַר מיר פערזענלעך און סיי פאַר דער יידיש־סאָציאַ־ליסטישער פאַרטיי־באַוועגונג בכלל אין אָט די בילדונגס־קרייזלעך פון אָט דעם מין געווען עפּעס ווי אַ פאָר־שטאַפּל, אַ נאָך ניט באַוווסטזיניקע און ציל־געריכטעטע הקדמה צום שפּעטערן ענערגיע־פאַרווענדן אויפן געביט פון אַ יידישן שול־וועזן.

די קרייזלעך זענען געווען אַ וואַנדערנדיקער „שול" — יעדעס מאָל פלעגן מיר זיך אויפזאַמלען אין אַן אַנדער שטוב, דאָס־רוב אין אַ קעלער — אָדער אַ דאַך־שטיבל, צוליב טעמים פון קאָנספּיראַציע, וואָרעם הגם ס'איז געווען אייגנטלעך אַ גאַנץ־אומשולדיקער ענין צו זיצן „על התורה ועל העבודה" ביים לערנען לייענען און שרייבן אַ גרופּע פון אַ 10־8 תּלמידות, וואָלט דאָך געווען אומגעוווּנטשן, אַז עפּעס אַ פּאָליציאַנט זאָל פּלוצים דערזען די בייע סיסטעם פון לערנען, וויאַזוי מ'פאַרבייט אַ געוויינלעכע כרעסטאָמאַטיע מיט פּראָקלאַמאַציעס און דינע פּאַפּיראָס־פּאַפּיר־ביכלעך מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט... גאָר אָפט פלעגן מיר אונדזער לערן־שול אַריבערטראָגן פון דער יבשה גאָר אויפן וואַסער, מיר פלעגן זיך אַוועקלאָזן „לאָדקעווען" איבערן מינסקער טייך, פלעגן דאַמאָלס אָפּדינגען די שיפלעך אויף אינגאַנצן־אייגענעם געברויך, ד. ה. בעמען אויף זיך אַליין דעם פּראַוון מיט די וויעסלעס, און אַלץ צוליב דעם, ס'זאָל ניט זיין קיין פרעמד אויג מיט און איבער אונדז, פלעגן מיר זיך אין טייך האַלטן עטלעכע פול־אָנגעפּאַקטע שיפלעך איינע נעבן דער אַנדערער — און עס איז געווען אַ שווימנדיקע „שול". דעם אייגענעם שווים־סיסטעם פלעגט מען, אַגב, אָפט אויסנוצן אויך ביי אַלגעמיינע, שוין ריין פּאַרטייאישע פאַרזאַמלונגען, מ'פלעגט דורכפירן דיסקוסיעס, פּלאַמיקע רעפעראַטן אאַוו., און טאָמער פלעגט עס, חלילה, ווערן אויפפאַלנדיק עפּעס אַ אויסשפּירערישן, פאַרדאַכטנדיקן פּאָליציסט, און יענער פלעגט זיך לאָזן, אויך אויף אַ שיפל, דערנענטערן צו אונדז, פלעגן מיר באַלד אויסברעכן אין אַ כשרן שטיף־יוגנטלעכן כאָר־געזאַנג פון „פּאָליוביל יאַ יעיאַ, פּאָליוביל גאָריאַטשאַ", און זאָל ער אונדז רופן קנאַקניסל...

ביי יעדער פאַרטיי־אַרבעט, דירעקטער צי אומדירעקטער, האָט מען געמוזט שטיין אויף דער וואַך מיט פאַרשאַרפטער פאָרזיכטיקייט, חברים פלעגן אין דעם פּרט אַרויסווייזן גרויסע מייסטערשאַפט, ביז איינמאָל, אַ שטייגער, ווען אַ פּאָליציסט פלעגט אויסגעפינען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג אין ערגיץ אַ שטוב, האָט זיך פאַר זיינע אויגן פּלוצים אַנטפּלעקט אַ פריילעכע חתונה מיט אַ חתן־כלה אינמיטן, און זאָל ער גיין האָבן טענות קעגן יוגנט וואָס פרייט זיך אויף אַ חתונה... און אַמאָל פלעגט זיך אַזאַ געהיימע פאַרזאַמלונג פּלוצים פאַרוואַנדלען גאָר אין אַ נחום־אבלים־צוזאַמענטרעף, איינער פון די פאַרזאַמלטע פלעגט זיך אויף שנעל אַ וואַלגער טון אויף אַ נידעריקן בענקעלע אין אַן עק פון שטוב און פלעגט אַפילו אויסברעכן אין אַ שטאַרקן געוויין, — דעם פּאָליציסט פלעגט מען אריינשושקען אין אויער ערשט נעכטן געשטאָרבן ביי אָט דעם יונגנמאַן, נעבעך, זיין מוטער, דערהאַלטן אַ טרויעריקע ידיעה וועגן אומגליק פון אַן אַנדער שטאָט, ווו זיין מוטער האָט געוווינט (געהאַט אין זינען אַפילו אַזאַ פאָרזיכטס־פּרט — דער פּאָליציסט זאָל ניט פּרווון קאָנטראָלירן: אפשר איז די „געשטאָרבענע" מוטער גאָר דאָ צווישן עולם...), געבליבן, נעבעך, אַ יתום...

אין די טעג ווען די קרייזלעך האָבן ניט געאַרבעט פלעגן מיר, אויך מיר, די תּלמידות מיינע און איך, פאַרברענגען די אָוונטן אויף דער פאַרטיי־„בירזשע", וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פון „טערק" (קאָנדיטעריי) ביז דעם יידישן שפּיטאָל

(געהייסן „הקדש״, הגם געווען אַ מאָדערן־איינגעריכטעטער מוסטער־שפּיטאָל) אויף גובערנאַטאָרסקע גאַס. דאָרטן פלעגן עס איבערגעגעבן ווערן אַלע פּאַרטיי־אישע אינפאָרמאַציעס, אינסטרוקציעס און די פּאַרטיי־ליטעראַטור. ניט איין מאָל פלעגט אויף אַט דער בירזשע אויסברעכן אפילו אַ קריג און אַ געשלעג צווישן ס.ס.אָווצעס און זייערע קעגנער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע אייגענע „בירזשעס״ אין אַנדערע גאַסן, נאָר ויכוחים־ברען און דער רצון צו „באַאַרבעטן״ און צו איבערפּראָפּאַגאַנדירן ס.ס.אָווצעס אַז זיי זאָלן אַריבער אין אַן אַנדער פּאַרטיי פלעגט ברענגען די קעגנער צו אונדז אויף דער „בירזשע״.

געווען נאָך אַנדערע טרעף־פּונקטן פאַר פּאַרטייאישע ענינים, כשרערע און זיכערע, פון די זאָלן דאָ דערמאַנט ווערן צוויי, וועלכע פלעגן אויסגענוצט ווערן פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין שטאָט, באַזונדערס אָבער פון ס.ס.; זענען זיי געווען צופעליק אויף איין גאַס — פּרעאָבראַזשענסקע: ר׳ מאיר האַלפערנס בוכגעשעפט, דווקא א געשעפט פון רעליגיעזע און משכילישע ספרים, וווהין ס׳פלעגן בדרך־כלל אַריינקומען מענטשן ווייטע פון סאָציאַליזם — לומדים און העברעישע שרייבער (ס׳איז געווען אַן אייגנאַרטיקער לומדיש־משכילישער ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער „קלוב״, ווו ס׳פלעגן זיך לאָזן הערן כסדר ערנסטע און טיפע דיספּוטן אויף כלערליי חשובע וואָכיק־ליטעראַרישע און רעליגיעז־לומדישע תורה־סוגיות) און, להבדיל, די שטאָטישע פּושקין־ביבליאָטעק. די פאַר־וואַלטערין פון אָט דער ביבליאָטעק איז דאַמאָלס געווען די שפּעטער באַקאַנט־געוואָרענע, סאָציאַליסטקע יעווגעניע אַדאָלפאָווגא גורעוויטש (די שוועסטער פון א. ליטווין).

האָבן זיך אויך די יונגע יידישע (און ניט־יידישע) סאָציאַליסטן צוגעטוליעט צו אָט די ביידע פּונקטן, אריינגיין אַהין מיכלומרשט אויף אַריינקוקן אין אַ ספר, באמת אָבער צוליב גאָר אַנדערע צוועקן — איבערצוליפערן איינער דעם אַנדערן אומלעגאַלע ליטעראַטור, אָפּריידן וועגן אַ געהיימער פאַרזאַמלונג, וועגן דער צוגרייטונג צו אַן ערשטן־מאַי דעמאָנסטראַציע, וועגן דער טאַקטיק פון אַ ווייטער־געפירטן שטרייק וכדומה. „דאָרטן — האָט מען געהאַלטן — איז מען זיכערער, ווי ערגעץ־ווו אַנדערש״. „פּאָליציי וועט ניט איינפאַלן דאָרטן צו זוכן״.

און אַ שטיק צייט איז טאַקע אַזוי געווען. ביז דער פּאָליציי איז ענדלעך יאָ איינגעפאַלן — און געליטן האָט, נעביך, ר׳ מאיר האַלפערן, און געליטן טאַקע צוליב אונדזער ס. ס. און די מעשה איז געווען אַזאַ: אונדזער אַ ס.ס.אָווען, — מ׳האָט ביי אונדז געשמועסט נאָכדעם, אַז דאָס זאָל האָבן געווען דער אויבנ־דערמאַנטער ראובקע בלאָך, דער זון פון יידישן „הקדש״־שפּיטאָל־פאַרוואַלטער, — האָט געהאַלטן אַ פּעקל אומלעגאַלע ליטעראַטור, אַריינקומענדיק אין ר׳ מאיר האַלפערנס בוכהאַנדלונג, איז מיט אַמאָל אָנגעקומען אַהין פּאָליציי, האָט ער פאַרשטעקט זיין פּעקל ערגעץ צווישן די גראָבע, יוסטע ספרים וואָס אויף די אָנגעפּראָפּטע פּאָליצעס — און האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן. פּאָליציי האָט געמאַכט אַן „אָביסק״ אין דער בוכהאַנדלונג און, פאַרשטייט זיך, אויסגעפונען דעם טריפהנעם פּעקל, וואָס ר׳ מאיר האָט צו אים ניט געהאַט קיין שייכות. ר׳ מאיר איז געוואָרן אַרעסטירט. ס׳איז געוואָרן אַ טומל אין שטאָט, צווישן די חשובע

יידישע עסקנים: ר׳ מאיר איז דאָך בכלל געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטן. היינט ווי קומט עס ער זאָל ווערן אַרעסטירט גאָר פאַר סאָציאַליזם? דערצו נאָך איז ער אַ שוואַכער, אַלטער מאַן, ווי וועט ער עס גיין זיצן אין טורמע? ער וועט דאָך עס, חלילה, ניט אויסהאַלטן... האָט מען אָנגעהויבן שתדלען און ס׳איז געלונגען צו פועלן, אַז אַנשטאָט אין טורמע זאָל מען אים אריינזעצן „אונטער אַרעסט" אין יידישן שפּיטאָל אריין. האָט זיך באַקומען, אַז די שטראָף איז געווען טאַקע אויך אין אַ געוויסער פאַרבינדונג מיט דעם חטא־פאַראורזאַכער:

דעם שפּיטאָל־פאַרוואַלטערס זון האָט עס געהאַט גורם געווען צו ר׳ מאיר׳ס אַרעסט, האָט דער פאָטער פון גורם־חטא ועונש מיטגעהאָלפן, אַז ר׳ מאיר זאָל זיין שטראָף אָפּקומען אין אַ פאַרלייכטערטער מאָס טאַקע ביי אים, אין דעם שפּיטאָל וואָס ער פאַרוואַלטעט...

אגב, זיצנדיק דאָרטן, אין שפּיטאָל, אונטער הויז־אַרעסט, האָט ר׳ מאיר האַלפערן באַוויזן אויפצוטון אַ זאַך, וואָס איז אַן אוניקום־דערשיינונג צווישן וויסנשאַפטלער: ער האָט דאָרטן אינגאַנצן ע״פּ־זכרון (מ׳האָט אים דערלויבט צו באַנוצן זיך מיט פּאַפּיר און טינט, מ׳האָט אָבער שטרענג פאַרבאָטן, ער זאָל האָבן אויך ביכער ביי זיך) פאַרפאַסט זיין באַרימטן „ספר הכנויים והנוטריקון" — אַ גענויע זאַמלונג און אויסטייטשונג פון אַלע ראשי־תיבותן, וועלכע ווערן באַנוצט אין דער אַלטער און נייער העברעישער ליטעראַטור, מיט פאַרפאַסן אַט דעם וווּנדערלעכן ספר האָט ר׳ מאיר געהאַט פאַרטריבן דעם אומעט און די לאַנגווייליקייט, וואָס זענען אים אָנגעצווונגען געוואָרן אין זיין אַרעסט.

פון די ס.ס.ישע טוער וועלכע זענען אין יענער צייט געווען טעטיק איך מינסק, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן נאָך „סאָניע די שיינע" — איר אמתער נאָמען איז געווען סאָניע שור, אַ שלאַנקע זעלטענע שיינהייט, וואָס ס.ס.ישע יונגעלייט האָבן זיך מיט איר געגרויסט, אין דער פּראַקטישער אַרבעט האָט מען זי, אמת, ווייניק געפילט, זי איז, ווייזט אויס, אויך ניט געווען קיין טעאָרעטישע קראַפט, זי איז אָבער געווען אַ רעפּרעזענטאַטיווע פיגור, און מאָטל רודענסקי (איצט אין אמעריקע). פון די עלטערע „מינטשוקעס" (מינסקער פועלי־ציון), וואָס האָבן זיך שפּעטער צונויפגעגאָסן מיט ס.ס.: לאַפּידוס, רובענטשיק, שיינהויז און „חייקע די שוואַרצע" — שפּעטער שעלובסקא, אין אמעריקע. — איך האָב נאָר געהערט איר נאָמען וואָס פלעגט דערמאָנט ווערן מיט אַנערקענונג און אַכפערונג פאַר איר גוטן, „מאַנסבילישן" קאָפּ און פאַר אירע גרויסע פאַרדינסטן; איך האָב זי אָבער קיינמאָל ניט געזען פנים אל פנים אזוי, אז איך בין אפילו ניט זיכער, צי איז זי דאַמאָלס נאָך געווען אין מינסק אָדער גאָר מ׳האָט בלויז גערעדט, אַז זי איז מיט אַ צייט צוריק געווען דאָרט. אַ פאָר מאָל איז צו אונדז אַראָפּגעפאָרן דער חבר בערל (משה גוטמאַן); איינמאָל איז, דאַכט זיך, געקומען אויך דער חבר איסאַק (ראגאלסקי, איצט אין אַרגענטינע), אַ גלענצנדער רעדנער. גאָר אינגיכן האָב איך זוכה געווען, מ׳זאָל מיך אַריינגעמען אין צ.ס. — צענטראַלע סכאָדקע, די העכסטע אינסטאַנץ פון דער אָרגאַניזאַציע. „אַ שטיקל" צ. ס. — אַזוי פלעגן זיך רופן חברים — א מין פיליע פון דער אַלגעמיינער צענטראַלער

סכאַדקע האָבן מיר אָבער געהאַט אויך אין דער וווינונג (גובערנאַטאָר־פּלאַץ, אין דער דירה פון קאַנטאָראָוויטש, די מוטער פון נחום קאַנטאָראָוויטש, וואָס איז שפּעטער געווען צווישן די פירנדיקע פערזאָנען פון די „צעירי־ציון" אין פּוילן און דער רעדאַקטאָר פון זייער צענטראַל־אָרגאַן „באַפרייאונג־אַרבעטער שטימע". אָט דער נחום קאַנטאָראָוויטש האָט מיר שפּעטער ניט איינמאָל עדות געזאָגט, אַז זיין ערשטע השפּעה אין סאָציאַליזם האָט ער געהאַט גענאָסן נאָך יינגלווייז פון אונדז, די איינוווינער פון זיין מאַמעס אין דער דירה) ווו מיר האָבן געוווינט זאַלבעדריט: איך, ישראלקע דער קאַזשעוועניק, אַ פלאַמיקער ס.ס.אָוויעץ, וואָס איך האָב געהאט אַנטדעקט נאָך פריער, בשעת מיין נסיעה פון האָראָדעק קיין וואָלאָזשין, און סענדער שפּירא דער פּריקאָזציק. מיר האָבן געוווינט אין אַ בוידים־שטיבל, ביי אונדז פלעגט אָבער שטענדיק זיין פול־געפּאַקט פון חברים, וואָס פלעגן דיסקוטירן רווישיק, ניט לאָזן שלאָפן דער בעל־הביתטע און די שכנים. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ שטיקל קאָמונע — אַ „כיס אחד לכולנו". כ'מוז אָבער צו מיין חרפּה מודה זיין, אַז איך בין עס צווישן די דריי געווען דער „פּאַראַזיט" — פון די לעקציעס וואָס איך האָב געגעבן זענען מיר פאַרבליבן בידנע גראָשנס, ווייל איך האָב דאָך באַדאַרפט צאָלן מיינע לערער, וואָס האָבן מיך געגרייט צו מיינע עקסטערן־עקזאַמענס. דער גרעסטער פאַרדינער אין אונדזער קאָמונע איז געווען ישראלקע דער קאַזשעוועניק, ער האָט אָבער געהאַט אַ ברייטע האַנט און האָט מיט אמתער חברשאַפט אויסגעהאַלטן זיינע צוויי קאָמונע־שותּפים, ווי בכלל אַלע חברים, אין אַ גאָר־גרויסער צאָל, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף און זיך אַפילו ניט געווענדעט צו אים. ס'איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש אָט דער ישראלקע, אַ לעבנסלוסטיקער, אַ מענטש אָן אַ גאַל, אַן אידעאַ־ליסט פון דער העכסטער מדרגה, אַן אומרויקע, זוכנדיקע נאַטור, אַ גאַנצער זעלישער געפלעכט פון קעגנזאַצן, וואָס זענען אָבער צוזאַמענגעקומען אין איין פאָקוס: קריסטאַל־ריינע אָרנטלעכקייט און גוטסקייט. ער האָט געמעגט און באַדאַרפט דינען פאַר אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטער פּסיכאָלאָגישער אונטער־זוכונג: אַזוי פיל פאַרשידענע, ווי אין קעגנזייטיקער סתירה זיך געפינענדיקע ראַדיוסן פון איין זעלישן צענטר געצויגן... ער, וואָס האָט בעצם ניט געקענט אַנרירן אומזיסט, סתם אזוי זיך, אַפילו אַ פליג אויפן וואַנט, איז שפּעטער מיט יאָרן — ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבן — באַגאַנגען אַ מאָרד און דערביי נאָך אויף אַזאַ אויסערגעוויינלעך־אכזריותדיקן אופן, — זיצנדיק אין מינסקער טורמע שוין ווי אַן אַנאַרכיסט (אונטער קאַליע טעפּערס ווירקונג איז ער שפּעטער אריבער פון ס. ס. צו די אַנאַרכיסטן, ער איז, אַגב, ניט געווען דער איינציקער, וואָס קאַליע טעפּערס ממש מאַגישע השפּעה האָט אַרויסגעצויגן פון ס. ס., ווי אויך פון אַנדערע פאַרטייען, און מיטגעשלעפּט מיט זיך צום אנארכיזם — אַזאַ איז געווען אויך דער חבר קריל פון שטעטל גלובאָק, אַ שוסטער לויטן פאַך און איינער פון אונדזערע טרייסטע חברים פון צווישן דער עכטער אַרבעטער־מאַסע), האָט ער זיך אַריינגעריסן אין דער איינצל־קאַמער פון אַן אַנטדעקטן פּראָוואָקאַטאָר און אים געקוילעט מיט אַ שטיק גלאָז פון צעבראָכענעם פענסטער... ער איז פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע קיין סאַכאַלין און וואָס מיט אים איז געוואָרן

איז פאַרבליבן פאַרהוילן פון מיר עד היום הזה. ס׳איז, אגב, זייער כאַראַקטע־ריסטיש פאַר אים און פאַר דער צייט בכלל וויאַזוי ער איז געוואָרן אַ קאַזשעווניק, וויאַזוי ער האָט זיך עס פּראָלעטאַריזירט: געווען פריער אַ ישיבה־בחור אין וואָלאָזשין, און דווקא איינער פון די בעסטע, אַ מתמיד און אַ חריף און בקי, האָט ער אָבער — נאָכדעם ווי דער השכלה־גייסט האָט זיך אויך צו אים דערטראָגן — איבערגעלייענט א. ז. ראַבינאָוויטשעס העברעישן ראָמאַן „בת העשיר", ווו ס׳ווערט דערציילט וויאַזוי אַ יידישער אינטעליגענט האָט באַשלאָסן אונטער לעוו טאָלסטאָיס ווירקונג און לויט טאָלסטאָיס אייגענעם מוסטער צו ווערן אַ פּשוטער אַרבעטער, בכדי צו לעבן מיט און צווישן די ליידנדיקע, און האָט אויך אליין באַשלאָסן נאָכצוטון דעם ביישפּיל פון ראַבינאָוויטשס העלד אין אָט דעם ראָמאַן, באַזונדערס שטאַרק און קאָנקרעט איז ביי אים געוואָרן אָט דער באַשלוס זיינער ווי ער איז נאָר געוואָרן אַ ס.ס.אָוויעץ, ער האָט מיר וועגן דעם אַליין. דערציילט אין איינעם פון אונדזערע לאַנגע נאַכט־שמועסן אין אונדזער בוידים־שטיבל:

— אַז איך האָב זיך נאָר דערוווּסט וועגן דעם, אַז אונדזער הויפּט־צרה, אונדזער הויפּט־שטער צום סאָציאַליזם און צו אַ נאָרמאַלער ווירטשאַפט און קלאַסן־קאַמף ווי ביי לייטן גלייך איז אונדזער ניט־פּראָלעטאַריזאַציע, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך מוז זיך אַליין פּראָלעטאַריזירן, ווערן אַן אַרבעטער און דווקא אין אַ פאַבריק. קיין אַנדער און גרעסערע פאַבריק ווי אַ גאַרבאַרניע האָב איך אָבער ניט געפונען אין דער נאָענט, איך בין צו דעם צוועק אפילו איבער־געפאָרן פון וואָלאָזשין, מיין געבורטס־שטעטל, קיין סמארגאן, וואָס האָט זיך גערעכנט אין אונדזער גאַנצער געגנט ווי אַ וויכטיקער צענטער פון דער לעדער־אינדוסטריע.

ס׳איז אָנגעקומען אָקטאָבער 1905 מיט זיינע פריער וועסט־צעפליגעלטע האָפענונגען און מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן אויפברויז און גאָר אינגיכן — אוי וויי! — מיט דער ביטערער מפּלה־אַנטוישונג, אין מינסק בכלל און אין אונדזער ס.ס.ישער אָרגאַניזאַציע בפרט, און אין אונדזער דאַך־שטיבל פון דער דרייער־קאָמונע בפרט שבפרט, האָט עס געקאָכט און גערוישט. ביי מיר פערזענלעך: וואָס מיר עקסטערן־עקזאַמענס, ווער מיר געבן און נעמען לעקציעס? מ׳האָט זיך באַטייליקט אין ספּאָנטאַנע און אין אָרגאַניזירטע און פון פריער באַשטימטע דעמאָנסטראַציעס, אין גרויסן מינסקער „סקווער" (שטאָט־גאָרטן, פאַרן טעאַטער) און אין קליינעם „סקווער" אויפן גובערנאַטאָר־פּלאַץ פלעגט אויפהויבן רויטע פאָנען זיין כמעט אַזאַ געוויינלעכע זאַך ווי אָטעמען. אַלע טעג און אַלע אָוונטן ביז שפּעט אינדערנאַכט באַראַטונגען, פאַרזאַמלונגען, און שוין ניט אין קאַמערוי־קער וואַלד, ניט אין געהיים, נאָר טאַקע אָפן, אין די כלערליי בתי־מדרשים פון שטאָט, און נאָכעדם פלעגן זיך, די דריי קאָמונע־חברים מיט נאָך אַסך אַנדערע ביי אונדז פאַרזעצן די זודיקע שמועסן און ויכוחים אין אונדזער דאַך־שטיבל, ס׳איז פאַר אונדז געווען אַ מין „נאָכקור" אַזאַ נאָך די טעג און נעכט צווישן גרויסן אויפגערודערטן און האָפענונגס־פולן עולם וועלכע האָבן מיט זיך געטראָגן היילונג. זענען אָבער אינגיכן אָנגעקומען די שווערע נאָך־מפּלה־טעג פון סוף

1905 מיט דער אַלגעמיינער שווערער רעאַקציע אין גאַנצן לאַנד און מיט די ווילדע פּאָגראָמען ספּעציעל אויף יידן. ס'האָט אַ מבול געטון מיט אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען אויף די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ וואָסערע ס'איז שייכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך אונדזער דאַך־שטיבל פון אונדזער דריי־קאָמונע איז ניט אויסגעמיטן געוואָרן — אין איינער אַ נאַכט איז דאָס גאַנצע הויז אויף דעם גובערנאַטאָר־פּלאַץ ארומגערינגעלט געוואָרן מיט פּאָליציי, אין אונדזער דאַך־שטיבל און אין דער גאַנצער דירה איז דורכגעפירט געוואָרן אַ שטרענגער „אָביסק", — צום גליק זענען בשעת־מעשה אין אונדזער שטיבל געווען בלויז די דריי איינוווינער זיינע, אָן זייטיקע געסט פון צווישן די איבעריקע חברים, מיט וועלכע ס'פלעגט, ווי געזאָגט, דאָס רוב שוויבלען און גריבלען אין אָט די ענגע ד' אמות פון אונדזער קאָמונע. צו קיין גרויסן רכוש האָט דאָס מאָל די פּאָליציי ניט זוכה געווען אין אָט דעמדאָזיקן נאַכט־פאַנג אירן: סך־הכל צוויי זאַכן האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די „אָביסק"־דורכפירער, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויך אַ „אַוטשאַני יעווריעי", אַ יידל — אַ טיף־פאַרזונקענער אין זיין ווינטערדיקן קראַגן, הפנים כדי מ'זאָל אים שפּעטער ניט קענען לייכט דערקענען, די יידישע „שפּיקעס" האָבן דאַמאָלס נאָך מורא געהאַט פאַר אַ בייז אויג! — אַ יידל, וואָס האָט איבערגעלייענט און אויסגעטייטשט פאַר דעם פּריסטאַוו אַלץ וואָס האָט געהאַט אין זיך, צווישן די געפונענע מאַטעריאַלן, יידישע אותיות, אָט די צוויי זאַכן זענען געווען: אַ פּאָר העקטאָ־גראַפירטע עקזעמפּלאַרן פון דעם הומאָריסטישן זשורנאַלכל „בעור־חמץ", וואָס איך מיט ישראלקע דעם קאָזשעווניק פלעגן אַרויסגעבן — ביי אייגענער איניציאַטיוו און אחריות, פּשוט צוליב זיך לאָזן וויל־גיין; און אָט דעם זשורנאַלכל, וואָס מיר פלעגן פאַרטיילן אויף אונדזער ס.ס.ישער און אַנדער־פּאַרטייאישע „בירזשעס" פלעגן מיר אויסלאַכן אלע שוואַכע זייטן פון יענער פּאַרטייאישער אַרבעט אין מינסק, אַממערסטן פלעגן, פאַרשטייט זיך, אַריינכאַפּן די קעגנערישע פּאַרטייען. קיין אָפענער „קראַמאלע"־מאַטעריאַל איז אין אָט די בלעטלעך ניט געווען, און... מיין פּאַספּאָרט. בשעת דער פּריסטאַוו האָט דערזען מיין פּאַספּאָרט פאַר זיינע אויגן, האָט ער מיט באַזונדער שעלמישער צופרידנהייט אויסגעשאָסן מיט אַן „אַהאַ" און האָט מיר אַפילו אַ סאַלוטיר געטון: „זדראַוויאַ זשעלייעם, וואַשע", נאָך דעם „וואַשע" איז געקומען ניט גאָר עסטעטישער טיטל... פאַרוואָס האָט עס מיין פּאַספּאָרט זוכה געווען צו אַזאַ באַזונדערן כבוד? — איז די מעשה געווען אַזאַ: מיט אַ שטיקעל צייט פאַר דעם האָט איינער אַ „פּאָד נאַדזאָראָמ'ניק" (איינער אַ חבר וואָס האָט זיך געפונען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט) באַשלאָסן עוקר זיין קיין אויסלאַנד, אָבער היות ווי אויף זיין אייגענעם פּאַספּאָרט האָט ער ניט געקענט באַקומען קיין לעגאַלן אויסלענדישן פּאַס, האָט ער זיך געהאַט געווענדעט צו מיר מיט אַ בקשה, איך זאָל אים פאַר דעם צוועק אויסלייען מיין פּאַספּאָרט. מיין תמימות און מ'ין פריינטשאַפט צו אָט דעם חבר (בוטענסקי האָט ער געהייסן) האָבן מיר אונטער־געזאָגט: „גיב" — איז, מעשה־שטן, יענער חבר אָבער אויף דער גרעניץ דער־קענט געוואָרן און מ'האָט אים פאַרהאַלטן. ער האָט מיר שפּעטער — דורך אַן

אומוועג — אומגעקערט מיין פּאַספּאָרט, וועלכער איז אַזוי אַרום געוואָרן באַקאַנט און פאַרצייכנט אין דער מינסקער פּאָליציי. מ'האָט אונדז אַלע דריי נאָך דעם „אביסק" אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן איבער אַ וואָך אין פּאָליצייאישער האַלבּ־טורמע, מ'האָט אונדז באַפרייט ערשט נאָכדעם, ווי דער מינסקער ראַבינער האָט געהאַט איבערגעלייענט אַלע חכמות פון אונדזער „בעור־חמץ" און האָט עדות געזאָגט אויף אַזאַ אופן, אַז מיינע און ישראל דעם קאָזשעוועניקס רעדאַקטאָרישע און שרייבערישע אייגנליבע האָט זיך געפילט שטאַרק דערנידעריקט:

— „עט, קינדערישע שטוסערייען און ניט מער!" — האָט אונדז דער חשובער ראַבינער אָפּגעקוילעט אָן אַ מעסער מיט זיין אכזריותדיקער רעצענזיע, האָט אָבער דורכדעם מיטגעווירקט מ'זאָל אונדז אַרויסלאָזן אויף דער פריי. איידער מ'האָט אונדז אַרויסגעלאָזן האָבן מיר געמוזט אויסהערן גאַנצע ביין מאָס מוסר און התראות פון דעם פּריסטאַוו, באַזונדערס אַריינגעכאַפּט האָב איך, און אַלץ פאַר מיין פּאַספּאָרט, נאָך גוט וואָס בוטענסקי האָט בשעתו דערקלערט אין דער פּאָליציי, בכדי מיך ניט אַריינצופּלאָנטערן אין דער צרה, אַז מיין פּאַספּאָרט איז צו אים דערגאַנגען גאָר אָן מיין ווילן, ער זאָל האָבן אָט דעם פּאַספּאָרט מיינעם געקריגן צופעליק — ער האָט אים „געפונען אויף דער גאַס", ווען ניט דאָס וואָלט איך זיכער ניט אַזוי לייכט אָפּגעשניטן...

סיי־ווי האָבן נענטערע פריינט און חברים מיינע מיר אָנגעהויבן עצהן איך זאָל וואָס גיכער פאַרלאָזן מינסק, ווייל אויב פּאָליציי האָט שוין אויף מיר אַן אויג, איז... באַזונדערס פיינלעך איז מיר געוועזן צו דערוויסן זיך, אַז אויך ביי מיין טאַטע־מאַמע אינדערהיים, אין ראַדאשקאָוויץ, איז געמאַכט געוואָרן אַן אָביסק, האָב איך עס, הייסט עס, פאַרשאַפט, עגמת־נפש טאַטע מאַמען... איך האָב גוט געוווּסט אַז מיט דעם האָב איך שווער געטראָפן באַזונדערס דעם טאַטן: וואָס הייסט, מ'זאָל זיין זון חושד זיין, אַז ער גייט „קעגן צאַר־באַטיושקאַ"?.. מיין טאַטע איז געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון „צאַר־באַטיושקאַ", ער האָט זיך באַטייליקט אין רוסיש־טערקישן קריג פאַר דער באַפרייאונג פון בולגאַריע, האָט דאָרטן אויפן שלאַכט־פעלד אַ שווער־פאַרוווּנדעטער אָפּגעפרוירן זיינע פיס און זיך אומגעקערט אַהיים אַן אינוואַליד, אַ קאַליקע, האָט זיין גאַנצן לעבן באַקומען ווי אַ גערויי (אַ העלד) אַ פּענסיע פון גאַנצע 120 רובל אַ יאָר, אָבער נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעבן זיין געזונט „פאַר צאַר באַטיושקאַ" האָט ער ניט אויפגעהערט אָפּצוגעבן דעם „צאַר־באַטיושקאַ" זיין שטענדיקע טריישאַפט, פלעגט ניט לאָזן פאַלן קיין שטויב אויף „ירום־הודוס" נאָמען, פלעגט אַריינגיין אין העפטיקע צאָרנדיקע ויכוחים מיט די אַלע, וואָס האָבן ווען ס'איז געלאָזן פאַלן אַ שלעכט וואָרט אויפן קיסר. אין יעדן טאַבעל־טאָג פלעגט ער עס זיין דער ערשטער ארויסצוהענגען די רוסיש־מאָנאַרכישע פאָן אויפן גאַניק, ביי יעדן „הנותן תשועה" אין שול ביים שבתדיקן און יום־טובדיקן דאַוונען פלעגט ער עס זיין צו קלאַפּן איבערן שטענדער: „ש־ש־שאַ! שטיל זאָל זיין", אין אַ גאָר געהויי־בענעם צאַרישן יום־טוב (כ'געדענק, אַ שטייגער, נאָך פון מיין פריסטער קינד־הייט: ביי דער קאָראָנאַציע פון ניקאָלאַי דעם צווייטן) פלעגט ער אַפילו צוטשעפּן צום שבתדיקן סורדוט, וואָס ער פלעגט אָנטון, דעם מעדאַל פון אַ „גערויי", וואָס

מ'האָט אים אַמאָל געגעבן און וואָס ער פלעגט אָפּהיטן ווי אַ טייערן אוצר, ניט צולאָזן מיר זאָלן, חלילה, צוגיין אַפילו צו יענעם שופלאָד אין קאָמאָד, וווּ ער האָט געהאַלטן דעם מעדאַל זײַנעם... האָב איך געוווּסט, אַז מײַן טאַטן האָט עס געטראָפן ווי אַ שווערער דונער, ווען מ'איז פּלוצים געקומען צו אים אין שטוב מאַכן אַן „אָביסק" צוליב דעם חשד וואָס מ'האָט זײַן זון חושד געווען אין „ציציליזם"...

מײַן באַגעגעניש נאָכדעם מיט דעם טאַטן איז טאַקע געווען זייער־זייער אַ טראַגישע. ווען איך בין מיט אַ שטיקל צײַט נאָכדעם געקומען אויף פּסח אַ היים, האָט דער טאַטע מײַנער מיר, אמת, ניט באַגעגנט, צו מײַן גרויסער פאַרוווּנדערונג, מיט טענות פון מוסר, ער האָט מיך באַגעגנט גאָר מיט אַ ביטערן געוויין, און יענער געוויין האָט מײַן שטאָלץ־יוגנטלעך האַרץ צעבראָכן, איך וועל יענעם געוויין קיינמאָל ניט פאַרגעסן... אויך איך האָב געלאָזן אַ טרער, וועלכע איז געווען פון מײַן זײַט אַ טאָפּעלע רעאַקציע אויף גאַנצע צוויי שווערע איבערלעבונגען מײַנע — אײַנע פאַרבונדן טאַקע מיטן טאַטנס געוויין און די צווייטע פאַרבונדן מיט דער מאַמעס האַנדלונג גלײַך נאָך יענעם „אָביסק", די מאַמע מײַנע האָט געהאַט אַרויסגענומען פון זײַן באַהעלטעניש מײַן רעוואָלווערל, מאַניע לאַזינסקיס אַמאָליקער מתנה, און אין אײַנעם אַ פרימאָרגן אים „דער־טרונקען" אין געעפנטן אײַז אויפן טײַך... זי האָט עס געטון, פאַרשטייט זיך, מיט אַ גוטער, מוטערשער כוונה אָפּצוהיטן איר זון פון געפונען אַמאָל אַן אַנשוי־לעכע רעוואָלוציאָנערע ראיה קעגן אים. מיר האָט אָבער שטאַרק וויי געטון אָט דער מאָרד־אַקט, וואָס מײַן ליבע מאַמע איז באַגאַנגען לגבי מײַן רעוואָלווערל.

איך האָב ניט געפונען קיין מעגלעכקייט באַלד צו פאַרלאָזן מינסק, ווי מען האָט מיר געעצהט. איך האָב, אמת, אָנגעהויבן שתדלען וועגן אַריבערפאָרן קיין סאַראַטאָוו, ווו איך האָב געהאַט אַ מומען, דאָרטן האָב איך געהאָפט אָנגענומען צו ווערן אין אַ מיטל־טעכנישער שול, די פאַרווירקלעכונג פון אָט דעם פּלאַן האָט זיך אָבער אַלץ פאַרשלעפּט. איך בין דערווײַל אַרײַן אין עטלעכע נײַע פּאַרטייאישע אַרבעטן — און בין צום צווייטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן, דאָס מאָל שוין אויף אַ ערנסטן אופן. זאָל אָבער וועגן דעם דערציילט ווערן אין כראָנאָלאָגישן סדר:

כ'האָב צוגעלייגט אַ האַנט צו אַ געפערלעכער שטיקל־אַרבעט, בין אַפילו געווען איר אָרגאַניזאַטאָר, אָט די אַרבעט איז באַשטאַנען אין דורכפירן אַן עקספּראָפּריאַציע פון פּאַספּאָרט בלאַנקן.

אין די ערשטע שווערע חדשים פון דער רעאַקציע איז געווען אין אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אַ גרויסער באַדאַרף אויף כשרע פּאַספּאָרט־בלאַנקען פאַר די מערערע חברים, וואָס האָבן געמוזן אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אָבער דאָס אײַנשאַפן זיי איז בײַשט געווען קיין לײַכטע זאַך. וועגן אַרויספאָרן אויף אַ לעגאַלן אופן, דירעקט זיך ווענדן צו די גובערנאַטאָרן־אַמטן נאָך אויסלענדישע פּאַס־פּאָרטן, וואָלט דאָך באַדײַט זיך איבערגעבן אין די פּאָליציייאישע הענט; אויך „שוואַרצן די גרענעץ" איז כמעט געווען אוממעגלעך, ווײַל גאַנצע מחנות נאָכשפּירער האָבן פאַרפּאָלגט די „פאַרדעכטיקטע". דער אײַנציקער וועג אַריבער־

צוקריגן זיך אויף „יענע זייט" איז נאָר פאַרבליבן דאָס באַנוצן זיך מיט „קונציק" געפעלשטע דאָקומענטן, וואָס זאָלן ווי־ווייט מעגלעך זיין ווייניקער חשד־דערוועקנדע, זיי זאָלן זיין כאָטש האַלב־כשר. האָבן די פאַרטיי־„טעכניקער" גענומען זוכן כשרע בלאַנקן פון פאַספּאָרטן, כשרע שטעמפּלען פון פאַרשידענע „אופּראַוועס", בכדי אַריינצוטראָגן אין זיי דעם נאָמען פון ווידער אַ כשרן בירגער אַנשטאָט דעם טריפהנעם נאָמען פון רעוואָלוציאָנער, צו דעם צוועק פלעגן דאָס־רוב גענומען ווערן „געשטאָרבענע נפשות", און אויסלייען זייערע נעמען פאַר די לעבעדיקע רעוואָלוציאָנערן... האָבן פאַרטיי־„טעכניקער" דעריבער אָנגעהויבן דורכפירן אָנפאַלן אויף כלערליי שטאַטישע און דאָרפישע „אופּראַוועס" און עקס־פּראָפּריאירן נויטיקע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען בשפע, מיט אַזעלכע עקספּראָפּריאַציעס האָבן זיך אַ שטיקל־צייט (ביז דער נייער איינפאַל איז קלאָר געוואָרן דער פּאָליציי) פאַרנומען אַפילו אַזעלכע פאַרטייען, וואָס זענען בכלל געווען קעגן עקספּראָפּריאַציעס (מיט עקספּראָפּריאַציעס, ווי מיט אַ כמעט־פּראָגראַמאַטישן טעטיקייטס־צווייג, פלעגן זיך פאַרנעמען בלויז אַנאַר־כיסטן). אויך אונדזער ס. ס. האָט זיך געמוזט ווענדן צו אָט דעם נייעם מיטל.

— „יאָ, ווען אויך אונדז וואָלט געלונגען אַרויסצובאַקומען ערגיץ כשרע פאַספּאָרט־בלאַנקן און כשרע „אופּראַווע־שטעמפּלען"! — האָט זיך געלאָזט הערן אָפט צווישן די אויף דער פריי פאַרבליבענע פירער פון אונדזער מינסקער אָרגאַניזאַציע. איז מיר איינגעפאַלן: האָראָדאָק... איך בין דאָך דאָרטן געווען און געוווסט, אַז אין דער דאָרטיקער קליינשטעטלשער „אופּראַווע" אין ר' אורי'ס פּריוואַטן הויז וואָלט גאָר ניט שווער געווען דורכצופירן אַפילו אַן עקספּראָפּריאַ־ציע... איך בין אַליין גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָט דעם געדאַנק, עטלעכע טעג זיך מיט אים אַרומגעטראָגן ווי מיט אַן אמתער „צוואַנג־אידיי". איך האָב אין איינעם אַ טאָג אָנגעטראָפן הירשל דוד'ס פון ראַדאָשקאָוויץ, אים אָנגעפּאַרטרויט מיין פּלאַן און אויך ער איז פון אים באַגייסטערט און פאַרכאַפּט געוואָרן.

— לאָמיר עס ביידע אָרגאַניזירן און דורכפירן — האָט ער פאָרגעשלאָגן.

מיר האָבן וועגן דעם מודיע געווען ווו מ'דאַרף אין אונדזער מינסקער אָרגאַניזאַציע און באַקומען די נויטיקע צושטימונג. האָט זיך הירשל דוד'ס גענומען מיט דעם גאַנצן ברען און מיט דעם גאַנצן כח פון זיין גוטער אָרגאַניזאַטאָרישקייט פאַר דער דורכפירונג פון דער זאַך: ער איז אַוועקגעפאָרן קיין האָראָדאָק, דאָרטן צוגעגרייט הילף מצד עטלעכע געטרייע חברים, צווישן זיי אויך גדליה דער פערד־הענדלער, וואָס האָט אויף זיך גענומען אָפּצוואַרטן אונדזער גרופּע עקספּראָפּריאַטאָרן ביי דער באַן־סטאַציע, ווהין מיר דאַרפן עס צוערשט קומען פון מינסק, און נאָך דעם אונדז ווידער אָפּפירן צו דער סטאַציע.

דער פּלאַן איז אינגיכן דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. אינמיטן אַ פינצטערע נאַכט פון סוף־חודש איז, נעבעך, צעשטערט געוואָרן דער רויקער שלאָף פון ר' אורי'ן דעם „סטאַראָסטע" און זיין משפחה דורך אַ גרופּע פאַר־מאַסקירטע אָנפאַלער, וואָס האָבן גערעדט יידיש און פאַרזיכערט די באַפאַלענע, אַז זיי וועט, חלילה, ניט טרעפן קיין שלעכטס אויב זיי וועלן נאָר אויספילן די צוויי פאָדערונגען: אָפּגעבן אָן ווידערשטאַנד אַלע קאַזיאָנע מאַטעריאַלן פון

„אופראַווע״־שראַנק, די בלאַנקן און די שטעמפּלען, און אויב זיי וועלן ניט אויפֿהויבן קיין טרעוואָגע און ניט לאָזן וויסן דער פּאָליציי וועגן דעם פּאָרפּאַל איידער ס׳וועלן האָבן אַוועקגעגאַנגען עטלעכע שעה. ביידע פּאָדערונגען זענען אויסגעפֿילט געוואָרן דורך ר׳ אורי׳ן און זיין הויז־געזינד, ביי וועמען די ציינער אין מויל האָבן געקלאַפּט איינע אין די אַנדערע פֿאַר פּחד אין משך פֿון אַ סך אַ לענגערער צייט ווי עטלעכע שעה. וועגן דער עקספּראָפּריאַציע איז באַוווּסט געוואָרן אין שטעטל ערשט אינדערפֿרי, ווען מיר זענען שוין געווען צוריק אין מינסק מיטן רייכען פֿאַנג... ניט בלויז אין האָראָדאָק גופא, נאָר אויך אין דער גאַנצער געגענט האָט דער פּאָרפּאַל געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. און זאָל ר׳ אורי, וואָס איז איצט געוויס אין גן־עדן, אונדז מוחל זיין פֿאַר דעם, וואָס מיר האָבן אים פֿאַרשאַפֿט עגמת־נפש, פּיינלעכע חקירות ודרישות אין פֿאַרשידענע פּאָליציי־אַמטן פֿון אויעזד און דער גובערניע און ליידן פֿון אַ האַרץ־קראַנקהייט אין משך פֿון אַ לאַנגער צייט נאָכדעם...

אין אַ שטיק צייט נאָכדעם איז פֿון דער צענטראַל־סכאָדקע אונדזערער איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ברייטערע אויפֿקלער־פֿאַרזאַמלונג וועגן דעם ענין „וויאַזוי צו רעגולירן די יידישע עמיגראַציע״, אַ פּונקט וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די וויכטיקסטע אין אונדזער ס.ס.־פּראָגראַם. די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען אין קאַמערוויקע, אין אַ פּויערישן הויז און איז צוגעגרייט געוואָרן מיט פֿאַרשטאַרקטער פֿאָרזיכטיקייט, וואָס האָט אָבער דאָס מאָל ניט געהאָלפֿן, און אויף אונדזערע שפּורן איז געקומען די פּאָליציי, וועלכע האָט, הפנים, באַקומען וועגן דעם גענויע אינפֿאָרמאַציעס פֿון עפּעס אַ פּראָוואָקאַטאָר. די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעריסן אויף דער פֿאַרזאַמלונג, בשעת דער חבר מאָטל רודענסקי האָט נאָך געהאַלטן אין סאַמע מיטן פֿון זיין רעפֿעראַט. דער פּאָליציי־עלצטער האָט ביים אַריינרייסן זיך אין דער כאַטע אַריין אַ ריטשע געטון: „איך וועל אייך שוין באַווייזן וויאַזוי צו „רעגולירן״...

מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט פֿאַר־ווייז און אונטער אַ שטאַרקער פּאָליציי־וואַך אָפּגעפֿירט גלייך צו דער מינסקער גרויסער טורמע, אַ מהלך פֿון היפּשע עטלעכע ווערסט פֿון קאַמערוויקע, און דאָרטן, אין דער קאַנצעלאַריע פֿון דער טורמע־פֿאַרוואַלטונג, האָט מען טאַקע אָנגעהויבן אונדז צו „רעגולירן״, ווען מ׳האָט סתם אויסגעפּרעגט, ווער ס׳האָט דערצו נאָך אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר פּעטש... ווען איך בין צוגעקומען צום אויספֿאָרשער־טיש, האָט מיך מקבל פּנים געווען מיין אַלטער באַקאַנטער, דער פּריסטאַוו, נאָך פֿון פֿאָריקן אַרעסט און געמאַכט־פֿריינטשאַפֿטלעך מיר אַ קלאַפּ געטון אין פּלייצע:

— אָ, דער אַלטער אויסלאַנד־פּאַסאַזשיר!.. וואָס הערט זיך עפּעס גוטס „זאַ־גראַניצע״?... און האָט באַלד צוגעגעבן:

— וועסט שוין גאָר אינגיכן באַקענען זיך ביי אונדז מיט אַן אַנדער „זאַ־גראַניצע״. וועסט פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון סיביר, דאָרטן וועסטו זיך אַביסל אָפּקילן פֿון דיין טריפֿה׳נער צעהיצטקייט!...

מ׳האָט אונדז אַלעמען נאָכדעם פֿאַרשפּאַרט אין אַ לאַנגער און ענגער טורמע־קאַמער און מיר האָבן געמוזט דאָרטן אַ היפּשע צייט שטיין אויף די פֿיס.

שפּעטער האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַ באַקוועמערער קאַמער און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז דער געוויינלעכער טורמע־רעזשים מיט אַפּטע אויספאָרשונגען, מיט אַמאָל יאָ און אַמאָל ניט צולאָזן „פּאַסילקעס״־„פּערעדאַטשעס״ (שפּייז־פּעקלעך פון דער פריי) און „סווידאַניעס״ (זעאונגען מיט קרובים דורך אַ דראָט־נעץ).

ווען צווישן אונדז וואָלט ניט געווען דעם גביר סוטינ׳ס אַן אייניקעל, וואָס מ׳האָט זיך פאַר אים, און ממילא אויך פאַר אונדז אַלעמען, געשתדל׳ט אין די הויכע פענצטער, וואָלטן מיר זיכער דאָס מאָל ביטער אָפּגעשניטן, וואָלטן אפשר טאַקע פאַרשיקט ווערן אין די קאַלטע מקומות, ווי מיין גוטער באַקאַנטער דער פּריסטאַוו האָט מיר מבטיח געווען, די גבירישע השתדלות האָט אָבער געפּועלט, מ׳זאָל אונדז נאָך אַ פאַר וואָכן זיצן, אַרויסלאָזן אונטער אויפזיכט״.

צו מיר איז שוין אין דער ערשטער וואָך זיצן געקומען אויף אַ „סווידאַניע״ מיין טאַטע. איך האָב אים קיינמאָל פריער ניט געזען אַזאַ בלאַסן, ווי דאַמאָלס. אין שטעטל ביי אונדז — האָב איך זיך דערוווּסט — האָט זיך באַלד נאָך מיין אַרעסט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אז „מ׳וועט מיך הענגען״. אַ טיף־צערודערטער איז דער טאַטע מיינער געקומען מיך ראַטעווען, רחמנא לצלן, „פון דער תליה״. האָט ער צו דעם צוועק צוגעטשעפּעט צו זיין סורדוט (דאָס מאָל וואָכיקן סורדוט, ווייל צי האָט ער דען אין אַזאַ סיטואַציע געקענט אפילו אַ טראַכט טון וועגן אָנטון זיך שבתדיק?...) דעם „געראָי״־מעדאַל זיינעם, איז קודם־כל אַוועק צום גובערנאַטאָר בעטן ביי אים רחמים פאַר מיר אין זכות פון זיין טרייען דינען „צאַר־באַטיושקאַ״. דער גובערנאַטאָר האָט, פאַרשטייט זיך, מיין טאַטן ניט אויפגענומען, און צו מיר אין טורמע איז דער טאַטע מיינער געקומען ניט נאָר אַ דערשראָקענער, נאָר אויך אַ טיף־באַליידיקטער און פאַרשעמטער. דער מעדאַל אויף זיין סורדוט איז געווען, אַזוי ווי ער אַליין, דער טאַטע מיינער, אַ באַליי־דיקטער און פאַרשעמטער, — וואָס הייסט עס, דער גובערנאַטאָר זאָל קיין אַכט ניט לייגן אויף אים!...

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם בין איך טאַקע אַוועקגעפאָרן פון מינסק קיין סאַראַטאָוו און דאָרט אָנגענומען געוואָרן אין דער טעכנישער מיטלשול, זיך אָבער לאַנג דאָרטן ניט אויפגעהאַלטן, ווייל גאָר איינגיכן האָט מען מיך פון דאָרטן אַרויסגעבעטן און ניט בכבוד גדול... איך ווייס ניט וואָס זאָל האָבן געווען די סיבה דערפון: צי מיינע נייע חטאים שוין אין סאַראָטאָוו, וווּ איך האָב זיך אויך באַלד פאַרבונדן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל (דאָ זענען קיין ס.ס.אָווצעס ניט געווען, בכל־אופן איך האָב ניט באַוויזן זיי אויסצוזוכן, האָב איך זיך צוגעטוליעט צו אַן עס־ערישן קרייזל פון לערן־יוגנט), צי האָט מיך נאָכ־געיאָגט אַזש פון מינסק מיין ניט־כשרע פאַרגאַנגנהייט. איך האָב זיך געמוזט אומקערן אויף אַ שטיקל צייט צוריק קיין מינסק — און אַ צאַרישע מתנה אין מיין האַנט — אַ „וועלפישער בילעט״, מ׳זאָל מיר ניט געבן קיין דריסת־רגל אין קיין רעגירונגס־שול...

ד.

# אין גראָדנע

גוטע פריינט און חברים האָבן גענומען איצט באַזונדערס שטאַרק זאָרגן, איך זאָל פאַרלאָזן מינסק. מיין עלטערער חבר, אויך אַ ס.ס.אָוויעץ, מענדל רודניצקי, פון ווילייקע האָט מיר מודיע געווען, אז אין גראָדנע האָט זיך נאָך מיט אַ יאָר פריער געעפנט אַ צוגרייטונגס־קורס פאַר יידישע לערער דורך דער פעטערבורגער געזעלשאַפט „מפיצי־השכלה", און פאַרגעלייגט, איך זאָל דערלאַנגען אַ בקשה אָנגענומען צו ווערן אַהין און אים האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס איך בין פון אַ טעכנישן פאַך גאָר אַריבער צו מלמדות. איך בין אָנגענומען געוואָרן אויף די גראָדנער פעדאַגאָגישע קורסן, הגם איך בין געווען דאָרטן צווישן די וויניקע יונגע תלמידים. דאָ האָב איך צווישן די עלטערע חברים אָנגעטראָפן אַ גרופע ס.ס.אָווצעס, פון זיי זאָל אויסער דעם דערמאָנטן רודניצקין (דער האָט גאָר אינגיכן פאַרלאָזן ס. ס. און געקומען נוטה זיין צום אַלגעמיינעם ציוניזם) אָנגערופן ווערן יענקל קוליק, פריער אַ טעטיקער חבר פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. קוליק האָט עס מיר דאָ אַריינגעצויגן אין דער פאַרטייאישער אַרבעט. מ'האָט מיר איבערגעגעבן אָנצופירן אַ פאַרטייאישן קרייז פון גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס, אין אָט דעם קרייז האָב איך זיך באַגעגנט מיט מאָטיע־חיים'ן (זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך ניט,ליידער), וואָס איז געשיקט געוואָרן פון „בונד" צו קאָנקורירן מיט מיר פאַר זיין פאַרטייאישער השפעה; ס'איז געווען אַ מערקווירדיק־באַגאַבטער יונגערמאַן, אַ סענטימענטאַל־איידעלע נאַטור, אַן אויטאָ־דידאַקט אויף פאַרשידענע קונסט־געביטן, ווי מאַלעריי און שטיין־קריצונג, האָט געשריבן אויך גאָר־גוטע לידער (ביי אונדז אין קרייז האָט מען אים גערופן „דער צווייטער ניידוס", ניידוס איז דאָך אויך געווען אַ גראָדנער), האָט אויך געשאַפן, פונקט אַזוי ווי מיר אין מינסק, אַ קליינע חברשע „קאָמונע", ווו ער, פונקט ווי ישראלקע קאַזשעווניק אין מינסק, איז געווען דער איינציקער פאַרדינער און מפרנס פון די קאָמונע־חברים (ער האָט צוגעשטעלט די קלייטן כלערליי רעקלאַמעס, וואָס ער פלעגט אויסקריצן אויף שפיגל־גלאָז און דאָס זענען געווען אמתע קונסט־ווערק). איך האָב זיך מיט אָט דעם קעגנער מיינעם שטאַרק באַפריינדעט, מיר איז געלונגען אויך אים אַליין צו מאַכן פאַר אַ ס.ס.־אָוויעץ, פלעגט ער שפעטער זיך גוטמוטיק וויצלען: מיט מיר האָט זיך דאָך איבערגעחזרט די אלטע מעשה בלעם — געקומען שעלטן און גאָר געוואָרן אַ בענטשער. און וואָס אמת, ער האָט טאַקע געבראַכט פיל ברכה אונדזער ס.ס.ישער אַרבעט אין גראָדנע.

מיט יענקל קוליקן, אַ טעמפעראַמענט־פולן און טייערן, איבערגעגעבענעם חבר, האָבן מיר צוזאַמען שפעטער איבערגענומען די אָרגאַניזיר־אַרבעט צווישן אמתן פראָלעטאַריאַט אין דער שטאָט, צווישן די אַרבעטערינס פון דער גרויסער שערעשעווסקיס טאַבאַק־פאַבריק. פאַר פאַרטייאישער השפעה אויף אָט די אַרבעטערינס האָבן געקעמפט אַלע היגע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס שטאַרק איז דאָרטן געווען די השפעה פון „בונד". ס'איז דעריבער געווען אַ העזה

פון אונדז, ווען מיר האָבן אויף זיך גענומען כאָטש אַביסל אַרויסצורייסן די השפּעה פון „בונד״. אונטער קוליקס אָנפירערשאַפט האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ ס.ס.ישן שטרייק פון די טאַבאַק־שטאָפּערינס. און ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, ווען אָט דער שטרייק איז אונדז געלונגען.

אין גראָדנע האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צוזאַמענצוטרעפן אין אַ דיסקוסיע־שטרייט מיט דעם בונדישן באַקאַנטן פירער „לנו״־גאַזשאַנסקי. כ׳האָב בשעת־מעשה געפילט דעם אייגענעם העזה־שטרייט אין זיך, וואָס אַמאָל ביי דער דיסקוסיע מיט שמואל רודניצקי אין ראַדאָשקאָוויטש, דאָס מאָל אָבער איז מיין העזה, געמישט מיט פחד, געווען טאָפּל גרויס: עפּעס אַ קלייניקייט „חבר לנו״, דער באַרימטער טעאָרעטיקער און אויסגעפּרוווטער, פון אַלעמען געאַכטערטער פירער?... פון דער דיסקוסיע בין איך, אמת, ניט אַרויס מיט זיגערישן לאָרבער־קראַנץ, עטלעכע חברטערינס טאַבאַק־שטאָפּערקעס פון שערע־שעווסקיס פאַבריק זענען נאָך דער דיסקוסיע אַפילו אַוועק פון אונדז, ס. ס. און ווידער אַריבער צום „בונד״. מאָטיע־חיים, מיין געטרייער חבר, האָט מיר אָבער צוגעגעבן מוט און מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה: האָבן טאַבאַק־שטאָפּערקעס אונדז פאַרלאָזן, זענען דערפאַר צו אונדז צוגעקומען עטלעכע נייע גימנאַזיסטקעס... פאַר מיר זענען עס אָבער געווען קנאָפּע טרייסט־רייד, איך האָב דאַמאָלס — ביי מיין תמימות — געהאַלטן, אז איין טאַבאַק־שטאָפּערקע, אַן אמתע פּראָלע־טאַרקע, איז שקול קעגן צען גימנאַזיסטקעס...

דורך מיין אַרבעט אין קרייז פון די גימנאַזיסטן האָב איך געשאַפן פאַרטיי־אישע פאַרבינדונגען מיט די אַרומיקע שטעטלעך (אין גראָדנער גימנאַזיעס האָבן געלערנט יוגנטלעכע פון דער גאַנצער אַרומיקער סביבה): סוויסלאָטש, סקידל און נאָך, אין די אַלע שטעטלעך זענען געווען אמתע פאַבריקן — גאַרבאַרניעס — און איך האָב געפונען אַן אמתע טרייסט פאַר זיך און פאַר מיין פאַרטיי, וואָס מיר האָבן אין אונדזערע רייען אויך אַ ריכטיקן פּראָלעטאַריאַט...

די פאַרוואַלטונג און דער דירעקטאָר (א. קאָנשטאַם) פון די פּעדאַגאָגישע קורסן — בכלל ליבעראַלע און זייער גוטע מענטשן, וואָס איך האָב זיי פיל צו פאַרדאַנקן — האָבן געקוקט קרום אויף מיין פאַרטיי־אַרבעט דערעיקר דערפאַר, וואָס צוליב איר פלעג איך פאַרפעלן אַ סך לעקציעס.

אויף די קורסן האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן דער יידישיזם ווי אַ געבונדענע אידעע ביי אַ היפשן טייל תלמידים. עטלעכע פון זיי זענען שפּעטער געוואָרן די וואָרט־זאָגער און קאָנסטרואירער פון יידישן־יידישיסטישן שול־וועזן אין אוקראַינע, ליטע און פוילן. אונדזער יידישיסטישע גרופּע איז באַשטאַנען בעיקר פון ס.ס.אָווצעס. די טעג פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ זענען פאַר אונדז געווען גרויסע טעג, מיר האָבן דאַן די דיסקוסיע וועגן „יידיש אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך״ אַפילו אַריבערגעטראָגן אין דער לערן־אוידיטאָריע פון די קורסן גופא, און אינמיטן אַ לעקציע פון כעמיע האָט עס געהאַלטן כמעט ביי אַן אויפרייס. אין אונדזער יידישיסטישער־ס.ס.ישער גרופּע אויף די גראָדנער קורסן זענען געווען אברהם גאָלאָמב, קאָזאַקעוויטש (שפּעטער געוואָרן אַ פירער

פון דער יעווסעקציע אין אוקראַינע און געהאַט, נעבעך, אַ מיאסן סוף ווי אַ חשוד אין טראָצקיזם), ישראל יאַכינסאָן און נאָך.

געענדיקט די פעדאַגאָגישע קורסן בין איך אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַ לערער־פּאָסטן, צו מיין פעדאַגאָגישן דעביוט, קיין פעאָדאָסיע אין קרים.

## ה.

# אין פעאָדאָסיע.

אין קרים בכלל און אין פעאָדאָסיע בפרט איז געווען, אַזוי צו זאָגן, עטוואָס „פאַרעווע" אין זין פון עכט־יידישן לעבן, ניט פליישיק און ניט מילכיק, עפעס יאָ־„טשערטאַ אָסעדלאָסטי" (יידן האָבן דאָך דאָרטן געמעגט וווינען כמעט אָן באַשרענקונגען, — אויסער אין סעוואַסטאָפּאָל, אָריאַנדע־אַלופּיע אא"וו) און דאָך ניט „טשערטאַ אָסעדלאָסטי"; — כ'ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר דאָס אָנקומען פון אַ נייעם יידן אַהין צום באַזעצן זיך איז געווען אַ זעלטנהייט, כמעט אַ געשעעניש אין יעדער יידישער קהילה פון קרים. דאָס־רוב יידן אין פעאָדאָסיע, באַזונדערס פון דער אשכנזישער עדה, זענען געווען פאַרמעגלעכע מענטשן. די הערשנדיקע אומגאַנגס־שפּראַך צווישן זיי איז געווען רוסיש, קיין יידישע אַרבעטער זענען כמעט ניט געווען בנמצא, אויף די היגע פאַבריקן (די באַקאַנטע גרויסע טאַבאַק־פאַבריקן, וועלכע זענען געווען קאָנצענטרירט אין קרים האָבן כמעט אַלע געהערט צו די עטלעכע קאַראַימער־משפחות: קרים, מעסאַקסודי און אַנדערע), האָט מען קיין יידישע אַרבעטער געוויס ניט געקענט טרעפן. ס'איז אין פעאָדאָסיע געווען אַ היפּשע יידישע אינטעליגענץ, זי איז אָבער געווען אין איר מערהייט אָן אַסימילירטע, אין בעסטן פאַל איז איר „יידישקייט" באַשטאַנען אין „גיין אין שול דאַוונען" איין מאָל אין שמיטה, און ניט מער. זיי זענען געווען, אמת, אָנגעצויכט מיט אַ ליבעראַל־רעוואָלוציאָנערן גייסט, דאָס איז אָבער געווען אַ סאַלאָן־רעוואָלוציאָניזם, און אויך דער איז געווען פאַרבונדן כמעט דורכאויס מיט דער אַלגעמיין־רוסישער ס. ד. אין געוויסע משפחות האָט געהאַט אריינגעדרונגען אויך דער ציוניזם, אָבער אויך דער איז געווען אָפט אַ מין געמיש מיט רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער עולם האָט ניט געפילט קיין שעטנז אין אָט דעם מאָדנעם צוזאַמענפלעכט, דאָ האָט געהערשט אַ מין נייער פשט צום יידישן כלל:

„וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייטן איז צו לייטן" — צו גאָט איז באַזוך אין שול צו אַ יאָרצייט און אַ יום־כפור, צו גאָט איז אויך, להבדיל, אויסקויפן אַ שקל און צוקלעפּן צו אַ בריוו, וואָס ווערט געשיקט צו עפעס אַ קרוב אין ווילנע און אין מינסק און אין אָדעס, אין די אַלע קערנדיקע יידישע צענטערס, אויך אַ מאַרקע פון נאַציאָנאַל־פאָנד; צו גאָט איז אויך דאָס אַריינשטופּן אין אַ מחזור אָדער אַ סידור, וועלכער איז געבליבן שטענדיק ביי צוליב זעלטענעם באַנוצן זיך מיט אים, אַן אקציע פון באַנק אַנגלאָ־פּאַלעסטינע — און צו לייטן איז איינצוקויפן זיך יעדן נייעם זאַמל־בוך פון גאָרקי'ס „זנאַניע" און האַלטן אָט דעם זאַמל־בוך דווקא אויבנאויף...; צו לייטן האָט געהייסן פירן הילכיקע שמועסן וועגן פרייהייטס־באַוועגונגען אין דער וועלט (צוליב פאַר־

שטענדלעכער פּאַרזיכטיקייט פלעגט מען אויסמיידן צו פּורש־בשמה זיין די אייגן־רוסישע פרייהייט־באַוועגונג), ביי אַ ראָמאַנטישן שיפל־שפּאַציר איבערן ים פלעגט מען זיך ווייט פון „וואָלנאַרעז" (כוואַליע־שניידער) און פון די ברעגעס, ד. ה. ווייט פון פּאָליציייאישע אויערן, פלעגט מען זיך לאָזן זיס־סענטימענטאַל צעגיין און זינגען „סלושאַי", און „ראָסיאַ, ראָסיאַ, קאַק זשאַל מניע טעביאַ" און ענלעכע רעוואָלוציאָנערע רוסישע לידער. ווען די היגע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פלעגט דורכפירן אַ זאַמל־אַקציע פאַר אירע טעטיקייטס־צוועקן, פלעגן זיך די ערשטע עפּענען די קעשענעס פון דער יידישער אינטעליגענץ.

אַזאַ איז געווען די משפחה בערלין, ווו איך האָב אָנגעהויבן פאַרקערן באַלד נאָך מיין אַראָפּקומען קיין פעאָדאָסיע, און דווקא אין אָט דער משפחה האָב איך אָנגעטראָפן איינע מיט אַן אָפן אויער און האַרץ פאַר דער באַזונדערער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן סאָציאַליזם — ראַשע, פון די יינגסטע אין דער גרויסער משפחה מיט פיל ברידער און שוועסטער, איז טאַקע גאָר אינגיכן אַריין אין דער קליינער אָרטיקער גרופּע ס. ס., האָט דערפאַר געהאַט אויסצושטיין אַפּלאַכונג מצד אירע ברידער און שוועסטער, ווי אויך מצד זייערע מערערע אָפטע געסט, אַלע סימפּאַטיקער פון רוסיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, בעיקר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. צו מיר, ווי צו אַ פרעמדן, האָט מען זיך באַצויגן מיט וויניקער־אָפענעם ביטול, האָב איך עס אַריינגעטראָגן אין דעם הויז פון די בערלינ׳ס די נייע דיסקוסיע־טעמע: פאַרוואָס דווקא יאָ ס. ס.? מיינע אַרויסטריטן האָבן פון אָנהויב געהאַט בכוונה פשוט אָפּצוווענדן די אָפּלאַכונג פון ראַשען, שפּעטער אָבער זענען זיי אין קרייז פון די בערלינס מיט זייערע באַזוכער געוואָרן אַן ענין פאַר זיך. ס׳איז מיר פאַרגעשלאָגן געוואָרן איך זאָל האַלטן אין אָט דעם ברייטן שטוביקן קרייז עטלעכע סיסטעמאַטישע רעפעראַטן וועגן יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בכלל און וועגן ס.ס. בפרט. די רעפעראַטן זענען, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן געוואָרן אין רוסיש, איך האָב זיך צו זיי געמוזט ערנסט צוגרייטן, ווייל איך האָב דאָך געוווסט פון וועמען ס׳וועט באַשטיין מיין אודיטאָריע — ממש די „סמעטענע" פון דער פעאָדאָסיער יידישער אינטעליגענץ. מיר צו־הילף איז געקומען אין אָט דעם קרייז אויסצוקעמפן אַ כבוד באַציונג צו ס.ס. אלישע ראַדין, אַ ס.ס.אָוויעץ נאָך פון פריער, אַ מענטש מיט אַ פלאַמיקן טעמפּעראַמענט און אַ חיתוך־הדבור פון גאָר אַ גרויסן רעדנער. ס׳איז דער אייגענער ראַדין וואָס איז שפּעטער, שוין אין דער צייט פון דער ראַטנמאַכט, באַקאַנט געוואָרן ווי אַ העברעאישער דיכטער (זיינס אַ בוך לידער איז דערשינען, פאַרשטייט זיך, ניט אין ראַטנרוסלאַנד, נאָר אין ארץ־ישראל, וווהין ער האָט נאָך באַוויזן אַריבערצושיקן דעם מאַנוסקריפּט טיילנווייז אין מערערע בריוו. אין ראַטנרוסלאַנד גופא האָט ער, נעבעך, געהאַט אויסצושטיין געהאַקטע צרות, ניט לאַנג דאָרטן געשטאָרבן).

אונדזער ס.ס.ישע גרופּע איז געוואָקסן, צו איר איז צוגעשטאַנען לערניוגנט, אויך עטלעכע אַרבעטער זענען אין איר געווען. מיט קיין עקאָנאָמישער טעטי־קייט, אָרגאַניזירן שטרייקן, האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. האָבן מיר זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעגעבן פּראָגראַמאַטיש־טעאָרעטישער אויפקלערונג און פאַר־

טיפונג. ס׳פלעגט אויסקומען איבערצוזעצן אונדזער פּאַרטיי־פּעריאָדיק פון יידישן מקור אין רוסיש, זעלטן ווען מיר האָבן געקענט אָפּהאַלטן אַ רעפעראַט — פאַר אַ טייל חברים פון אונדזער גרופּע — אין יידיש, און דאַך זענען אַזעלכע רעפעראַטן יאָ פאָרגעקומען, אַלע אויף טעמעס פון דער יידישער געשיכטע און ליטעראַטור. די רעפערענטן זענען געווען ראַדין און איך. רוסיש האָט געמוזט זיין די אומגאַנגס־שפּראַך אין אונדזער גרופּע אינגאַנצן אויך דערפאַר, וואָס צו איר האָבן אָנגעהערט אויך עטלעכע „קרימטשאַקעס״ — די אַלט־געזעסענע יידישע קרים־איינוווינער, וועלכע האָבן זיך געיחוס׳ט אַזש צו שטאַמען פון די אַלטע כוזרים און האָבן אין אָט דעם יחוס־רעכט זייערן קאָנקורירט מיט די קאַראַימער, די „קרימטשאַקעס״ האָבן, פאַרשטייט זיך, קיין יידיש ניט געקענט לחלוטין. דער קוריאָז פון אונדזער גרופּע איז אָבער געווען דער מוסולמעניש־גוי׳שער חבר מאַמוט, אַ פאָלקס־לערער מיט וועלכן איך האָב זיך באַקאַנט אויף אַן אַלגעמיינער לערער־פאַרזאַמלונג, און אים איינגעלאַדן אויף אונדזער אַ פּאַרטיי־צוזאַמענטרעף, ווו ס׳איז געהאַלטן געוואָרן אַ רעפעראַט וועגן די נאַציאָנאַלע התחייבות׳ן פון פּראָלעטאַריאַט, קעגן דער שעדלעכקייט פון צעשוווימענעם קאָסמאָפּאָליטיזם, וועלכער דינט ווי אַ מאַסקע איבער דעם אמת׳ן פּנים פון דער הערשאַפט וואָס אַ מאַיאָריטעט־פאָלק הערשט איבער די מיעוטים אין דער מדינה. ס׳איז דאַן אויך באַרירט געוואָרן די פראַגע וועגן דער וויטיקייט פון אַ טעריטאָריע פאַר יידן. מאַמוט, אַ טעטיקער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט צווישן דער היגער טאָטערשער באַפעלקערונג, האָט זיך ממש מחיה געווען מיט דעם אַלעם וואָס ער האָט געהערט אויף אונדזער פאַרזאַמלונג און פון דעמאָלט אָן באַזוכט אַלע אונדזערע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען — און שפּעטער זיך אַפילו דעקלאַרירט אַלס אַפיציעלער חבר פון אונדזער גרופּע.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז חבר מאַמוט געוואָרן נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע איינער פון די הויפּט וואָרט־זאָגער פאַר אַ קרים־טאָטערשער רעפּובליק אין דער אַלגעמיינער פעדעראַציע פון פעלקער אין באַפרייטן רוסלאַנד און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ פאָלקס־קאָמיסאַר אין דער נייער רעפּובליק; מ׳האָט מיר אָבער אויך איבערגעגעבן, אַז ער פלעגט שטענדיק דערמאָנען מיט אָנערקענונג און דאַנק די טעאָרעטישע צוגרייטונג, וואָס ער האָט געהאַט באַקומען פון און אין די רייען פון ס.ס.

ס.ס.ישע גרופּן, און שוין ביי פולער פּאַרטייאישער אַרבעט — אויך עקאָנאָמישער אַריינגערעכנט, שטרייקן און קלאַסנקאַמף ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, האָבן מיר געהאַט אין עטלעכע אַנדערע שטעט פון קרים: קערטש, סימפעראָפּאָל און אַפילו סעוואַסטאָפּאָל. סוף 1912 האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַן אַלגעמיינע געגנט־קאָנפערענץ, מיר האָבן פאַר דעם צוועק אויסגעקליבן דווקא דאָס קרימטשאַקישע קאַראַסובאַזאַר, וווהין מ׳פלעגט בכלל עולה־רגל זיין פון גאַנץ קרים און אויך מחוץ איר מיט טוריסטישער נייגעריקייט צו אַן אַלט־היסטאָרישן פּלאַץ. איך מיר זענען דאָרטן דערשינען ווי „אויספלוגלער״, באַזוכט ווי אַלע אַנדערע עולי־רגל די אַלטערטימלעכקייטן פון אָרט, בעיקר דעם בית־עלמין, און דאָרטן צווישן די אַלטע קברים, זענען טאַקע געהאַלטן געוואָרן אונדזערע התלהבותדיקע

רייד וועגן אַן אויפלעבונג פאַרן יידישן אַרבעטס־פאָלק אין זייער נייער טערי־טאָריאַלער קאָנצענטרירונג, ס׳איז דאַמאָלס געשאַפן געוואָרן אַפילו אַ צענטער פאַר אַלע קרימער ס.ס.ישע גרופן. דער ראש־המדברים אויף אָט דער געגנט־קאָנפערענץ איז געווען יערעמיע (ירמיהו) — דער חבר נאָוואָקאָווסקי, ער איז שוין דאַן געווען נוטה צו דער שפּעטער־פאַרגעקומענער פאַראייניקונג צווישן י. ס.־„וואָזראָזשדענ׳צעס״ און ס. ס., אין דעם זינען האָט ער אויך גערעדט פּלאַמיק אויף דער דערמאָנטער קאָנפערענץ.

ו.

## צווישן יידישע ערד־אַרבעטער

אַ לערער־פּאָסטן אין אַ רעגירונגס־שול האָט באַפרייט פון שטעלן זיך צו מיליטער־דינסט. כמעט אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך פון דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי״ האָבן זיך געפונען „קאַזיאָנע״ שולן פאַר יידישע קינדער, וואָס אויסערלעך האָבן זיי אויסגעזען צו זיין „על טהרת״ הפּאַטריאָטיזם און מאָנאַר־כיסטישער „טרייהייט״, אין דער אמתן אָבער זענען די לערער בכלל און יידן־לערער בפרט, צוזאַמען מיט די סטודענטן, געווען די הויפּט רעוואָלוציאָנערע אויפברויזער און צוגרייטער אין לאַנד. די יידישע „קאַזיאָנע״ שולן זענען אין זייער צייט אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט — און ביי דער תמימותדיקער צופרידנהייט און אַמאָל אפילו מיטהילף פון די „משכילים״ — צוליב צוויי צוועקן מיט אַמאָל, וואָס עס האָבן זיך געשטעלט די „הויכע פענסטער״ פון צאַר׳ס יוצר־משרתים: רוסיפיצירן דעם יידישן עולם, אָפּרייסן אים פון זיין „זשאַרגאָן״ און באַווירקן צו אַסימילירן זיך אין אַלגעמיינעם רוסישן לעבנס־שטייגער, און דורכדעם ממילא אָפּצורייסן אים פון דער רעוואָלוציאָנערער „קראַמאָלע״. אָט דערדאָזיקער צווייטער צוועק איז זיכער געווען פאַר די אויגן פון דער צאַרישער מאַכט נאָך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן די נעץ פון „קאַזיאָנע״ יידישע שולן איבערן „תחום־המושב״: די לערער פון אָט די שולן, האָבן עס באַדאַרפט זיין אַגענטן פאַר מאָנאַרכיסטישער טרייהייט־פאַרזיכערונג, אַ מין דונער־אָפּציער בשעת געפערלעכן רעוואָלוציאָנערן געוויטער. די צאַרישע מאַכט האָט אָבער אויך אין דעם פּרט, ווי אין אַ סך אַנדערע פּרטים אין איר קעגן־רעוואָלוציאָ־נערער סטראַטעגיק, געהאַט אַ ביטערן טעות, הגם אין ניט ווייניק פאַלן האָבן טאַקע די „קאַזיאָנע״ לערער און ראַבינער געדינט אויף דעם צווייטן פוןביידע אָנגערופענע צוועקן, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט געהאַט בדעה (דעם ערשטן צוועק האָבן, ליידער, געדינט אַלע אַן אויסנאַם יידישע „קאַזיאָנע״ לערער!).

ווען ס׳האָט זיך אויך פאַר מיר געשטעלט די פראַגע צו ווערן אַ „קאַזיאָנער״ לערער, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דער שוועריקייט, וואָס אין צענטער פון תחום־המושב, אין אַלע דאָרטיקע שטעט און שטעטלעך זענען קיין פרייע פּלעצער פאַר נייע לערער ניט געווען, ווייל זיי זענען געווען באַזעצט דורך די לערער, וואָס האָבן געענדיקט דעם מיוחסדיקן דירעקט פון דער רעגירונג

אויסגעהאַלטענעם ווילנער „לערער־אינסטיטוט". אויף די לערער פון די גראַדנער־פּעדאַגאָגישע קורסן האָט מען אין צאַרישע שול־דירעקטאָרן און אינספּעקטאָרן־אַמטן געקוקט ניט מיט איבעריקס־גרויסן צוטרוי. האָט מיר מיינער אַ חבר פון די גראַדנער קורסן אַרויסגעהאָלפן: זאָרגנדיק פאַר זיין אייגענער באַפרייאונג פון מיליטער־דינסט איז ער דערגאַנגען צו אַ קאָלומבישער אַנטדעקונג — אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע, אין די ווייט־פאַרוואָרפענע העקן — די קאָלאָניעס פון יידישע ערד־ארבעטער, זענען נאָך פאַראַן פרייע פלעצער פאַר „קאַזיאָנע" יידישע לערער, ווייל אַהין גייען די מיוחסדיקע ווילנער אינסטיטוטשיקעס ניט ברצון... ער אַליין האָט דאָרטן באַקומען אַן אַרבעטס־פּלאַץ, און אויך מיר אָנגעוויזן וווהין זיך צו ווענדן. דער קרייז־אינספּעקטאָר פון אַלעקסאַנדראָווסק האָט מיר טאַקע געגעבן אַ לערער־פּאָסטן אין דער קאָלאָניע „גאַרקאַיאַ" אין די נאָוואָ־רוסישע סטעפּעס, אין דער סביבה פון גרויסן דאָרף גולאַי־פּאָליע, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ווי די רעזידענץ פון רעוואָלוציאָנערן „באַטקאַ מאַכנאָ".

אַלע יידישע קאָלאָניעס פון יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער גובער־ניעס האָבן געהאַט צו צוויי, דריי און אַפילו פיר נעמען: אַן אָפיציעלן גויאישן נאָמען, באַשטימט דורך דער מאַכט; אַן אָפיציעלן נומער, לויט דער אַלגעמיינער קאַזיאָנער רשימה פון די קאָלאָניעס, און די יידן פון די קאָלאָניעס האָבן זיך צוגעאייגנט נאָך אַ יידישן נאָמען, אַמאָל אַפילו גאָר אַ העברעישן נאָמען. מיין קאָלאָניע האָט געהאַט דריי נעמען: „גאַרקאַיאַ", „דריטער נומער" און „אָזאָרע־וויטש", ווי די יידן האָבן גערופן די קאָלאָניע. פאַר מיר אָבער — מוז איך מודה זיין — איז דער ערשטער אָפיציעלער נאָמען „גאַרקאַיאַ" (ביטערער) געווען דער, וואָס איז אַממערסטן געווען צוגעפּאַסט צו מיין באַציִונג און שטימונג גלייך נאָך מיין אַראָפּקומען אַהין. מיר איז טאַקע געוואָרן פינסטער און ביטער, ווען כ'האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין. אין פאַרוואָרפענעם העק מיט די נידעריקע ליימענע הייזלעך אַזש פון דער ליכטיקער, פּרעכטיקער, קולטורעלער קרים־שטאָט... מיין ברויזיק־יוגנט־עלטער האָט מיר ניט געלאָזן שלום־מאַכן מיט דער נייער ווירקלעכקייט, ווו איך האָב געמוזט פירן אַ מין נזיריש לעבן, גאַנצענע טעג זיך געפינען בלויז אין דער געזעלשאַפט פון קינדער, ניט האָבן — אויסער זיי — מיט ווער צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן און ראַנגלען זיך אין די לאַנגע אָוונטן און נעכט מיט דער אָנגעצווונגענער איינזאַמקייט און לאַנגווייליקייט. צום גליק האָט דאָס נישט לאַנג אָנגעהאַלטן: איך האָב אינגיכן זיך צוזאַמענגעטראָפן און באַפריינדעט מיט נייע מענטשן פון די אַרומיקע קאָלאָניעס און — עווריקאַ! — געפונען צווישן זיי אויך פּאַרטיי־חברים, ס.ס.אָווצעס. אויך זיי, אָט די לעצטע, זענען געווען „קאַזיאָנע" לערער פונקט אַזוי ווי איך, מיט דעם ווענזנטלעכן אונטערשייד נאָר, וואָס זיי זענען דאָ געווען ניט קיין ניי־געקומענע, נאָר הי־געבוירענע, אַזעלכע וואָס האָבן טיף און נאַטירלעך איינגעזאַפּט אין זיך דאָס גאַנצע נייע וואָס אין נייעם היגן יידישן לעבנס־שטייגער. פאַר זיי איז יידישע ערד־אַרבעט, יידיש פּראָדוקטיוו לעבן ניט געווען, ווי פאַר מיר, אַ בלויז אַרויס־געלייענטע טעאָרעטישע משכּילישע אָדער יידיש־סאָציאַליסטישע טוגנט, וואָס

דער מות באַנעמט זי יאָ און דאָס האַרץ ניט, פאַר זיי איז עס געווען אַ נאַטיר־לעכע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. האָבן זיי טאַקע מיט זייער אוממיטלבאַרקייט אויך אויף מיר גוט געווירקט און צוגעגעבן עכטע אידעאָלאָגישע חיונה מיינע פריער־אַבסטראַקטע, טעאָרעטישע משכיליש־ס.ס.ישע אָנשויאונגען.

כ׳מוז איצט אָפן מודה זיין, ווען ס׳זאָל אַפילו ניט צוגעבן קיין כבוד מיין אידעאָלאָגישער פאַרגאַנגנהייט: דער „פירוש רש״י״, וואָס איך האָב געהאַט דאָ באַקומען פון אַ חבר לעוויטאַנ׳ס אָדער באַגראַטשאָוו׳ס מויל (לעוויטאַן — אַ ברודער פון באַקאַנטן צענטראַלן ס.ס.ישן טוער, מיכל לעוויטאַן, וואָס איך האָב זיך שפּעטער מיט אים צוזאַמענגעטראָפן ביי בשותפותדיקער פאַרטיי־אַרבעט, בעיקר שול־אַרבעט אין קיעוו) צו דער ס.ס.ישער גרונט־תורה פון „נייעם וועג״ און „יידישן פּראָלעטאַריער״ איז מיר געוואָרן כמעט וויכטיקער ווי די גרונט־תורה גופא, ווייל דורך אָט דעם צוגעקומענעם „פירוש רש״י״ איז פאַר מיר די גרונט־תורה גופא געוואָרן מיט אַמאָל קלערער און האַרציקער...

די ערד־אַרבעטערישע קאָלאָניעס בכלל האָבן פאַר מיר געדינט ווי אַן אַנשוילעכער מוסטער, ווי אַ מיניאַטור פון דער געגאַרטער נייער יידישער טעריטאָריע פון פּראָדוקטיוון פּראָלעטאַריזירטן יידישן לעבן. איך האָב געפילט און געוווסט: „גארקאַיאַ״ אָדער „גראַפּסקאַיאַ״ צי „סלאַדקאָוואָדנאַיאַ״ (די נעמען פון אַנדערע יידישע קאָלאָניעס אין דער סביבה) געכפל׳ט אויף... איז די צוקונפטיקע, אונדז נויטיקע יידישע טעריטאָריע״.

כ׳האָב פריער בלויז געהערט וועגן יידישע ערד־אַרבעטער אין אַרץ־ישראל און אַרגענטינע, איצט האָב איך צום ערשטן מאָל דאָ דערזען יידישע ערד־אַרבעטער מיט אַ היפּשער מאָס זעלבסט־פאַרוואַלטונג און אַרויסגעוויזענע פעיקייטן פאַר אַ נייעם געזונטן לעבנס־שטייגער.

מיין ערשטער התלהבותדיקער רושם איז געווען אַ היפּש ביסל אַרומ־געזוימט אויך מיט אַנטוישונג. אין זייער זעלבסטפאַרוואַלטונג האָב איך אויך באַמערקט קליינלעכע רייסערייען, צאַנקענישן פאַר אַ ביסל כבוד, פּונקט ווי אין די יידישע קרעמערישע און קליין־בעלי־מלאכה׳שע שטעטלעך, געווען אויך דאָ פיינלעכע סימנים פון קלאַסן־אונטערשיידן: אַרויפגעאַרבעטע „קולאַקישע״ רייכערע האָבן געוואָלט כסדר שפּילן „דאָס ערשטע פידל״ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון די קאָלאָניעס. אָט די אַנטוישונג, האָט אַ שאַרפן שניט געטון אין מיין ס.ס.״יש האַרץ, אין מיין זען און פאַרשטיין „מן הפרט אל הכלל״, אַז אַזוי וועט זיכער זיין דער מצב־הענינים אויך אין דער גרויסער טעריטאָריע, ווען מיר וועלן צו איר זוכה זיין... די אַנטוישונג־שאָטנס האָבן זיך אָבער אין דער נייער באַאָבאַכטונג געשלענגלט אַרום אַ שפּאַר־ביסל ליכט, וויכטיק דערעיקר איז געווען דאָס, וואָס פריערדיקער סתם־חלום האָט זיך דאָ אָנגעקליידעט אין בלוט און פלייש פון אַנשוילעכן וואר.

די אידעאָלאָגישע סביבה אין די היגע קאָלאָניעס איז געווען ביז גאָר אַן איינגעשרומפּטע, קליינע, ס׳רוב היגע יידישע ערד־אַרבעטער זענען געווען פאַרבעלי־גוף׳ט און זיך בכלל ווייניק אָפּגעגעבן מיט גייסטיקע ווערטן. דאָס הייפּעלע מענטשן וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו העכערע גייסטיקע ענינים,

צו געזעלשאַפטלעך־אידעאישע באַוועגונגען, איז ס׳רוב געווען פון די יוגנט, זי האָט אָבער אירע כחות אָפּגעגעבן אָדער דעם ציוניזם אָדער דער גויאיש־ס.ר.׳ישער באַוועגונג. די היגע „קאַזיאָנע״ לערער, וואָס זענען געשטאַנען אין סאַמע־שפּיץ פון דער קליינער אָרטיקער אינטעליגענץ, האָבן אין זייער מערהייט געהערט צו דער ס.ר.׳ישער פּאַרטיי און פּלייסיק זיך אָפּגעגעבן מיט אָרגאַניזירן די אַרומיקע גויאישע פּויערים (צווישן די אייגענע יידישע פּויערים האָבן זיי געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג!), געווען עטלעכע „קאַזיאָנע״ לערער, וואָס זענען אַפילו געשטאַנען אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער אנארכיסטישער באַוועגונג, וועלכע איז אין דער געגנט געווען בכלל גאַנץ שטאַרק (ניט צופעליק איז פון אָט דער געגנט שפּעטער אויסגעוואַקסן דער באַרימטער מאכנא. אין מיין צייט האָב איך בלויז געהערט זיין נאָמען, ער אַליין איז דאַמאָלס נאָך געווען אין פאַרשיקונג).

די עטלעכע געציילטע ס.ס.אָווצעס, וואָס איך האָב דאָ געפונען — ווי די דערמאַנטע לעוויטאַן און באגאראטשאוו, האָבן געהאַט געשאַפן א מין אייגענעם סינטעז צווישן ס.ס. און ס.ר., — דאָס פּויעריש־יידישע לעבן האָט אין דעם פּרט געוויס משפּיע געווען, זיי זענען עס, הייסט עס, געווען די פאַרלויפער פון דער טענדענץ, וואָס האָט זיך שפּעטער אין אַ סך אַ ברייטערן פאַרנעם אַרויסגעוויזן אין דער פאַרטיי אינגאַנצן, שוין נאָכדעם ווי זי איז געוואָרן די „פאַראייניקטע פאַרטיי״ און ס. ס. האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט די י. ס., די וואָס האָט מיט מאַרק ראַטנערן בראש געשעפט פון נאראדאוואליש־ס.ר.ישן קוואַל.

ווי ווייניק מיר זענען געווען, האָבן מיר זיך אַ נעם געטון פאַר דער היגער יוגנט מיט אונדזער ס.ס.ישער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. דורכגעפירט צווישן־קאָלאָניאַלע צוזאַמענטרעפן פון סימפּאַטיקער, איינגעאָרדנט דיסקוסיעס מיט די ציוניסטן און מיט די אסימילאַטאָריש־ס.ר.ישע היגע וואָרט־זאָגער. דער „קאַזיאָנע״ לערער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער באַפעלקערונג אין די רוסישע דערפער: עפּעס אַ קלייניקייט אַ מענטש אין אַ רעגירונגס־אוניפאָרם, און דערביי נאָך — ניט ווי אַלע אַנדערע „קאַזיאָנע״ מענטשן — אַ פריינטלעכער צו די פּשוטע בירגער... דער לערער איז דאָ געווען אַלץ: אַן עצה־געבער, אַ בורר אין פאַרשידענע סכסוכים צווישן איינצעלנע ערד־אַרבעטער, און אַפילו אויך דער ראַט־געבער אין ענינים פון מעדיציניִשער גיכער־הילף... געדענק איך איינע אַ זייער שלעכטע דערפאַרונג, וואָס איז אויסגעפאַלן אַמאָל אין מיין גורל אויף אָט דעם לעצטן געביט: איינמאָל אין אַ קאַלטן פראסטיקן ווינטער־שבת קומט צולויפן צו מיר אַ ביז טויט איבערגעשראָקענע מאַמע:

— גאָספּאָדין אוטשיטעל, העלפט! מיין חיים׳ל, אייער תּלמיד פון ערשטן קלאַס, האָט זיך פאַרגלוסט פּלוצים אַ לעק צו טון די אייז, וואָס אויף דער אייזערנער קליאַמקע פון דער הויז־טיר אין דרויסן, און דער צונג איז אים צוגעפרוירן געוואָרן צו דער קליאַמקע... וואָס זאָל איך טון? דער דאָקטאָר וווינט דאָך ווייט פון אונדזער קאָלאָניע און ביז איך וועל דערלויפן צו אים,

וועט נאָך מיין חיים'ל, חלילה, פאַרבלייבן אָן אַ צונג... איר, גאָספאָדין אוטשיטעל, מוזט עס זיין במקום־דאָקטאָר און זאָגן מיר וואָס צו טון.

איך בין געווען אין פולער פאַרלוירנקייט. האָט זי, די מאַמע, גענומען מיר אַרויסהעלפן מיט אירע אייגענע מיטל־זוכונגען:

— אפשר גאָר גיסן הייסע וואַסער אויף דער קליאַמקע, וועט זיך חיים'לס צונג ממילא אָפּקלעפּן פון איר?...

האָב איך, אַזאַ עם־הארץ אין מעדיצין ווי איך בין געווען און דערצו נאָך ביי מיין אומבאַהאָלפנקייט ביז געפלעפּטקייט, געהאַט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אין דער ווערטיקאַלער ריכטונג: „אפשר"!...

און איר זאָלט שוין גאָר ניט פרעגן: פון דעם וואַסער וואָס חיים'לס מאַמע האָט געלאָזן גיסן באַלד נאָך אָט דער „עצה" מיינער אויף דער קליאַמקע איז חיים'ל בדרך־נס פאַרבליבן מיט אַ צונג אין מויל, די צונג איז אַלץ מער צוגע־פרוירן געוואָרן צוליב אָט דעם וואַסער, און איז צום סוף אָפּגעקומען מיט איבערלאָזן אויף דער קליאַמקע גאַנצע שטיקער פאַרבלוטיקט פלייש פון זיין צונג...

אין אַלץ איז דער לערער געווען אַ בעל־השפעה, אָבער ניט אין הלכות־אידעאָלאָגיע בפרט אין די אויגן פון די עלטערע מענטשן אין דער קאָלאָניע, יענע האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אָן אפיקורס, אויף אַ פרעמדן עלעמענט, באַזונדערס ווען דער לערער, איז נאָך, פונקט אַזוי ווי איך, געקומען פונדער־ווייטנס, אַזש „פון ליטע", באַדאַרף מען אים געוויס אויסווייכן אין גייסטיקע אָנגעלעגנהייטן (ביי די עלטערע האָט עס געהייסן: רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן). האָב איך טאַקע געכאַפּט אַ פּסק, ווען איך בין אַרויסגעטראָטן אין היגן בית־מדרש איינמאָל אין אַ שבת און געפּרוווט א זאָג טון עפּעס וועגן סאָציאַליזם. איינער אַ בכבודיקער עלטערער ייד פון דער קאָלאָניע איז צו מיר גלייך צוגעגאַנגען און אַריינגעשושקעט גוטפריינטשאַפטלעך, זוכנדיק מיין טובה:

— גאָספאָדין אוטשיטעל, פאַר אייך פּאַסט עס ניט... איר זענט דאָך עפּעס אַ „קאַזיאָנער" מענטש, איר וועט נאָך, חלילה, אַריינכאַפּן דערפאַר פון באַטשאַלסטוואָ...

וואָס זשע פּאַסט יאָ פאַר מיר — לויט דער מיינונג פון אָט יענעם אַלטן פּריינט מיינעם? — קומען מיט די שול־קינדער אין אַ צאַרישן יום־טוב, אַ „טאבעל"־טאָג, און זינגען „באָזשע, צאַריאַ כראַני" (ווי ס'איז טאַקע דעקרע־טירט געוואָרן דורך דער שול־אינספּעקציע)... דאָס איז אָבער פאַר מיר, ווי פאַר אַלע אַנדערע „קאַזיאָנע" לערער, די „קראַמאַלניקעס", געווען אַ פּיינטלעכע פליכט. איך האָב זיך אָבער פון דעם ניט געקענט אַרויסדרייען, ווייל איך בין דאָך אַ שטיק־צייט געווען דער איינציקער לערער אין „גאַרקאַיאַ"־אָזשאַריוועצער שול. איז פאַר מיר אָזשאַרעוויטש אין אַזעלכע טעג טאַקע ווידער אַמאָל געוואָרן „גאַרקאַיאַ" — ביטער! צום גליק אָבער האָט די פּאַרטייאישע אַרבעט צוגעגעבן אַ ביסל נחת און זיסקייט... איך פלעג פון צייט צו צייט צופאָרן קיין גולאַי־פּאָליע, דעם ריזן־דאָרף, וואָס איז געווען אַ וויכטיקער רעוואָלוציאָנער־פאָרערשער צענטער, און קיין יעקאַטערינעסלאַוו. אין גולאַי־פּאָליע האָב איך

געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ ריי וויכטיקע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, צווישן זיי אויך מיט מאַכנאָס תלמידים און חברים אַנאַרכיסטן, (מאַכנאָ אַליין איז דעמאָלס געווען אין פאַרשיקונג), און דאָרטן זיך באַטייליקט אין אַן אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג ערב אַ שטרייק אויף קערנערס גרויסע מילן, וואָס דערמיט האָב איך צופעליק שאַדן געבערענגט דעם שוואָגער פון מיין ערשטער שול־פּראַוואַל־טעריך, פון וועלכער איך האָב אַזוי פיל געלערנט: דער גולאַי־פּאָליער גביר קערנער איז געווען דער שוואָגער פון יעווגעניאַ איסאַקאָוונאַ, די וואָס אין איר שול, אונטער איר לייטונג, איך האָב עס דעביוטירט מיט מיין פּעדאַגאָגישער טעטיקייט אין פּעדאַדאָסיע...

אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָב איך זיך געטראָפן מיט פירנדיקע פּערזענ־לעכקייטן פון אונדזער דאָרטיקער ס.ס.ישער אָרגאַניזאַציע, עטלעכע פון זיי זענען שפּעטער געשטאַנען אין סאַמע אויבנאָן פון דעם יידישן שול־וועזן אין אוקראַינע נאָך דער רעוואָלוציע און זענען עס געווען די פאָנען־טרעגער פון יידישיזם.

דאָס לעבן אין פאַרוואָרפענעם ווינקל איז מיר דערעסן געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל ליבער גיין „דינען" אַבי אַוועק פון דאָרטן. האָב איך מיין נאַטשעלסטווע געמאָלדן, אַז פון נייעם לערן־יאָר פאַרלאָז איך מיין „קאַזיאָנע" שטעלע. מיט דער יידישער ערד־אַרבעטערישער געגנט און מיינע נייע פריינט האָב איך זיך געזעגנט אויף אַ פאַרטייאיש־אימפּראָוויזירטער „קאָנפערענץ", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די זומער־וואַקאַציעס אין דער גרויסער קאָלאָניע נאָוואָ־פּאָלטאַווקע אין כערסאָנער גובערניע, ווו ס'זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע „קאַזיאָנע" יידישע לערער פון אַלע קאָלאָניעס אין ביידע גובערניעס: יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער, אויף לאַנדווירטשאַפט־לעכע קורסן פאַר לערער. ס'זענען זיך אויף אָט די קורסן צוזאַמענגעקומען לערער־ס.ס.אָווצעס פון דער גאַנצער געגנט עטלעכע צענדליק, קיין גינסטיקערע געלעגנהייט פון לעגאַלן שטאַנדפּונקט פאַר אַ פאַרטייאישער קאָנפערענץ ווי דאָ, אין נאָוואָ־פּאָלטאַווקע, איז זיך געווען שווער פאַרצושטעלן, אַפילו דעם וואַכ־זאַמסטן פּאָליציסט איז ניט איינגעפאַלן, אַז דווקא דאָ, זאָל פאַרקומען אַן אומלעגאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ.

פון דאָרטן בין איך געפאָרן קיין אָדעס אויף פּעדאַגאָגישע זומער־קורסן פאַר לערער, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך „מפיצי השכלה" אין דער שול „טרוד" אויף באַזאַרנע גאַס. דאָרט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו טרעפן זיך מיט חברים פון גאַנץ רוסלאַנד.

אין אָדעס האָבן מיר עס, אַ גרופּע פון דריי פּאַרטיי־חברים: ישראל יאָכינסאָן, מייזעל פון קעשענעוו און איך, באַשלאָסן צו גרינדן אַ טאָפּעלטן פאַרלאַג — אויף אַרויסצוגעבן גוטע לייען־ביכעלעך אויף יידיש פאַר קינדער (דער נאָמען פון פאַרלאַג „פאַר אונדזערע קינדער", דער פאַרלאַג האָט טאַקע באַוויזן אַרויסצוגעבן דריי שיינע ביכעלעך: פּרצ'ס „דער קונצנמאַכער", מ. ספּעקטאָרס „פייוול דער גרויסער און פייוול דער קליינער" און פרוגס „דאָס שטויסל") און אַרויסצוגעבן דינע העפטלעך אויף פאַרטייאישע טעמעס לויט

דער מוסטער פון די אויסגאַבן „דאַנסקאַיאַ רעטש" אין רוסיש (אַט דעם צווייטן טייל פון אונדזער באַשלוס האָבן מיר, ליידער, ניט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן). ס'איז געווען אַ געוואַגטער שריט פון אונדזער זייט: ניט געהאַט קיין געלט, ניט פאַרמאָגט די נויטיקסטע פאַכמענישע אַנונג וויאַזוי צוצוגיין צו אַזאַ קאָמפּליצירטן ענין. מיר האָבן אָבער פאַרמאָגט איינס: יוגנטלעכע התלהבות. געדענק איך ווי פאַר די געציילטע רובלס וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט — פון אונדזער אייגענער קעשענע — האָבן מיר קודם־כל זיך איינגעשאַפן אַ פּאַפּיר־„סטאָק" — און דעם „סקלאַד" פאַר דעם געמאַכט אויף אַ קליידער־שראַנק אין דער דירה פון יאַכינסאָנס מוטער...

## ז.

## צווישן שוועד־אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט

דער טערמין פון שטעלן זיך צום מיליטער, ווי איך האָב עס באַשלאָסן צו טון, איז אויסגעפאַלן אין אַ 4־5 חדשים נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן געוויינלעך דאָס שול־יאָר אין די שולן, האָב איך פאַר אָט דער צווישנצייט ניט געקענט פאַרבינדן מיט אַ לערער־שטעלע אויף אַ גאַנץ־יאָר. צייט־ווייליקע אַרבעט האָב איך געקענט אָננעמען נאָר אין אַ פּריוואַטער שול. האָב איך זיך „איינגעאָרדנט" פאַרלויפיק אין אַזאַ פּריוואַטער שול אין קעלם, דאָס שטעטל פון באַקאַנטן „קעלמער מגיד" און פון די מוסרניקעס אין קאָוונער גובערניע. דאָרטן האָב איך עס באַדאַרפט אָפּוואַרטן ביז צו דער „פּריזיוו"־צייט, ווען ס'וועט באַשלאָסן ווערן מיין גורל: אָדער ס'וועט מיר ביישטיין דער זכות פון מיין קורצזיכטיקייט און מ'וועט מיך באַפרייען פון אַקטיוון מיליטער־דינסט און איך וועל ווידער קענען פאָרטזעצן מיין נאָרמאַלע שול־ (און פּאַרטיי־) אַרבעט, אָדער מ'וועט מיך, חלילה, „אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט" און ס'וועט אויף עטלעכע יאָר זיין אויס מיט מיין געוווינטשענער טאָפּעלער אַרבעט.

די עטלעכע חדשים אין קעלם האָב איך פאַרבראַכט אין אַקטיווער פּאַרטיי־אַרבעט: כ'האָב דאָ געטראָפן אַ פלייסיקע ס.ס.־גרופּע מיט דעם חבר גורוויטש, דער זון פון היגן רייכן מאַנופאַקטור־סוחר, בראש, — אָט דער חבר גורוויטש האָט עס עטלעכע מאָל געהאַט אָרגאַניזירט שטרייקן פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין זיין אייגענעם טאַטנס געשעפט. אין שטעטל איז בכלל געווען אַ היפּשע יוגנט מיט ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערע שטימונגען, אַלע קאָלירן פון פּאַרטייאישן „רעגנבויגן". אין די עטלעכע חדשים פון מיין געפינען זיך דאָרט האָב איך פאַרבראַכט אין רוישיקער פּאַרטיי־טעטיקייט מיט דעם אייפער פון אַ שכור. וואָס האָט מורא, אַז אָט באַלד וועט מען אים אינגאַנצן אָפּרייסן פון דער „פאַס"...

אונדזער קעלמער ס.ס.ישע גרופּע האָט זיך געפונען אין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע אין שאַוול, (דער אָנפירער איז געווען חבר בערמאַן), וווהין איך בין עטלעכע מאָל געפאָרן אין די אָנגעלעגנהייטן פון דער פּאַרטיי געווען איין מאָל מיט די אייגענע צוועקן אויך אין וואַרשע, ווו כ'האָב זיך געטראָפן מיט די חברים שלמ'קה זוסמאַן און אַ טעטיקן חבר פון ס.ס. אין פליישער־פאַריין (כ'געדענק ניט זיין נאָמען).

אין קעלם בין איך איינמאָל אָװעקגעשטעלט געװאָרן אין זײַער אַ פּײַנלע־כער סיטואַציע. ס׳איז געװען אין די טעג װען מ׳האָט געפּײַערט אין גאַנץ רוסלאַנד דעם 30 יאָריקן יובל פֿון דער ראָמאַנאָװ־דינאַסטיע. אויף מיר, װי אויף דעם רוסישן לערער פֿון דער אָרטיקער פּריװאַטע שול איז דוך דער שול־מאַכט אָרױפֿגעװאָרפֿן געװאָרן די טרױעריקע פֿליכט צו דרשנ׳ען פֿאַר די אױפֿגעזאַמלטע שול־קינדער אין דער היגער גרױסער שול װעגן די מעלות טובות פֿון דער ראָמאַנאָװ־מאָנאַרכיע... און איך האָב עס באַדאַרפֿט טון, מעשה שטן, אין דער אײגענער גרױסער שול, װוּ איך בין פֿריער ניט איין מאָל אַרױסגעטראָטן מיט אָפֿענע רעװאָלוציאָנערע רעפֿעראַטן פֿאַר דעם עולם ראַדיקאַלע יוגנט. האָב איך געפֿונען אַן אױסװעג, מישטײנס געזאָגט, אין דער אַלט־מגידישער פֿאָרם: גערעדט מיט רמזים, אַרײַנגעפּלאָכטן משל׳ס און נמשל׳ס. דער עולם זאָל פֿילן און אַרױסהערן, אַז ס׳איז אַן אונטערשייד צװישן אױסערלעכן „דאָברע ריידעלע״ און אמתן, אינערלעכן „ניע דאָברע מײַנעלע״...

געקומען די צײַט פֿון מײַן „פּריזיװ״ — און נאָך אַ שטיקל װאַלגערן זיך אין מיליטער־שפּיטאָלן בין איך אין אַ מזלדיקער שעה באַשאַנקען געװאָרן מיט אַ „װײַסן בילעט״. מײַן קורצזיכטיקײט און דערצו נאָך די סומע געלט, װאָס גוטע פֿרײַנט, פּאַרטײ־חברים פֿון װילנע האָבן „אונטערגעשמירט״ די אַנט־שפּרעכנדיקע פּריזיװ־באַאַמטע, האָבן מיטגעהאָלפֿן אין דעם. כ׳האָב געקענט װידער אָנעמען אַ שטענדיקע לערער־אַרבעט. אַזאַ האָט זיך פֿאַר מיר געפֿונען אין פּערם אויפֿן אוראַל. אין פּערם, װוּ די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז באַשטאַנען בעיקר פֿון אײניקלעך און אור־אײניקלעך פֿון „ניקאָלאַיעװסקע סאָלדאַטן״, איז געװען אַ ניט־שלעכט־אײַנגעאָרדנטע ייִדישע שול מיט אַ היפּשער צאָל תּלמידים. ייִדישע ייִדן פֿון ליטע און פּױלן זענען אין פּערם כמעט ניט געװען בנמצא. די דאָרטיקע האַלב־אַסימילירטע ייִדן האָבן אָבער געהאַט אַן אײגנאַרטיק־ראָמאַנטישע, צעשװוּמענע באַציִונג צו ייִדן און צו ייִדישע אינטערעסן — בײַ זײַער גאַנצער אױסערלעכער פֿאַרגױ׳אישקײט זענען עס געװען אינערלעך־װאַרעמע ייִדן. דאָ איז געװען זײַער פּאָפּולער דער ציוניזם. אײנע פֿון די בכבודיקסטע און השפּעה־רײַכסטע משפּחות איז דאָ געװען, למשל, די משפּחה קױפֿמאַן, װאָס אײנער פֿון איר איז שפּעטער אַריבער קײן כאַרבין און דאָרטן אַרױסגעגעבן יאָרנלאַנג אַ מין נײַע אױפֿלאַגע פֿון „יעװרעיסקאַיאַ זשיזן״ פֿאַר דעם װײַטן מזרח. פֿון דער אַנדערער זײַט איז צװישן פּערמער, און אוראַלער ייִדן בכלל, געװען ניט װײניק טעטיקע רעװאָלוציאָנערן, דאָ האָבן זיך געפֿונען אַ סך געװעזענע פּאָליטישע פֿאַרשיקטע, װעלכע האָבן ניט צעריסן זײַער שײַכות־קנופּ מיט דער פֿאַרגאַנגנהײט. פּערם איז געװען אַ װיכטיקער צענטער פֿון דער שװערער אינדוסטריע, אױף אײן האַרמאַטן־זאַװאָד, למשל, אין מאָטיװיליכע, אויף יענער זײַט קאַמע־טײַך, האָבן געאַרבעט אַ 4־5 צענדליקער טױזנט אַרבעטער, און דאָרטן װוּ ס׳איז געװען אַן אמתער, שװער־אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט, האָבן ממילא אױך געװירקט טעטיקע ראַדיקאַל־רעװאָלוציאָנערע פּאַרטײען. און װאָס ס׳איז פֿאַר מיר געװען אַ נײַס, ממש אַן אַנטפּלעקונג, איז געװען דאָס, װאָס אויף מאָטיװיליכער זאַװאָד האָבן געאַרבעט — אמת, דאָס־רוב בלױז װי־

באַמת — אויך יידן. און מיט דער הילף פון גוי'אישע חברים איז מיר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט בייצוזיין און אַפילו ארויסצוטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען און קרייזן פון אמתע פּראָלעטאַריער! —

קיין ס.ס.אָווצעס האָב איך דאָ, אין פּערם, פון אָנהויב אָן ניט געטראָפן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין דער אומגעגנט זאָלן זיך יאָ געפינען געציילטע ס.ס.־אָווצעס, אין אכאנסק, אַ שטייגער, אין אופא זאָל אַפילו זיין אַ גאַנצע גרופּע. מיר איז געלונגען מיט זיי צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג. מיר האָבן עס אַפילו געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן איין מאָל אָפּגעהאַלטן אַ מין געגנט־קאָנפערענץ פון אוראַל אין ווייטן אופא — אויפגעקומען זיך צוזאַמען אָן אַנדערהאַלבן־צענדליק חברים פון פאַרשידענע אוראַלער שטעט, ס'איז אָבער נאָר געווען אַ טעאָרעטישע קאָנפערענץ, ווייל פאַר קיין דירעקט־פּראַקטי־שער פּאַרטיי־אַרבעט האָבן מיר, ביי אונדזער גאַנצן ווילן, דאָ קיין מעגלעכקייט ניט געפונען.

איך האָב זיך איינגעשאַפן אַ היפּשע צאָל קריסטלעך־רעוואָלוציאָנערע פריינט. הגם יידן האָבן דאָ געשפּילט די „ערשטע פידל" כמעט אין אַלע אַלגעמיינע פּאַרטייען, האָבן אָבער די קריסטלעכע חברים אַרויסגעוויזן מער פאַרשטענדעניש פאַר די ספּעציעלע נויטן פון יידישן אַרבעטער, איידער די יידיש־אסימילירטע פירער פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג. פון די יידישע היגע ראַדיקאַלן־פירער, וואָס האָט יאָ געהאַט אינטערעס פאַר דער ס.ס.־פּראָבלעמאַטיק, איז געוואָרן אַ שטענדיקער אויפנעמער און טרייער שטודירער פון דער ס.ס.־ליטעראַטור, וואָס איך פלעג אים צושטעלן, זאָל דאָ דערמאַנט ווערן ווערשאָוו — דער רעדאַקטאָר פון דער סאָלידער צייטונג פאַר קאָאָפּעראַציע און ווירטשאַפט־לעכן פּראָגרעס (אַזאַ איז געווען דער אונטערקעפּל פון דער צווייוואָכנשריפט) אין גאַנצן אוראַל. ס'איז געווען אַ מערקווירדיקע פּערזענלעכקייט: אַ ציוניסט און אַ סאָציאַליסט אין איין דערזעלביקער צייט, אַ סאָציאַליסטישער דיאַלעק־טיקער פון גאָר אַ הויכער מדרגה, אַ חריף און אַ בקי פון דעם שניט ליטוויש־יידישער למדן, הגם ער האָט צו אָט דער סביבה ניט געהאַט קיין מינדסטע שייכות — געווען דער פינפטער־זעקסטער דור פון אַ „ניקאָלאַיעווסקין סאָלדאַט", דערצו נאָך איז ער געווען אַ זעלטענער בעל־מידות, געווען אָנגענומען אין אַלע קרייזן פון דער גרויסער שטאָט און אַפילו פון דער גאַנצער געגנט. ער האָט עס מיר אַמאָל דערציילט, וויאַזוי ער איז אויף „סילקע" באַפריינדעט געוואָרן מיט לעוו טראָצקין און אַז ער האַלט נאָך אויף פאַרבינדונגען מיט אים ביי אַלע געלעגנהייטן.

אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אין גאַנץ רוסלאַנד צווישן יידן די פּראָטעסט קאָמפּאַניע קעגן דער דייטש־יידישער „עזרה" פאַר איר ווילן פאַר־גערמאַניזירן דעם העברעאישן טעכניקום פון חיפה, ארץ־ישראל. אַ רוף צו באַטייליקן זיך אין אָט דער פּראָטעסט־אַקציע איז דערגאַנגען אויך צו די פּערמער ציוניסטן מיט דעם פאַרוואַלטער פון דער שול, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס לערער, בראש. אראן בענציאָנאָוויטש לעווין, דער קאַזיאָנער ראַבינער פון פּערם און דער פאַרוואַלטער פון דער שול, האָט אוועקגעשיקט אַ פּראָטעסט־

דעפעש קיין חיפה אין נאָמען פון די שילער אויף די אָוונט־קורסן ביי דער שול און אין נאָמען פון די שול־לערער. ער האָט אין אָט דער דעפעש פּורש־בשמם געווען אַלע לערער און בתוכם אויך מיך, האָט דערביי געהאַט פאַרגעסן, אַז עטלעכע פון די לערער, און אויך איך בתוכם, טאָרן גאָר ניט דערשיינען אָפיציעל ווי לערער פאַר געוויסע אַמטן — אונדז האָט מען איינגעאָרדנט „פראַוואָזשיטעלסטוואָ" ניט ווי לערער, נאָר ווי „דינער" ביי היגע דאָקטוירים. איך בין עס געווען דער „דינער" פון אַ געוויסן דאָקטאָר גורעוויטש, וואָס איך בין ביי אים אין הויז געווען סך־הכל איינאיינציק מאָל! — אַלס לערער האָבן מיר פיגורירט בלויז אין דער אָרטיקער שול־אינספּעקציע, ווען פאַר יעדן אַנדערן אַמט, אַפילו פאַר יעדן פּאָליציסט אין גאַס, האָבן מיר געמוזט זיך דעקלאַרירן נאָר ווי „סטאָראָזשן"...

די דערמאַנטע דעפעש איז אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון היגן שעף פון דער געהיים־פּאָליציי, וועלכער האָט געהאַט צו זיין וואַכזאַם צו יעדער חשד־דערוועקנדיקער זאַך צוליב דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג וואָס האָט בכלל געהערשט אין שטאָט. האָט דער „אָכראַנקע"־פּאָלקאָווניק זיך אָנגעשטויסן אין די דעפעש־אונטערשריפטן אויף נייע נעמען, באַצייכנטע אַלס לערער וואָס זענען באמת גאָר „סטאַראַזשן", איז עס אים געוואָרן אויפאַלנדיק, און אָט האָט ער מיך אַרויסגערופן צו זיך און גלייך אויף מיר אַ שליידער געטון די האַרבע פראַגע:

— ווי קומט עס, יונגערמאַן, אַז איר, אַ „סטאַראַזש" ביי ד"ר גורעוויטש זענט גאָר אַ „וואָספּיטאַטעל מאָלאָדיעזשי" (אַ יוגנט־דעריצער) ?...

ווי דער מנהג איז געווען דאַמאָלס ביי „אָכראַנקע"־פּאָלקאָווניקעס, נאָך פון זובאַטאָוו'ס צייטן, האָט אויך מיין פּאָלקאָווניק געמאַכט אַ אָנשטעל פון אַ גוטס־ווינטשער, וואָס גייט אַריין אין דער לאַגע פון זיין אויסגעפאָרשטן, און האָט מיך מיט זיסע ריידעלעך גענומען טרייסטן: ס'וועט מיר, חלילה, קיין שלעכטס ניט געשען, ער האָט טאַקע רעכט און פליכט מיך באַלד צו אַרעסטירן פאַר דעם וואָס איך האָב אָפּגענאַרט די ממונים אויף „פראַוואָזשי־טעלסטווא", ער וועט מיך אַפילו ניט לאָזן אַרויסשיקן פון שטאָט צוריק אין „טשערטא אשעדלאסטי" אַריין, אלא וואָס דען? איך באַדאַרף אים טון נאָר איין קליינע געפעליקייט: דערציילן אים וועגן די היגע יידן און זייערע טוער...

איך ווייס ניט מיט וואָס פאַר אַ כח איך האָב עס געטון, נאָר איך האָב אים באַלד העזה'דיק אָפּגעשלאָגן די פליגל: „אַרעסטירט, שיקט אַרויס, פון מיר וועט איר גאָרנישט דערפאַרן!" —

ער האָט מיך באַלד פאַרשפאַרט אויף עטלעכע טעג. די זאַך איז דערגאַנגען צום אויבנדערמאַנטן ווערשאַווער, ביי זיין שתדלנות בין איך אַרויס פון דער „אָכראַנקע"־רשות און בין ניצול געוואָרן פון דער געפערלעכער נעץ...

איך ווייס ניט, אמת, צי עס וואָלט לאַנג אָנגעהאַלטן אָט די לאַגע מיינע, צי וואָלט דער זיסער „אכראנקע"־שעף אינגאַנצן מוותר געווען אויף זיין פּרוּוו אָנצווינגען מיר באַזוכן ביי אים, ווען איך וואָלט ניט עוקר געווען פון פערם נאָך צוויי יאָר אַרבעטן דאָרטן.

נאָך מיין פאַרלאָזן פערם האָב איך באַזוכט — מיט אַ עקסקורסיע פון

לערער און סטודענטן אין ארץ־ישראל — געזען דאָרטן די געוואָגטע ערשטע פּאַרמעסטונגען אויף שאַפן אַ קבוציש אַרבעטער־לעבן, געטראָפן צווישן די הויפּט־טוער פון אָט דער פּאַרמעסטונג עטלעכע געוועזענע ס.ס.אָווצעס, צווישן זיי בערל קאַצענעלסאָנען, דוד רמז־דראַבקין, האַרצפעלד. זיי אַלע האָבן געדעט וועגן ס.ס. מיט אַכפּערונג, הגם זיי זענען שוין געווען קעגנער פון זייער געוועזענער פּאַרטיי — „מיר האָבן פון ס.ס. אַ סך געגאָסן" — האָבן זיי אויפריכטיק צוגעגעבן.

איך בין נאָכדעם מגולגל געוואָרן קיין קיעוו און סימפעראָפּאָל.

## ח.

## צוריק אין קרים

ס'איז געווען די בלי־צייט פון האָפנונגען און געלונגענע פּאַרווירקלעכונגס־מעשים אויפן געביט פון יידישן־יידישיסטישן שול־וועזן. „מעז יצא מתוק" — די גרויסע יידישע היימלאָזע־כוואַליע, וואָס האָט געפלייצט, צוליב ניקאָלאַי ניקאָלייעוויטשעס אַנטיסעמיטישע גזירות, פון נאָענט צו די קריגס־זאָנעס אין דער „טשערטא אסיעדלאסטי" און דערטראָגן זיך צו אַלע גרעסערע שטעט פון צענטראַל־רוסלאַנד, האָט געמאַכט פּאַר מעגלעך און נויטיק די אַרבעט אויפ־צושטעלן אַ בילדונגס־ און דערציונגס־נעץ מיט דער יידישער אונטעררייכטס־שפּראַך. דאָס יידישע שול־וועזן איז געווען אַ לעגיטים־קינד פון יידיש־סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען בכלל. ס.ס.ישע טוער זענען צווישן די דורכזעצער און אויפ־בויער פון נייעם שול־וועזן געווען פּראָפּאָרציאָנעל אין דער גרעסטער צאָל.

ס'איז דאַמאָלס באַרימט געוואָרן, למשל, די דעמיעווקער יידישע שול (ביי קיעוו), וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ביז־גאָר וויכטיקן און אינטע־רעסאַנטן פּעדאַגאָגישן עקספּערימענט פון פרייער דערציונג, איז געוואָרן אַ מין „מעקאַ" פּאַר דער נייער יידישיסטישער שול־באַוועגונג בכל תפוצות רוסלאַנד, וווהין לערער פלעגן ממש עולה־רגל זיין, פּונקט ווי פּאַר די רוסישע לערער איז שפּעטער געווען די שול אין מאַלאַכאָווקע (ביי מאָסקווע), ווו שאַצקי האָט אויפגעשטעלט זיין עקספּערימענטאַלע שול. די דעמיעווקער יידישע שול איז אויפגעבויט געוואָרן דורך די ס.ס.אָווצעס שמעון דאַבין און מיכל לעוויטאַן.

איך האָב זיך געלאָזן קיין קיעוו, כדי צו געפינען זיך אין דער געבענטשטער מחיצה פון דעמיעווקער שול און אירע טוער. האָב איך אָבער שוין געפונען אין קיעוו גופא שול־פּרוון לויט דעמיעווקער מוסטער, ווי אַ שטייגער די שול פּאַר היימלאָזע אויף פּאַדאָל, דאָ האָבן געאַרבעט בעיקר בונדיסטישע לערער.

איך בין פאַרבעטן געוואָרן אין אָט דער שול און, אַזוי ארום, געוואָרן ווי אַ ס.ס.ישער רעפּרעזענטירער אין דער סאַמע בונדישער פעסטונג. פּאַר צווישנ־פּאַרטייאישע ויכוחים איז דאָ קיין פּלאַץ ניט געווען, אַלע לערער האָבן דאָ געאַרבעט מיט איין גרויסער התלהבות, וואָס האָט אַלעמען פּאַראייניקט.

קיין דירעקטע פּאַרטייאישע טעטיקייט איז דאַמאָלס אין קיעוו, און ניט בלויז דאָרטן אַליין, כמעט ווי ניט אָנגעגאַנגען. מ'איז געווען בעיקר פאַרנומען מיט דער קולטורעלער ווי אויך עקאָנאָמישער אַרבעט לטובת די היימלאָזע, וואָס

האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט די בעסטע טוער פון די ייִדיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די קעגנערישע ייִדישע פּאַרטייען פלעגן זיך טאַקע באַקלאָגן, אַז די ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן פון אַט דער אַרבעט געמאַכט אַ מאָנאָפּאָל־געביט פאַר זיך: די געזעלשאַפט „אָרט", „אָזע" אאַ"וו. זענען באמת טאַקע געווען כמעט אינגאַנצן אין די הענט פון די ייִדיש־סאָציאַליסטישע טוער, אויך די חברה „מפיצי־השכלה", וואָס האָט דירעקט געהאַט אַ שייכות צו די שולן, אין דעם חשבון.

איך בין אינגיכן געוואָרן געוואָרן קיין סימפעראָפּאָל, ווו די גרויסע „תלמוד־תורה"־שול איז „אָקופּירט" געוואָרן דורך די ייִדישיסטישע לערער און פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ המשך פון דעמיעווקע, פּאָדאָלער שול וכדומה. אין סימפעראָפּאָל האָבן דאַמאָלס געאַרבעט ישראל יאַכינסאָן — מיין אַלטער פריינד, אויך אַ ס.ס.אָוויעץ, און יעפים איסאַקאָוויטש בעקער — אַ „ווייכער" בונדיסט מיט פאַרשטענדיקונג און אַפילו סימפּאַטיעס צו ס.ס. (ער איז דאָס מיט מיר צוזאַמען פריער געפאָרן קיין ארץ־ישראל). מיין אויפגאַבע איז געווען צו פאַר־שטאַרקן די ייִדישיסטישע פּאָזיציע אין דער שול, ווו. ס'האָבן נאָך געאַרבעט אויך באַדייטנדיקע העברעיסטיש־ציוניסטישע לערער, מיט לאַזאַר נאַאומאָוויטש שיין אין דער שפּיץ. דאָ איז אָנגעגאַנגען אַ באַגייסטערט־אָנגעשטרענגטע אַרבעט אויף אויסצופורעמען די געשטאַלט פון דער נייער ראַדיקאַלער ייִדישער פּעדאַ־גאָגיק להלכה ולמעשה.

מיר האָבן אָבער געפונען צייט און נויטיקייט אויך פאַר פּאַרטייאישער אַרבעט, אויסער דער שול: אַנטוויקלט אַ גרויסע אויפקלערונג־אַרבעט צווישן דער היימלאָזער־יוגנט, אָרגאַניזירט ס.ס.ישע פּראָדוקציר־ און קאָנסום־קאָאָפּעראַ־טיוון, אָפּגעהאַלטן דיסקוסיעס מיט די קעגנערישע סאָציאַליסטישע ריכטונגען און איינגעאָרדנט אַ מין „פאָלקס־אוניווערסיטעט".

אויף זומער־צייט איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן די פאַרוואַלטונג פון אַ זומער־קאָלאָניע פאַר היימלאָזע־קינדער אין גוט פון „מפיצי־השכלה" בעשטערעק, ביי סימפעראָפּאָל, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון אונדזער ס.ס.ישער אַרבעט, צוליב דער מעגלעכקייט פאַר קאָנספּיראַציע.

דאָס מאָל האָב איך בכלל דאָ אָנגעטראָפן אַ גאַנץ אַנדערן קרים, וואָס איך האָב פריער, ביי מיין זיין אַמאָל אין פעאָדאָסיע, ניט געקענט: ס'האָט איצט אומעטום געשווירבלט און געגריבלט מיט ייִדישע „טשערטאַ אָסעדלאָסטי"־מאַסן, ייִדיש האָט כמעט פאַרטריבן, אין דער אַלגעמיינער ייִדישער סביבה, אַפילו צווישן די אַלטגעזעסענע „קרימטשאַקעס", דעם רוסישן אומגאַנגס־לשון. סימפעראָפּאָל בפרט איז געוואָרן אַ מין קרימער „באַרדיטשעוו".

ווייל איך דאָ פאַרצייכענען אַן אינצידענט, וואָס איך האָב דאָ געהאַט אין דער שול, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאַמאָלסדיקע קאַמף־שטימונגען אַרום נייעם ייִדישן שול־וועזן, ווי אויך פאַר דער בייטונג אין די שטימונגען, וואָס האָט שפּעטער ניט אויסגעמיטן אויך די פריערדיקע ייִדישיזם־קעגנער: צו מיר אויף אַ לעקציע אויף די אָוונט־קורסן ביי דער שול איז אַמאָל אַראָפּ־געקומען דער פאַרדינסטפולער אינסטרוקטאָר פון „מפיצי־השכלה" חיים חיימאָ־וויטש פיאַלקאָוו, האָט ער מיך געטראָפן ביי אַנאַליזירן פרץ'ס אַ באַוועלע

(„שלום־בית” דוכט זיך), ווען כ'האָב געלאָזט פאַלן אַ איפּקלער־רייד וועגן קלאַסן־קאַמף און וועגן דער נויטיקייט צו באַזייטיקן די רבניש־רייך־בעל־הבתישע הגעמאָניע אין יידישן לעבן, איז חיים חיימאָוויטש אויפגעשפּרונגען פון אָרט אַ כעסדיקער, ער איז געווען גענוג חבריש־דעליקאַט מיר ניט צו מאַכן קיין באַמערקונג אין קלאַס גופא, פאַר די תלמידים אין די אויגן, דערנאָך אָבער אין לערער־צימער האָט ער מיר געמאַכט אַ שטרענגען פאָרוואורף, ביי דער בייוועזנ־הייט פון די איבריקע קאָלעגן, און האָט מיר קאַטעגאָריש מודיע געווען, אַז פאַר מיין פאַרשוואַרצן דעם פּנים פון טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן און פאַר מיין אינטערפּרעטירן ליטעראַטור אויף אַזאַ עקסטרעם־סאָציאַליסטישן אופן וועט ער אין פּעטערבורג פאָדערן, מ'זאָל מיך דערווייטערן פון דער אַרבעט... מיר האָט, אַלזאָ, געדראָט אַ נייער „וועלפישער בילעט”, דאָס מאָל שוין מצד דער יידישער מאַכט, מצד „מפיצי־השכלה”... וואָס איז אָבער פאָרגעקומען גאָר אינגיכן, סך־הכל אין אַ האַלבן יאָר אַרום? — דער אייגענער חיים חיימאָוויטש, וואָס איז פאַר דער צייט אַליין געוואָרן אַ יידישיסט, איז עס געווען דער, וואָס האָט מיר פאַרגעלייגט דעם פּאָסטן פון אַ באַפולמעכטיקטן פון אַ נאָנטער צו „מפיצי־השכלה” געזעלשאַפט, אָוועקגעשטעלט מיך אין איין ראַנג מיט זיך אַליין...

ט.

## צוריק אין מינסק.

אין רוסלאַנד האָט זיך באַלד נאָך דעם אויסברוך פון דער דאַמאָלסדיקער וועלט־מלחמה, באַלד נאָך די אַנטיסעמיטישע גזירות אויף יידן, געהאַט געגרינדעט אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט פון רוסישע אינטעלעקטואַלן און קינסטלער, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ צוועק צו רעהאַבילירן כאָטש אַביסל דאָס רוסישע פאָלק פון ניקאָלאַי ניקאָלייעוויטשעס חטאים, די געזעלשאַפט האָט געהייסן „רוסקאַיע אָבשצעסטוואָ פּאָמאָשצי יעווריעיאַם זשערטוואַם וואָיני” (רוסישע געזעלשאַפט צו העלפן די יידן געליטענע פון דער מלחמה) און אין שפּיץ איז געשטאַנען דער שרייבער־דרייליגג גאָרקי־סאָלאָגוב־אַנדרייעוו. דידאָזיקע געזעל־שאַפט האָט גענומען עפּענען פאַרשידענע אַנשטאַלטן ספּעציעל פאַר די יידישע היימלאָזע־קינדער: אַמבולאַטאָריעס, „טראָפּן־מילך”, קינדערהיימען און שולן. האָבן עס די גויים געמוזט נעמען אַ שטעלונג אין אונדזער יידישן קאַמף פאַר יידיש אָדער העברעאיש, און זיי האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די יידישיסטן. דאָס האָט אַריינגעבראַכט בשעתו אין כעס, מיט רעכט, געוויסע העברעאיסטיש־ציוניסטישע טוער; כ'געדענק, למשל, וויאַזוי אברהם מיכעלאָוו קאַפּלאַן אין מינסק (דער פעטער פון ערשטן פינאַנץ־מיניסטער אין ישראל, אליעזר קאַפּלאַן) האָט איינמאָל אָנגעגריפן די פאָרשטייערין פון דער געזעלשאַפט אַלעקסאַנדראַ סימאָפּייעוונאַ שאַסקאַלסקאַיאַ און האָט צו איר געטענה'ט: אייער פּושקין האָט דאָך געזאָגט „עטאָ ספּאָר סלאַוויאַן מעזשדו סאָבאָיו” — „דאָס איז דער שטרייט פון די סלאַווינער צווישן זיך אַליין, און קיין אַנדערער, קיין פרעמדער מן־הצד באַדאַרף זיך אין דעם ניט אַריינמישן (ס'האָט זיך געהאַנדלט דאַמאָלס אין

פושקין'ס צייטן, וועגן דער באַציונג צום רוסלענדישן פאַרכאַפּן פוילן), פּאַרוואָס זשע זאָלט אויך איר, די טוער פון אייער רוסישער געזעלשאַפט, ניט זאָגן לגבי אונדז: „ס'איז דער שטרייט פון סעמיטן צווישן זיך", וויאַזוי מישט איר זיך עס אַריין אין אונדזער אייגענעם שטרייט אַרום יידיש־העברעאיש ?... ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן: די רוסישע געזעלשאַפט האָט געבויט יידישיסטישע שולן, און איינגעלאַדן יידישיסטישע לערער. איך בין עס איינגעלאַדן געוואָרן, לויט דער עצה וואָס די „רוסישע געזעלשאַפט" האָט באַקומען פון „מפיצי־השכלה", צו זיין פעדאַגאָגישער אינסטרוקטאָר פון דער געזעלשאַפט אין מינסק און אומגעגענט. אין מינסק גופא, אין באָריסאָוו, באָברויסק איז דורך דער געזעלשאַפט אויפגעבויט געוואָרן אַ גאָר־גרויסע צאָל לערן־דערציערישע אַנשטאַלטן מכל המינים פאַר די יידישע־היימלאָזע־קינדער, מ'האָט אָט די אַנשטאַלטן באַדאַרפט אויפקאָמפּלעקטירן מיט פּאַסיקן פעדאַגאָגישן פערסאָנאַל, זאָרגן פאַר לערן־דער־ציערישן פּראָגראַם, — דאָס איז דאַמאָלס אַפילו נאָך די ערשטע, העכסט־געלונגענע פּרוּוון אין דעמיעוווקער און ענלעכע אַנדערע שולן, נאָך געווען אַ באמת־„ראַבינזאָנישע" אויפגאַבע, ענטוזיאַסטישע לערער, צווישן זיי אומקוואַ־ליפיצירטע מער איידער קוואַליפיצירטע, האָבן געוווּסט וואָס זיי ווילן, האָבן אָבער כמעט אינגאַנצן ניט געוווּסט וויאַזוי עס צו דערגרייכן. ס'איז נאָך ניט געווען קיין יידישע לערנביכער, קיין צוגעפּאַסטער לידער־ און שפּילן־מאַטעריאַל פאַר קליינע קינדער. האָבן זיך דאַן, אמת, יידישע שרייבער מאָביליזירט צו דערדאָזיקער אַרבעט — נאָך י. ל. פרץ האָט באַלד מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה און מיטן ערשטן שטראָם יידישע היימלאָזע זיך גענומען אָפּגעבן מיט דער ספּעציעלער שאַפונג פון לידער־רעפּערטואַר פאַר די נייע קינדערהיימען, שפּעטער האָבן ממשיך געווען די אַרבעט כמעט אַלע פעיקע יידישע שרייבער, דאָס איז אָבער געווען ניט גענוג, און די לערער גופא האָבן געמוזט ווערן מחברים.

אין אַלע נייע יידישן שולן בכלל און אין די אַנשטאַלטן פון דער „רוסישער געזעלשאַפט" בפרט איז אָנגעגאַנגען אַ באַגייסטערטע, אַקטיווע שאַפונגס־אַרבעט און די התלהבות פון די לערער האָט געהאָלפן גובר זיין אַלע שטערונגען.

אין מינסק און אין מיין גאַנצן אַרבעטס־ראַיאָן בכלל איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ העפטיקער העברעאיסטיש־יידישיסטישער קאַמף אַרום די נייע היימלאָזע־שולן, האָט אונדזער אַרבעט געמוזט ממילא זיין ניט בלויז אַ פעדאַגאָגישע און ניט בלויז אין תחום פון די אַנשטאַלטן גופא, נאָר אויך אַ געזעלשאַפטלעכע און מחוץ די אַנשטאַלטן. דער קולטור־קאַמף איז אָבער אין תוך געווען אַן אידעאָלאָגיש־פאַרטייאישער קאַמף, אַ קאַמף צווישן יידיש־סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע פאַרטייען. אין די אַנשטאַלטן פון דער „רוסישער געזעלשאַפט", מיט וועלכער איך האָב אָנגעפירט, האָבן זיך אויפקאָנצענטרירט ניט־ווייניק ס.ס.ישע לערער, זאָלן פון זיי דאָ דערמאַנט ווערן יעקב פינצאָוו און פאַניע באָריסאָוונא סלעפּיאַן אין מינסק, אורי וואָלמאַן אין באָברויסק.

ס'איז דאַמאָלס אין מינסק געווען אַ גאָר אַנדערע כחות־פאַרהעלטניס אויפן געזעלשאַפטלעך־אידעאָלאָגישן געביט איידער אַמאָל, ביי מיין ערשטן נאָך פריי־יונגטלעכן לעבן אין מינסק, איצט האָט זיך דאָ געפונען דער גאַנצער

בונדיסטישער אויבנאָן: דאָ האָבן געלעבט און געווירקט אַ. ליטוואַק, אסתר פרומקין, ירחמיאל וויינשטיין און אנד. אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די יידן מיט אַסימילאַטאָרישע אַנשויאונגען, זענען דאָ געווען צווישן די בולטע, פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן; זאָל פון זיי דערמאָנט ווערן געראָציק, דעם פּאָפּולערן דאָקטאָר לונצ׳ס איידעם, אַ גוואַלדיקער ערודיט און אַ שאַרפער טעאָרעטיקער. מיר, ס.ס.אָווצעס זענען געווען היגטערשטעליק אין אינטעלעקטועלע קרעפטן, פון אונדזערע טוער זאָלן דערמאָנט ווערן מאַריאַסין (שפּעטער געוואָרן אַ קאָמוניסט און אַ פינאַנץ־קאָמיסאַר אין דער ווייסרוסישער סאָוועטישער רעפּובליק), צרפת, די אויבן שוין דערמאָנטע פאַניע סלעפּיאַן, די פּאַרוואַלטערין פון דער פּרייוואַט־שול „דאָמאָוואָדסטוואָ" אויף צוגרייטן הויז־ווירטינס. בערל (משה גוטמאַן) און גוטע מרגלית פלעגן זיך פון צייט צו צייט אַראָפּכאַפּן צו אונדז אויף אַ קורצן באַזוך פונדערווייט. נעבנטער צו אונדז זענען געשטאַנען די פּועלי־ציון מיט לימאַ ראָזנהויז בראש. זיי זענען אָבער אויך געווען אָרעם, נאָך אָרעמער פון אונדז, מיט אינטעלעקטועלע קרעפטן.

און דאָך האָבן מיר זיך פאַרמאָסטן מיט די קעגנערישע פּאַרטייען אין אינערלעך־אידעאָלאָגישן שטרייט. ס׳איז פאַר דעם צוועק אַפילו געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע, אַ צווישנפּאַרטייאישער אידעאישער שטרייט־צענטער, מיר האָבן אים — לשם קאָנספּיראַציע — אַ נאָמען געגעבן „פאָלקס־אוניווערסיטעט", הגם פאַרן פאָלק איז דאָרטן בכלל ניט געווען אָפן דער פּרייער צוטריט, מ׳פלעגט אַהין אַריינלאָזן בלויז געציילטע און נאָך אַ געהעריקער דורכזיפונג. דער „פאָלקס־אוניווערסיטעט" האָט זיך געפונען אין דער „דאָמאָוואָדסטווע"־שול. איין מאָל, צוויי מאָל אין וואָך פלעגט דאָרט פאָרקומען לעקציעס, אייגנטלעך — צווישנפּאַרטייאישע דיסקוסיעס, בעיקר צווישן ס. ס. און „בונד". דער ניט־געזאָלבטער „רעקטאָר" פון אוניווערסיטעט איז געווען געראָציק. אין די פאַרמאַכטע טירן פון „אוניווערסיטעט" פלעגן זיך שטענדיק קלאַפּן יוגנטלעכע, קאַנדידאַטן אויף אָנפירער, פון די ציוניסטישע פּאַרטייען, נאָר אַ טייל פון זיי איז צוגעלאָזן געוואָרן צו דער אוידיטאָריע. פון די זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן נחום קאַנטאָראָוויטש, מיין געוועזענער תלמיד נאָך פון מיין ערשטער תקופה מינסק, בער מאַלקין —ביידע שפּעטער פירער פון דער צ.ס.־באַוועגונג אין פוילן, דאָקעגן איז צבי פרידליאַנד — זייערער אַ חבר פון דער ציוניסטישער יוגנט, שפּעטער געוואָרן אַ טעטיקער קאָמוניסט, אַפילו אַ רויטער פּראָפעסאָר אין מאָסקווע, אַ „יעוסעקציע"־רעדלפירער, — אין „אוניווערסיטעט" ניט אַריינגעלאָזט געוואָרן.

אויך אין די איבעריקע פּונקטן פון מיין ראַיאָן פלעגט אָנגיין אַ געוויסע ס.ס.ישע פּאַרטיי־אַרבעט, ווו איך פלעג אָפט באַזוכן און מיטהעלפן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. איינמאָל האָבן מיר אַפילו דורכגעפירט א מין ראַיאָן־קאָנפערענץ אין מינסק, אין וועלכע ס׳האָבן זיך באַטייליקט בעיקר שול־טוער.

האָט דער גורל מיך באַשאָנקען מיט זיין חסד און איך האָב זוכה געווען ביי־צוזיין און דירעקט מיטצולעבן דעם אויסברוך פון דער מערץ־רעוואָלוציע אויפן סאַמע אָרט פון דעם אויסברוך — אין פּעטראָגראַד. און אַלץ אַ דאַנק מיין

אַרבעט אין דער „רוסישער געזעלשאַפט". אויך פריער פלעג איך מוזן פון צייט צו צייט פאָרן אין די אָנגעלעגנהייטן פון מיין אַרבעט קיין פעטראָגראַד, צו דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט. נישט באַזיצנדיק קיין „פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ" פלעג איך דאַמאָלס מוזן זיין שטאַרק פאָרזיכטיק אין פעטראָגראַד, ניט צופיל וואַרפן זיך אין די פּאָליציייאישע אויגן; כ'פלעג דאַן נעכטיקן אין דער דירה פון דער גרעפין פּאַנינאַ, אויף מיליאָנן־פּערעאולאָק, וועלכע איז געווען אַ מיטגליד פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג אין אונדזער געזעלשאַפט און צו איר אין דירה וואָלט ניט איינגעפאַלן אַ פּאָליציאַנט קומען זוכן אַ „פּראַוואָזשי־טעלסטוואָ"־לאָזן יידן... איך פלעג זיך אין אָט דער דירה, ביי דער גאַנצער וואַרעמער, ריין־רוסישער, ברייט־האַרציקער גאַסטפריינטלעכקייט וואָס איז מיר דאָרטן אַרויסגעוויזן געוואָרן, געפילט ווי אין „הויז־אַרעסט".

האַרט ביי סוף פעברואַר 1917 איז מיר אויסגעקומען צו פאָרן קיין פעטראָגראַד אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין אַרבעט אין דער „רוסישער געזעלשאַפט": ס'איז אין פעטראָגראַד דאַמאָלס איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון אַזוי־גערופענעם „טאַטיאַנאַ־קאָמיטעט", דערדאָזיקער קאָמיטעט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון צאַר ניקאָלאַיס טאָכטער, האָט עס אונטערגעשטיצט די קינדער פון די מלחמה־געליטענע בכלל, וועלכע זענען געווען פּיל־איבערפּיל אין רוסלאַנד. פלעגט אָט דער קאָמיטעט פון די מלוכה־מיטלען וואָס זענען געווען אין זיין רשות אויסטיילן הילף פאַר די כלערליי קינדער־אַנשטאַלטן, געגרינדעטע פאַר יתומים פון קריגס־געפאַלענע אא"וו, ער האָט אָבער, פאַרשטייט זיך, געהאַט גאָר ווייניק אינטערעס און הילפס־ווילן לגבי ספּעציעל יידישע קינדער. אונדזער „רוסישע געזעלשאַפט" איז אָבער געלונגען צו באַקומען פון דעם קאָמיטעט באַדייטנדיקע סומעס פאַר אירע יידישע קינדער־אַנשטאַלטן, אַ דאַנק דעם זכות פון די באַרימטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע זענען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער געזעלשאַפט.

האָט דער „טאַטיאַנאַ־קאָמיטעט" באַשלאָסן איינצואָרדנען אינמיטן מערץ אַן אויסשטעלונג פון קינדער־אַרבעטן אין די אַלע אַנשטאַלטן, וואָס זענען אויסגעהאַלטן און געשטיצט געוואָרן פון אים, בכדי צו פאַרשאַפן נחת און גאווה דער מלכות־טאָכטער, דער „צאַרעוונאַ" טאַטיאַנאַ, וואָס איר נאָמען האָט געטראָגן דער קאָמיטעט. איך האָב באַקומען אַ פאַראָרדנונג פון מיין געזעלשאַפט־פאַר־וואַלטונג אין פעטראָגראַד, איך זאָל אויפזאַמלען די גוטע, דעמאָנסטריר־פעיקע קינדער־אַרבעטן פון אונדזערע אַנשטאַלטן אין גאַנצן ראַיאָן און איך זאָל דאָס אַליין מיטברענגען מיט זיך צו דער אויסשטעלונג, ווו איך וועל, אגב, באַדאַרפן מיטהעלפן ביי דער איינאָרדנונג פון אונדזער פּאַווילאָן.

מיר, אַלע טוער פון די אַנשטאַלטן, האָבן ניט ווייניק מי און אָנשטרענגונג אריינגעלייגט אין דער צוגרייטונג פון אונדזערע עקספּאָנאַטן פון דער אויס־שטעלונג און ענדלעך האָב איך זיך, אַן אויסגעשעפּטער, אַן איבערגעמידעטער פון דער גאַנצער צוגרייטונגס־אַרבעט, באַגלייט מיט חברישע ברכות, געלאָזן קיין פעטראָגראַד אין אַ ספּעציעלן וואַגאָן אַן אָנגעפּראָפּטן מיט אונדזערע עקספּאָנאַטן. געפאָרן בין איך עס, הייסט עס, אין דעם טאַטיאַניש־צאַרישן

פעטראָגראַד אַריין, און געקומען בין איך גאָר אין אַן אַנדער פעטראָגראַד, אין אַן ארומגעכאַפּטן מיט אַנטי־צאַרישע רעוואָלוציאָנערע רויטע פלאַמען... אין צאַרסקאָיאָ סעלא איז דער צוג געבליבן שטיין, ס'איז געווען אינמיטן נאַכט. ווען די פּאַסאַזשירן זענען אַרויס אויפן פּעראָן, האָבן זיי זיך דערוווּסט פון די גרויסע יום־טובדיקע מודעות, פון וועלכע ס'האָט נאָך געטראָגן מיט פרישן דרוק־פאַרב, אַז אויס טאַטיאַנא און אויס מאָנאַרכיע — די ענדגילטיקע רוסישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן און וועט דאָס מאָל זיין אַ זיג־רייכע.

נאָך עטלעכע וווּנדערלעכע טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אויפ־געברויזטן רויטן פעטראָגראַד און וועלכע מען קען דורכלעבן איין מאָל אין עטלעכע דורות, בין איך צוריקגעפאָרן קיין מינסק, אין אַן אַנדער מינסק. דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אָפּענע, די ברייט צעכוואַליעטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט מיט אַקטיוון פאַרטייאישן אַנטייל. אַפילו די ביז דאַמאָלס „פאַרדרעמלטע" סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָבן אויפגעוואַכט און ווי גענומען קאָנקורירן איינע מיט דער אַנדערער פאַר מאַקסימום איניציאַטיוו און טעטיקייט. אויך אין אונדזערע ס.ס.ישע רייען, וואָס האָבן זיך גענומען ראַש פאַרגרעסערן (באַוויזן זיך מיט אַמאָל אַ סך אַלטע חברים), איז געוואָרן לעבעדיק. מיר האָבן איינגעאָרדנט מיטינגען איינעם נאָך דעם אַנדערן, אויף איינעם אַ מיטינג פאַר סאָלדאַטן פון סלעפּיאַנס באַלקאָן אויף גובערנאַטאָר־פּלאַץ האָב איך מיט מאַריאַסינען געוואָרפן פייער־רייד אין גרויסן עולם אַריין.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ ריזן־דעמאָנסטראַציע פון די שול־קינדער, און אין דער שפּיץ האָבן געמאַרשירט די תלמידים פון דער „רוסישער געזעלשאַפט". שאַסקאָלסקאַיאַ, די פאָרשטייערין פון דער געזעלשאַפט, אַליין אַן אַנאַרכיסטקע, האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע פאַר די יונגע דעמאָנסטראַנטן, אין אָט דער רעדע אירער האָט זי יידן געשטעלט פאַר אַ מוסטער פון דער מעגלעכקייט און אפילו טויגנט צו לעבן אַ שטאַאַטס־לאָזן לעבן. פון די ס.ס.ישע לערער־רייען אָבער האָט זיך געלאָזט הערן אַ קעגנערישער צווישנרוף: „און מיר יידן ווילן דאָך האָבן אַן אייגענעם סאָציאַליסטישן שטאַט!"...

שפּעטער זענען אָנגעגאַנגען הייסע ויכוחים צווישן די ס.ס.ישע לערער מיט אָט דער שאַסקאָלסקאַיאַן און אירע חברים, וועלכע זענען אויך אַרויס מיט אַמאָל פון באַהעלטעניש.

אין פעטראָגראַד האָט זיך מיט עטלעכע חדשים שפּעטער אויפגעזאַמלט דער ערשטער אַלרוסישער יידישער לערער־קאָנגרעס. איך מיט אַ גרופּע לערער פון אונדזערע אַנשטאַלטן האָבן זיך באַטייליקט אין אָט דעם צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ס'זענען צום ערשטן מאָל קלאָר פאָרמולירט געוואָרן די סאָציאַליסטישע אויפגאַבן פון בייעם יידישן שול־וועזן. אויפן צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אַ הייסער שטרייט צווישן די יידישיסטישע און העברעיסטישע לערער. צווישן די ערשטע האָבן אונדזערע ס.ס.אָווצעס פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ. מיר האָבן אויפן אָרט אָנגענומען צווישן זיך באַשלוסן אויך וועגן דירעקט־פאַרטייאישער אַרבעט אין די רייען פון דער „פאַראייניקטער יידיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי" (ס. ס. און י. ס.).

י.

# אין וויטעבסקער ראַיאָן.

„אַ טראָט נאָך אַ טראָט״ — אויף יענער אויסערגעוויינלעכער, גוואַלדיק־צעברויזטער צייט איז אָט דער געוויינלעכער אויסדרוק ניט חל, אין יענער צייט פלעגט מען בכלל כמעט אין אַלץ אָנווענדן „קפיצת־הדרך״־דיקן גאַנג: דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אין דער באַציונג צו מיר פון דער העכסטער דאַמאָלסדיקער בילדונגס־געזעלשאַפט אונדזערער „מפיצי־השכלה״. — קורץ נאָך דעם ווי ס׳איז אויף מיר נגזר געוואָרן אַ שטרענגער איסור מצד דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן באַפולמעכטיקטן פון דער געזעלשאַפט, חיים פיאלקאוו (דער פאַל וואָס איז שוין אויבן פאַרצייכנט) פאַר מיין יידישיסטיש־אפיקורסישער עקסטרעמקייט, איז מיר פון דער אייגענער געזעלשאַפט צוגעטיילט געוואָרן, ביי דער מיטווירקונג פון דעם דערמאָנטן חיים פיאלקאוו, די פעדאַגאָגיש־אדמיניסטראַטיווע פירונגס־אַרבעט אין דער „רוסישער געזעלשאַפט״, און גאָר אינגיכן נאָך דעם איז געקומען אַ נייער „שפרונג״: „מפיצי־השכלה״ האָט מיך איינגעלאַדן צו זיין דירעקט איר באַפולמעכטיקטער אין גאַנצן וויטעבסקער ראַיאָן, וואָס האָט געאָגראַפיש אַרומגענומען כמעט די גאַנצע צוקונפטיקע לעטלאַנד און נאָך ווייט אַרויסגערוקט אין שטח פון וויטעבסקער און ווילנער גובערניעס. אָט דער גאַנצער ראַיאָן איז געווען פול מיט היימלאָזע, פאַר וועלכע ס׳זענען געגרינדעט געוואָרן כלערליי לערן־דערציערישע אַנשטאַלטן, מיט וועלכע כ׳האָב באַדאַרפט אָנפירן און אויך אויפבויען נייע אַנשטאַלטן, אין דווינסק, רעזשיצע, לוצין, קרעסלאַווקע, פאלאצק, וויטעבסק, דרויע, דריסע, גלובאק דאקשיץ און נאָך אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואָס כ׳האָב זייערע נעמען ניט אויפגעהיט אין זכרון.

איך האָב זיך באַזעצט אין פאלאצק, וואָס איז געווען דער צענטער פון דער הילף־אַרבעט פאַר די היימלאָזע, דאָרטן האָט זיך געפונען די „גענעראַל־קוואַרטיר״ אויך פון „יעקאפא״ — די צענטראַל־געזעלשאַפט פאַר הילף לטובת די היימלאָזע. די „יעקאפא־אַרבעט אין אָט דעם ראַיאָן (און ניט בלויז אין אים אַליין) איז געווען קאָנצענטרירט בעיקר אין די הענט פון ס.ס.אָווצעס, דאַמאָלס שוין „פאַראייניקטע״, זאָלן פון זיי דאָ דערמאָנט ווערן: מאיר מאָיסיי־עוויטש פיינלייב, משה טאמאשאוו, יוסף ווערניק, אורי קליאנסקי, רעוועקא סאמאלילאווונא (באקאנט מיטן נאָמען „בעבא״) און נאָך, מ׳האָט דאַן זיך געוויצלט אין פאלאצק גופא און אין דער גאַנצער אומגעגנט, אז אין אָט יענעם גרויסן הויז, וואָס איז באַזעצט געוואָרן פון דעם „יעקאפא״־אַקטיוו, זאָל זיך גאָר געפינען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די „פאַראייניקטע״. אַרום די „יעקאפא״־טוער האָבן זיך קאָנצענטרירט נאָך אַנדערע פירנדיקע פאַרטיי־טוער פון די „פאַראייניקטע״, אַרטיקע און אויך „פראָפעסיאָנאַלן״, געשיקטע ספעציעל פון אמתן פאַרטיי־צענטער, אַזעלכע ווי דער סטודענט שלום גאָנעלין, דער בן־הרב פון פאלאצק, אַ שוואָגער פון זינאָוויעוון, (גאָנעלין איז שפעטער געוואָרן אַ רויטער פראָפעסאָר פאַר סאָציאָלאָגיע און עקאָנאָמיק אין מאָסקווער אוני־ווערסיטעט און פאַרעפנטלעכט אַ ריי וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן), יצחק

גאַרדין, מ. מענדלסבערג און אַנדערע. די אַנדערש־פּאַרטייאישע געזעלשאַפטלעכקייט פון פאלאצק און אומגעגנט האָט געקוקט מיט אומצופרידנהייט אויף דעם, וואָס די „פּאַראייניקטע” האָבן עס „פאַרכאַפּט” די „יעקאפּא”־פירונג אין ראַיאָן, דידאָזיקע אומצופרידנהייט איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען אויך די „מפיצי־השכלה”־טעטיקייט איז דאָ איבערגעגעבן געוואָרן אַ „פּאַראייניקטן”, וועלכער האָט זיך ווידער אַרומגערינגעלט מיט מיטאַרבעטער פון זיין פּאַרטיי, און אויך דער „מפיצי־השכלה”־צענטער איז געוואָרן ווי אַ פיליע פון „יעקאפּא”־צענטער פאַר אַקטיווער, השפעה־רייכער פּאַרטיי־אַרבעט פון די „פּאַראייניקטע”.

ס'איז געווען די רווישיקסטע צייט פון צווישנפּאַרטייאישן קאַמף פאַר ווירקונג אויף ביז גאָר אַקטועל־פּראַקטישע געביטן אין יידישן און אַלגעמיינעם לעבן, די צייט פון אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, עפענען ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פון וואַלן צו די קהילות, די נייע דעמאָקראַטישע קהילות, צו דער רוסישער גרינדונגס פאַרזאַמלונג. די „פּאַראייניקטע” האָבן אין גאַנצן ראַיאָן געשפּילט די בולטסטע ראָל. ביי די וואַלן, למשל, צום פּאָלאָצקער שטאָט־ראַט האָבן מיר, פּאַראייניקטע, דורכגעפירט די פּראָפּאָרציאָנעל־גרעסטע צאָל ראַטמענער, די וויכטיקסטע אַמטן זענען אַריינגעפאַלן אין אונדזערע הענט; מיר איז עס צוגעטיילט געוואָרן די ראָל פון אַ פאָרזיצנדיקן אין דער קולטור־ און בילדונגס־קאָמיסיע, און דאָס האָט דערוועקט די אומצופרידנהייט פון די העבראַיסטיש־ציוניסטישע ראַטמענער, וואָס האָבן געשלאָסן „יד אחת” מיט די ניט־ווייניקער אומצופרידענע גויאישע, רוסישע און ווייסרוסישע, ראַטמענער פאַר דעם קאַמף קעגן דער איינזייטיקער הערשאַפט פון די „פּאַראייניקטע” אויף דעם עמפינדלעכסטן צווישן אַלע אַנדערע טעטיקייטס־געביטן — אויפן קולטור־דערציערישן געביט. האָט דער באַקאַנטער „צעירי־ציון”־טוער, ישראל מערעמינסקי, וואָס פלעגט קומען קיין פאלאצק אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאַמאָלס־רווישיקער פּאַרטיי־אַרבעט און דיסקוסיעס־שטרייטן, איינמאָל אַרויסגעטראָטן קעגן אונדז פון אַ בית־מדרש־בימה, מיט אַזאַ מין טענה: „וואָס טויג אייך, „פּאַראייניקטע”, צו זוכן אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק ערגעץ־ווו אַנדערש? איר האָט דאָך שוין אַן אייגענע „טעריטאָריע” פאַר זיך אַליין אין פאלאצק און אין וויטעבסקער ראַיאָן”...

און מען מוז איצט, למען אביעקטיוון אמת, מודה זיין, אַז הגם אויך די אייגנטלעך אַלגעמיינע אַרבעט איז דורך אונדז, „פּאַראייניקטע”, געפירט געוואָרן סיי אין „יעקאפּא” און סיי אין „מפיצי־השכלה” מיט גאָר גרויסן ברען און איבערגעגעבנקייט, איז אָבער די פּאַרטיי־אַרבעט געוואָרן פאַר אונדז דער עיקר, פון אַ „האָבי” איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „הויפּט־פאַך”, די אַלגעמיינע אַרבעט האָט צוליב דעם ניט ווייניק געליטן. מיר האָבן מער געווידמעט צו העלפן די יידישע מאַסן זיך צו אָריענטירן אין אַרומיקן פּאָליטישן געווימל לויט די ריכטליניעס פון די „פּאַראייניקטע”, ווי די הילפסאַרבעט לטובת די היימלאָזע...

זייער העפטיק איז געווען דער צווישנפּאַרטייאישער קאַמף אין צייט פון די ערב־וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, נאָך פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, און באַזונדערס שאַרף איז געוואָרן די באַציונג צו אונדז מצד די איבעריקע פּאַרטייען נאָכדעם, ווי די „פּאַראייניקטע” האָבן געהאַט געשלאָסן אין וויטעב־

סקער ראַיאָן אַ בלאָק מיט די ס.ר.אָווצעס, מ׳האָט אונדז ניט געקענט פאַרגינען, הלמאי מיר האָבן דורכדעם זיך געזיכערט שאַנסן צום פיגורירן אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג (ס. ר. איז דאָך געווען אין יענע צייטן די שטאַרקסטע רוסישע פאַרטיי!). געדענק איך, ווי מערעמינסקי איז איינמאָל דאַמאָלס אַרויס פון די כלים פאַר בייזקייט בשעת אַ מאַסן־מיטינג אין אַ פאלאצקער בית־מדרש און האָט אונדז אַ ווארף געטון אַ ביט־איבעריקעס עסטעטישן משל־נמשל: „א לויז האָט זיך אַמאָל אריינגעזעצט אין נאַקן־קודלעס פון אַ לייב און אַלץ נאָר צוליב דעם, אויך זי זאָל האָבן אַ שטיקל שכנותשאַפט מיט עכט־לייבישער גבורה״, פילנדיק זיך שטאַרק געטראָפן האָב איך גלייך אַרויסגעריסן אַ שטאַכעט פון בימה־ווענטל און געוואָרפן זיך אויף דעם, וואָס האָט געוואַגט מחלל צו זיין דעם נאָמען פון די „פאראייניקטע״...

די רוסישקע פאַרטיי־אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אויך נאָכדעם, ווי פאָלאָצק און אַ טייל פון ראַיאָן איז אָקופּירט געוואָרן פון די דייטשן, הגם די געמיטער האָבן געמוזט דאַן אַ היפּש־ביסל איינגעשטילט ווערן. דער פאַרקער צווישן די שטעט איז געוואָרן פאַרשווערט, בכדי צו באַזוכן אַ שול אָדער אַ קינדערהיים אין געוויסע ערטער פון מיין ראַיאָן האָב איך אָפט געמוזט אַפילו „שוואַרצן גרעניצן״, דערביי האָט מיר ניט ווייניק מיטגעהאָלפן דער באַקאַנטער ד״ר לעאַ בעק דער בערלינער אָבער־ראַבינער, וואָס האָט דאַן געדינט אין דייטשן מיליטער און ער האָט געהאַט אַ הויכן ראַנג. פון דווינסק, וווּ ער האָט זיך געפונען, פלעגט ער מיר צושטעלן די נויטיקע „רייזע־שיינען״, ניט איינמאָל האָב איך פון זיינע הענט באַקומען אויך געלט־מיטלען פאַר דער דערנערונג פון אונדזערע שול־און אינטערנאַט־קינדער, וואָס מיט דער אָפגעריסנקייט פון צענטער, פון פעטראָגראַד, זענען זיי — פון פינאַנציעלן שטאַנדפונקט — פאַרבליבן אויף „גאָטס באַראָט״, ער האָט מיר אויך עטלעכע מאָל מזכה געווען מיט אויס־געצייכנטע דייטשע לערן־דערציערישע מכשירים פאַר די אַנשטאַלטן. איך האָב זיך מיט אים בכלל זייער באַפריינדעט, האָב אים מיטגענומען צו באַזוכן מיט מיר צוזאַמען אין די „מפיצי־השכלה״־אַנשטאַלטן, און פאַר אים איז דער גאַנצער ענין לערן־דערציערישע אַנשטאַלטן מיט יידיש אלס אונטערריכטס־שפּראַך געווען איינגאַנצן ניי; ער איז אַריין אין דער יידישיסטיש־סאָציאַליסטישער פּראָבלע־מאַטיק, האָט זיך צו־ערשט באַקאַנט אויך מיט דער פּאַרטייאישער דיפערענצירונג ביי אונדז בכלל, האָט אָנגעהויבן ווערן אַ בקי אויך אין הלכות־„פאַראייניקטע״. האָט, אגב, פאַר דעם אַרויסגעוויזן אינטערעס און פאַרשטענדעניש. האָבן מיר אַמאָל דורכגעפירט אַ צווישנפּאַרטייאישע דיסקוסיע אין זיין קעגנוואַרט און אַפילו באַטייליקונג, ער האָט צוגעגעבן און באַמערקט, אַז ער איז דווקא נוטה צו די „פאַראייניקטע״...

אין די דייטשע צייטן האָט דער ניי־געוויילטער פאלאצקער שטאָט־ראַט פריי פאָרגעזעצט זיין אַרבעט און זיצונגען. געווען פאַלן, ווען די דייטשע אקופּאַציע־מאַכט האָט געפּרוּווט זיך אַריינמישן, האָט זי זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אָפענעם ווירדיקן ווידערשטאַנד, אפילו בירגערלעכע ראַטמענער האָבן אָפן און שטאָלץ געלאָזט וויסן די אַריינמישער: איר זענט דאָ נאָר צייטווייליק, און מיר זענען און וועלן דאָ זיין שטענדיק, טאָר דער צייטווייליקער ניט דיקטירן דעם שטענדיקן...

די פאַרטייאישע אַרבעט האָט דאָך געמוזט פאַרהאַלטן איר פולן אָטעם, אַפּוואַרטן, און דערווייל האָט זיך געמערט און געשטאַרקט די קאָמוניסטישע שטימונג אין דער געגנט.

מיר האָבן באַקומען ידיעות וועגן דעם, אַז אין פאַרשידענע פּונקטן אויף יענער זייט אָקופּאַציע־ראַיאָן זענען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון פון אַנטיסעמיטישע עקסצעסן, אַז דאָרטן האָבן זיך אָרגאַניזירט — ביי דער אַקטיווער באַטייליקונג פון אונדזערע חברים־„פּאַראַייניקטע“, יידישע זעלבסטשוץ־אָטריאַדן. אין דער גענעראַל־קוואַרטיר פון „יעקאַפּאַ“ זענען אין איינעם אַן אָוונט אָראָפּגעקומען צוויי חברים, „יעקאַפּאַ“־מיטאַרבעטער, קליאַנסקי און וואַלק (דער איינציקער אַקטיווער „צעירי־ציוניק“ צווישן דעם „יעקאַפּאַ“־אַקטיוו), וואָס זענען אַנטלאָפן פון גלובאָק און מיט ביקסן אויף די פּלייצעס „דורכגעשוואַרצט די גרעניץ“ און אַראָפּגעקומען צו אונדז. מיר האָבן אָנגעהויבן גרייטן געווער „על כל צרה שלא תבוא“, אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ פון „פּאַראייניקטע“, שפּעטער זיך פאַרבונדן אויך מיט די אַנדערע פּאַרטייען, אין פּאָלאָצק און די נאָענטע אַנדערע פּונקטן. מיר איז אויסגעקומען צוויי מאָל פאַר דער צייט צו „שוואַרצן די גרעניץ“ און לאָזן זיך אויף סכנת־נפשות קיין פּעטראָגראַד מיט דעם צוועק אָנצוהאַלטן קאָנטאַקט מיט „מפיצי־השכלה“ און באַקומען פון איר מיטלען פאַר די לערן־דערציערישע אַנשטאַלטן אין אָקופּירטן ראַיאָן־טייל. קומענדיק צוריק האָב איך מיטגעבראַכט מיטלען פאַר די אַנשטאַלטן און רעוואָלוציאָנערע אינפאָרמאַציע פאַר די חברים. ביי איינעם אַזאַ באַזוך מיינעם אין פּעטראָגראַד, וואָס האָט שוין דאַן געהייסן „לענינגראַד“, האָב איך געמוזט האָבן צו טון מיט דעם קאָמוניסטישן פירער זינאָוויעוו, וועלכער איז דאַן געווען דער פאָרזיצער פון די אַזוי־גערופענע צפון־רוסישע קאָמונעס (ד. ה. לענינגראַד און איר סביבה). וואָס און ווער האָט מיך געבראַכט צו אים, אזש צו אים? — „מפיצי־השכלה“ האָט אירע געלט־מיטלען געהאַט אין די סייפן פון פאַרשידענע בענק, די בענק זענען אָבער, לויט איינער צווישן די זינאָוויעווס פאַראָרדנונגען, נאַציאָנאַליזירט געוואָרן און אויך די „מפיצי־השכלה“־סייפן זענען ממילא ארויס פון איר רשות. איך בין דאָך געקומען צו דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער „מפיצי־השכלה“־געזעלשאַפט נאָך געלט־מיטלען פאַר די לערן־אַנשטאַלטן אין אָקופּירטן וויטעבסקער ראַיאָן. די פאַרוואַלטונג איז אָבער מער נישט געווען דער בעל־הבית איבער זייערע געלטער אין די בענק. איז מען אין דער פאַרוואַלטונג געפאַלן אויף אַזאַ עצה: היות ווי איך האָב געהאַט אויסגעדריקט מיין האָפנונג, אַז ביי דער הילף פון זינאָוויעווס פרוי, לילינא, אויך זי אַ קאָמיסאַר אין דער רעגירונג פון די צפון־קאָמונעס, אַ קאָמיסאַר פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, וואָלט מען אפשר געקענט פועלן ביי זינאָוויעוון, ער זאָל באַפרייען כאָטש אַ געוויסע סומע פון נאַציאָנאַליזירטן „מפיצי־השכלה“־אייגנס אין די בענק, האָט מען אויף מיר אַרויפגעלייגט די פליכט, איך זאָל זיך עס וועגן אָט דעם ענין פּרוּוון ווענדן דירעקט צו זינאָוויעוון. אויף וואָס, אייגנטלעך, האָב איך געהאַט באַזירט מיין האָפנונג? אויף דעם, ערשטנס, וואָס לילינא איז אַליין אַ פּאָלאָצקערין און מוז אוודאי האָבן אַ סענטימענט פאַר די יידישע קינדער וואָס אין איר געבורט־שטאָט, און, צווייטנס, אויך אויף דעם, וואָס די טעטיקייט אירע, ווי אַ קאָמיסאַר פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, וועט זי, לילינא, נאָך מער דערנענטערן צו דער דערפילונג

פון אונדזער בקשה. איך האָב זיך געלאָזן אויספּילן די שליחות, אָבער אַ ביטערע אַנטוישונג האָט אויף מיר געוואַרט...

לילינא האָט געהאַט מסכים געווען, אַז מ׳באַדאַרף די בקשה פון „מפיצי־השכלה" ממלא זיין, האָט די דאָזיקע מיינונג אירע אַרויסגעזאָגט זינאָוויעוון אין מיין קעגנוואַרט, יענער האָט מיך אָבער אָנגעהויבן חוקר ודורש זיין: פאַרוואָס לערנען אין די אַנשטאַלטן בלויז יידישע קינדער אַליין? צי איז שוין ניט די העכסטע צייט, אַז יידן זאָלן אויפהערן טרייבן זייער נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם? און פונוואַנען קען ער זיכער זיין, אַז דאָס געלט וועט ניט אויסגענוצט ווערן גאָר אויף אַנדערע, ניט כשר־רעוואָלוציאָנערע צוועקן?... און פאַרוואָס האָב איך ניט מיטגעבראַכט קיין אונטערשטיצנדיקע ווענדונג פון די דאָרטיקע קאָמוניסטן?... דער סוף איז געווען, אז איך בין פון זיין קאָמיסאַרן־קאַבינעט אַרויס מיט ליידיקע הענט. בלויז איינס האָב איך מיטגענומען: לילינאס בקשה איבערצוגעבן אַ גרוס איר משפחה אין פאלאצק.

אַן ענלעכע אַנטוישונג האָב איך אַביסל שפּעטער געהאַט אויך ביי אַן ענלעכער השתדלות מיינער ביי אַן אַנדער יידישער פּערזענלעכקייט, און דאָרטן איז דער אָפּזאָג שוין געווען מיט אַנדערע מאָטיוון: ווען איך בין צוריקגעקומען קיין פאלאצק מיט ליידיקע הענט און די הונדערטער קינדער אין די אַנשטאַלטן פון „מפיצי־השכלה" זענען פאַרבליבן בעירום ובחוסר־כל, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזן זוכן הילף קיין קאָוונע ביי דעם באַרימטן יידיש־דייטשן קונסט־מאָלער הערמאַן שטרוק, וועלכער איז געווען דער פירער פון קולטור־רעסאָר ביים „אָב־אָסט" (די אויבערשטע מיליטערישע דייטשע פאַרוואַלטונג פאַר דעם אָקופּירטן אָסט־געביט). אויך הערמאַן שטרוק איז געווען אַ רעליגיעזער ייד אַזוי ווי דער אויבנדערמאָנטער ד"ר לעא בעק, האָב איך אויפן סמך פון מיין דערפאַרונג מיט לעא בעקן געקענט האָפן אויף גוטער באַציונג און אויף פאַרשטענדעניש אין דעם ענין. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, ליידער, אַנדערש: הערמאַן שטרוק האָט אָן קווענקלעניש אָפּגעוואָרפן מיין השתדלות מיט דעם תירוץ, אַז ער איז קעגן „פרייער — אין זיין אויסטייטשונג — אַפּיקורסישער, דערציונג", וואָלט איך געקומען אין נאָמען פון תלמוד־תורות, אַ שטייגער, — אַזוי האָט ער מבטיח געווען, — וואָלט געווען וועגן וואָס צו רעדן"...

ביי דער געלעגנהייט פון מיין באַזוך אין קאָוונע (אַ זאַך וואָס איז אין יענע צייטן ניט אָנגעקומען לייכט: מ׳האָט צו דעם געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון די דייטשע „בעהערדן" —) האָב איך געוואָלט אויסזוכן די דאָרטיקע פאַרטיי־חברים, ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג בכלל, און בפרט יונגערע פאַרטיי־מענטשן, פון פריערדיקן קאָוונע איז געווען אין היימלאָזן גלות מחוץ דעם דייטשען אָקופּאַציע־געביט. דערפאַר אָבער האָב איך געטראָפן אַ היפשע גרופּע פאַרטיי־חברים אין ווילנע, — דאָרטן זענען, אַפילו אונטער דער בכלל שווערער דייטשער אָקופּאַציע, געווען טעטיק אַלע יידיש־סאָציאַליסטישע פאַרטייען, בעיקר אָבער האָט דאָרטן דאַן אַנטוויקלט אַן אַקטיווע, פאַרצווייגטע אַרבעט דער „בונד" ביי דער אָנפירונג פון ביינוש מיכאַלעוויטש. ס׳איז דאָרטן גראָד פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־צייט, אין די שווערסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אויסגעוואָקסן אַ פאַרצווייגטע נעץ פון יידישע שולן און קינדערהיימען. אין אָט דערדאָזיקער אַרבעט האָבן גענומען

אַ לעבהאַפטן אַנטייל אונדזערע חברים מיט שלמה באַסטאַמסקין בראש, זיי האָבן אפילו אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע ראַטנער־שול.

י״א

# אין אוקראַינע, אין רויך און פלאַם פון בירגער־קריג און פּעטלורישע פּאָגראָמען.

איך בין אַריבער אויף אַרבעט קיין זשיטאָמיר, ווו ס׳האָט „געהערשט", פּונקט אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און דאָרפס־געביטן פון דער דורך די דייטשן אָקופּירטער אוקראַינע, און טאַקע אין חסד פון אָקופּאַציע־מאַכט, דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, וואָס איז געווען אַ קינסטלעכע העטמאַנישע „הערשאַפט", וואָס די אָרטיקע באַפעלקערונג, די וואָס האָט שוין פון פריער, נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע, פאַרזוכט דעם טעם פון אמתער פרייהייט און איז געוואָרן באַפליגלט מיט האָפנונגען אויף אַ גאַנץ ניי לעבן, האָט זיך צו איר אָפּן באַצויגן מיט גרינגשעצונג. ס׳זענען געווען טעטיק — בלויז למראית־עין אַביסל פאַר־קאָנספּירירט — אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אין די דערפער איז אָנגעגאַנגען אַ שטאַרקע באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע, דאָ און דאָרטן האָבן זיך געבילדעט פּאַרטיזאַנען־גרופּן, וועלכע האָבן פאַרשאַפט צרות סיי די דייטשע אָקופּאַנטן און סיי זייערע משרתים פון דער מישטיינס־געזאָגט העטמאַנישער הערשאַפט. אין דער גאַנצער געגנט אַרום, און באַזונדערס אין זשיטאָמיר ווי אין אַ צענטער, האָט אונדזער „פּאַראייניקטע" פּאַרטיי פאַרגעזעצט איר ענערגישע און אַלזייטיקע אַרבעט, און זיך געפונען אין פאַרבינדונג מיט דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין קיעוו און אויסגעפילט זיינע שליחותן.

אין זשיטאָמיר, ווי אויך אין בערדיטשעוו און אַנדערע גרעסערע שטעט, האָבן אונדזערע חברים אויפגעשטעלט קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוון און אויך פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין באַזאָרגט מיט די נויטיקע געלט־מיטלען פאַר דער פאַרצווייגטער גרונט־אַרבעט פון דער פּאַרטיי. צווישן די טעטיקע חברים אונדזערע האָבן זיך דאַן געפונען איציק גיטערמאַן — דער באַפולמעכטיקטער פון „יעוואָפּאַ": אַזוי האָט געהייסן די אָפּטיילונג פון „יעוואָפּאַ" פאַר אוקראַינע, דער חבר יאַן פון וואַרשע — געווען דער געשעפטס־פירער פון גרויסן צווישנפּאַרטייאישן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו (אין דער פאַרוואַלטונג פון אָט דעם קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער איז געווען די צענטראַלע פון אַלע אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון, זענען געזעסן בונדיסטן און „פּאַראייניקטע"), דער חבר רייך, אַ פּלאַמיקער רעדנער און ממש אַ ווירטואָז, אַ חריף און בקי, אין סאָציאַלע וויסנשאַפטן, הגם ער האָט זיי דערגרייכט אויף אַן אויטאָדידאַקטישן אופן, די לערערקע בתיה מנשה׳עווגא פון כערסאָן, וועלכע האָט דאָ געאַרבעט אין דער היגער פּראָפעסיאָנעלער מיידל־שול, אַ גייסטרייכע און זעלטן אידעאַליסטישע פּערזענלעכקייט, דער חבר זעליקמאַן, אַ געוועזענער אָפיציר פון דער רוסישער אַרמיי באַלד נאָך דער קערענסקי־רעוואָלוציע, וועלכע האָט מבטל געמאַכט די באַגרענצונגען פאַר יידן אין דער אַרמיי, דערדאָזיקער חבר זעליקמאַן איז עס שפּעטער געוואָרן דער אָרגאַניזאַטאָר און קאָמאַנדיר פון יידישן זעלבסט־שוץ בשעת די פּעטלורישע און אַנדערע פּאָגראָמען.

איך האָב געאַרבעט אין דער גרויסער מאָדערנער יידישער טאָג־שול, וועלכע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דעם דערמאָנטן צענטראַלן קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו, און אין אונדזער ספּעציעלע פּאַרטייאישע אָוונט־שולן און אויך בעוועגן טעטיק אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דער פּאַרטיי־אַרבעט; אַ שטיקל צייט אַפילו רעדאַגירט די היגע רוסישע צייטונג „וואָלינסקאַיאַ מאָלוואַ", וואָס מיר האָבן דאַן פאַרוואַנדלט כמעט אין אַ פּראָווינץ־אָרגאַן אונדזערן, אא"וו.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט ברען און פאַרנעם ביז — ביז אוקראַינע בכלל און זשיטאָמיר און נאָענטע אומגעגנט בפרט איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט פּעטלורישע בלוט־פּאָגראָמען. דאַמאָלס האָט אונדזער פּאַרטיי־אַרבעט באַקומען גאָר אַן אַנדער ריכטונג: אַלע באַמיונגען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן דער אָרגאַניזאַציע פון אַקטיווער זעלבסט־שוץ. אין אָט דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך באַטייליקט אויך אַלע אַנדערע פּאַרטייען. מיר, „פּאַראייניקטע", האָבן אָבער אין אַ ריי ערטער, באַזונדערס אין זשיטאָמיר, אויסגעפילט אַן אָנפירערשע ראָל. דעם חבר זעליקמאַן איז עס געלונגען, אַ דאַנק זיין זעלטענער געוואַגטקייט און ענערגיע, בעיקר אַ דאַנק זיין מיליטערישער פאַך־קענטניש, אויפצושטעלן אַן אמתן מיליטערישן כח אין דער זעלבסט־שוץ, וואָס האָט געוואָרפן אַ פחד אויף די כלערליי באַנדיטן־פאָרמאַציעס. דער הויפּט־שטאָב פון דער זעלבסט־שוץ אין זשיטאָמיר איז געווען אין דער געביידע פון שטאָט־ראָט, און די איז פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ פעסטונג, וואָס באַנדיטן־גרופּן פלעגן, ביי זייערע פּרוון זי איינצונעמען, ניט איינמאָל ברעכן האַלדז און נאַקן. געווען אַ סך יידישע קרבנות נאָך די פּעטלורישע פּאָגראָמען אין זשיטאָמיר און אומגעגנט, זיי וואָלטן אָבער געווען זיכער פיל־פיל מער, ווען די זעלבסט־שוץ וואָלט ניט געשטאַנען אויף דער וואַך און ניט אָפּגעווענדעט מיט גרויסער הצלחה אַ ריי פּאָגראָמען. בכל־אופן האָט די זעלבסט־שוץ אונדזערע געצאָלט די פּאָגראָמשציקעס מיט קרבנות פאַר קרבנות מיט אַ גאָר ברייטער נקמה־האַנט. כ'געדענק: די „שטראָף־עקספּעדיציעס" און אַקציעס אויף אויסצוגעפינען די פּאָגראָמשציקעס: אונטער זעליקמאַנס אָנפירונג — אויך איך האָב זיך אין דעם עטלעכע מאָל באַטייליקט — האָבן היפּשע צענדליקער געפערלעכע פּאָגראָמשציקעס באַקומען זייער גערעכטע באַלוינונג און אויף אַזאַ אופן, אַז אויף ווייטער איז שוין פון זיי קיין סכנה ניט געווען...

מיט איציק גיטערמאַנען צוזאַמען בין איך פאַר דער צייט, אין סאַמע פייער פון די פּאָגראָמען און בירגער־קריג, געפאָרן פון זשיטאָמיר אויף אונדזערע פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן קיין קיעוו, אויף וועלכע ס'זענען אַרויסגעטראָטן פון אונדזער צענטראַלע חברים: מ. ליטוואַקאָוו, ד"ר משה זילבערפאַרב־„באַזין", משה קאַץ, נאָוואַקאָווסקי און אַנדערע.

ביי מיין איינעם אַ צוריקקער פון קיעוו קיין זשיטאָמיר איז מיט מיר פאָרגעקומען אַזאַ פאַל: פאָרנדיק קיין קיעוו, צוזאַמען מיט גיטערמאַנען, באַלד נאָך אַ פּאָגראָם, האָב איך נאָך געהאַט די אויפגאַבע צו באַקומען פון „יעוואָפּאָ" און „מפיצי־השכלה" — קיעווער אָפּטיילונג, אונטער דער אָנפירונג פון וויינשל־בוים — געלט־מיטלען פאַר אונדזערע לערן־דערציערישע אַנשטאַלטן, וועלכע זענען צוליב דער רואינירונג פון די קאָאָפּעראַטיוון בשעת די פּאָגראָמען פאַרבליבן אָן מיטלען. קומענדיק קיין קיעוו, האָבן מיר דאָרטן שוין געפונען צוריק די ראַטנמאַכט, וועלכע איז אויפגעשטעלט געוואָרן תיכף נאָכדעם, ווי די דייטשן

זענען אַוועק און די „הערשאַפט" פון העטמאַן סקאָראָפּאַדסקין איז זיך צופאַלן. די פּעטליורישע באַנדעס האָבן וועסט געפּרוווט ניט צו דערלאָזן דער ראַנטמאַכט זיך צו באַפעסטיקן אין דער אוקראַינישער הויפּט־שטאָט, זיי האָבן עס געוואָלט זיין די יורשים פון די דייטשן און סקאָראָפּאַדסקין, אָבער אָן ערפאָלג, און זיי האָבן זייער צאָרן אויסגעלאָזן אויף יידישע קעפּ. איך האָב די בויטיקע מיטלען באַקומען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, ווי איך האָב עס געפּאָדערט, ווייל אויך פון דער ראַטנמאַכט גופא האָבן מיר נאָך באַקומען באַדייטנדיקע צוגאָב־סומעס לטובת די פּאָגראָם־געליטענע און „יעוואַפּאָ" און „מפיצי־השכלה" האָבן זיך אַוודאי אָפּגערופן אויף אונדזער הילפס־רוף. דאָס געלט איז מיר אָבער געגעבן געוואָרן אין זשיטאָמירער אָרטיקע שטאָט־ראַט־באַנעס. די געלט־געבער האָבן דאַמאָלס געמאַכט מיט מיר אַזאַ גערעכטן חשבון: דווקא דאָס אָרטיקע זשיטאָמיר געלט וועט דאָרטן האָבן אַ רעאַלן ווערט און ניט קיין אַנדער מין געלט... אויסער דעם האָבן נאָך דאָסדאָזיקע אָרטיקע זשיטאָמירער געלט מיט זיך געבראַכט קיין קיעוו די אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָמען, אין קיעוו קען מען מיט אָט דעם געלט גאָר־נישט אויפטון, דאָ האָט מען דאָס געלט פאַרביטן מיט סאָוועטיש געלט, וואָס מ'האָט געגעבן די אַנטלאָפענע, ווען כ'וועל, אַלזאָ, מיטנעמען מיט זיך די זשיטאָמירער שטאָט־ראַט־„באַנעס", וועל איך ברענגען צוויי מאָל נוצן. האָט מען מיר טאַקע מיטגעגעבן גאַנצע צוויי זעק מיט זשיטאָמירער געלט.

דער וועג צוריק קיין זשיטאָמיר איז געווען סכנות־פול, ווייל אין פאַר־שידענע סטאַנציעס אויפן וועג האָבן נאָך געבושעוועט די פּעטליורישע און אַנדערע באַנדעס, און די ראַטנאַרמיי האָט עס נאָך מיט זיי געפירט איר רייניקונגס־קריג. בכדי איך זאָל זיין ווייניקער־מער פאַרזיכערט פון מעגלעכע סכנות, האָט מיר איציק גיטערמאַן מיטגעבראַכט אויף קיעווער וואָקזאַל אַ באַשטעטיקונג פון „רויטן קרייץ", אַז איך בין אַ דאָקטאָר מיט אַ כשרן רוסישן נאָמען און כ'ווער עס געשיקט אין אַן אַרצטלעכע קאָמאַנדיראָווקע צו באַקעמפן דעם טיפוס, ליתר תוקף האָט ער מיר נאָך מיטגעבראַכט אַ היטל מיט אַ רויטן־קרייץ־קאָקאַרדע און אַן אַרעם־באַנד מיטן זעלבן צייכן. דעם גאַנצן וועג האָב איך געמוזט סימולירן און שפּילן די ראָל פון אַ כשר־רוסישן אַרצט, אַ מאָדנער אַרצט אַזאַ, וואָס איז, ווי אַ קעמל מיט צוויי האָרבן, באַלאָדן מיט צוויי זעק פון ביידע זייטן אונטער דעם ווילד־צעעפנטן מאַנטל. אויפן וועג האָבן זיך גויעס „מעשאטשניצעס" (שמוג־ליאַרקעס) צו מיר געווענדעט נאָך ביז־גאָראינטימער מעדיצינישע הילף און עצות טובות אין... פרויען־קראַנקהייטן און איך האָב עס געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ מומחה און געבן עצות... אַזוי זענען מיר געפאָרן רויק־פרידלעך ביז סטאַנציע קאַזאַטין. דאָרטן האָט אונדזער צוג אָפּגעוואַרט אַ פּאָגראָמשציקעס־באַנדע, און ווי נאָר דער צוג איז צוגעגאַנגען, האָט זיך געלאָזט הערן דער ווילד־צעיושטער באַפעל: „זשידי, וויכאָדי"! (זשידעס, גייט אַרויס!). מ'האָט די יידישע פּאַסאַזשירן אַרויסגעשלעפּט איבערגעוואַלד, איך האָב זיך וועסט פאַרלאָזן אויף דעם שוץ פון מיינע „רויטע קרייצן" און ניט גערירט זיך פון אָרט. מיין יידישע נאָז האָט אָבער ניט געשטימט מיט מיינע כשר־רוסישע פּאַפּירן, און אויך די „רויטע קרייצן" האָב דאָ ווייניק געהאָלפן, איך בין געוואָרן חשוד ביי איינעם פון די פּאָגראָמשציקעס, ער האָט אויך מיר באַפוילן אַרויסצוגיין, אויף דער טענה פון מיינע „פּאַציענטינס", אַז איך בין באמת אַ „דאָקטאָר" און

אַ „קריסט”, איז געקומען זיין ענטפער, ווי געווייגלעך אין אַזעלכע פאַלן: „נאַטשעלסטוואָ ראזבעריאַט” (די העכערע נאַטשעלסטווע וועט שוין אונטערזוכן דעם ענין און אַרויסגעבן איר גערעכטן פסק־דין). אַ ברירה האָב איך געהאַט? בין איך אַרויס אין געהאַקטע ווונדן און ביידע זעק פון ביידע זייטן מאַנטל האָבן געשטאַרצט, זיי האָבן מיך אָבער אויך אָפגעראַטעוועט פון טויט. ווען דער פאַגראָמשציק האָט דערזען אַט די זעק און זיך דערוווסט, אַז אין זיי איז געלט (ער האָט, נעבעך, ניט געוווסט בלויז וואָס פאַר געלט!...), איז ער אַזוי געפלעפט געוואָרן פון אומדערוואַרטעטן וואָס האט אים געטראָפן, האָט מיך בלויז מכבד געווען מיט אַ זעץ אין פנים, פון וואָס ס'האָבן זיך צעבראָכן מיינע ברילן און איך בין באַדעקט געוואָרן מיט בלוט, און האָט מיר אַ באַפעל געטון:

— אַנטלויף זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ, ווו די אויגן טראָגן דיך...

און מיינע צעבלוטיקטע אויגן האָבן מיך טאַקע געטראָגן, איך ווייס ניט ווהין און וויאַזוי, איך האָב לויפנדיק באַוויזן צו זען ווי מען דערשיסט עטלעכע פון די אַרויסגעשלעפטע יידישע פאַסאַזשירן, די וואָס האָבן, צו זייער אומגליק, קיין זעק מיט געלט, ווי איך, ניט געהאַט... איך האָב זיך געלאָזן לויפן אַ צעבלוטיקטער און צעטומלטער, בין געקומען צו עפּעס אַ בריק און דערזען, אַז איך קען זיך לאָזן איבערן אָדער אונטערן בריק. אויסגעקליבן אויף גיך דעם אונטערן־בריק. איז מיר דאָרטן באַפאַלן אַ יידישע ווייגענדיקע פרוי מיט אַ קליין קינד, וואָס האָט זיך אַ צאַפּלדיקער פון שרעק געטוליעט צו איר קלייד. זי האָט מיך געגומען בעטן, פונקט ווי מיין אייגענע לאַגע וואָלט געווען זיכערער איידער אירע, איך זאָל זי מיט איר קינד מיטנעמען מיט זיך. „קומט” — האָב איך געשטאַמלט. ווען איך בין אָבער אַרויס פון אונטער דער בריק, האָב איך פלוצים דערזען, אַז מיט מיר איז בלויז דאָס קינד אַליין און אַז זיין מוטער איז ניטאָ. בין איך עס, הייסט עס, פלוצים באַרייכערט געוואָרן מיט אַ קינד, און דאָס קינד האָט זיך אַ קאַנוווּלסירנדיקער פעסט געהאַלטן ביי די פאָלעס פון מיין מאַנטל, און האָט געווייגט, געשריען מיט הימל־רייסנדיקע געוואַלדן: „מאַ־אַ־מע”!..

האָב איך ס'ווייגנדיק יינגעלע, אַ יאָר 6־5 אַלט, קוים מיט צרות איינגעשטילט, גענומען אים אויף די הענט און געלאָזן זיך לויפן ווייטער. אַזוי ווי אָן די ברילן האָב איך כמעט ווי גאָרנישט ניט געזען, איז ער מיר געוואָרן מיין „זעער”: האָט זיך אין מיינע פאַרלאָפענע אויגן עפּעס אַ קוסט פונדערווייטנס אויסגעזען ווי אַ „מענטש”, האָט ער, מיין מורה־דרך, מיר געזאָגט: „ס'איז ניט מער ווי אַ קוסט” וכדומה, זענען מיר עס ביידע אַזוי געלאָפן, ביז מיר האָבן פונדערווייטנס דערזען סוף־כל־סוף אַ מענטשן — אַ פויער איז געשטאַנען און געאַקערט. כ'האָב באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אָט דעם פויער ער זאָל אונדז אָנווייזן וויאַזוי צו דערגיין צו עפּעס אַ יידישן ישוב, הגם ס'איז דערין געווען אַ סכנה — ווער קען דען זיין זיכער, צי ער אַליין וועט אונדז ניט באַפאַלן אָדער אונדז אַרויסגעבן די פאַגראָמשציקעס אין די הענט? כ'האָב דאָך ניט געקענט צוגיין צו אים מיט מיין פאַרבלוטיקטן פנים, וואָס וואָלט אים מגלה געווען, אַז איך בין אָקאָרשט אַנטלאָפן פון די פאַגראָמשציקעס און דורכדעם, חלילה, געוועקט ביי אים גופא פאַגראָם־לוסט לגבי אונדז... האָב איך אַראָפּגעלאָזן דאָס קינד פון די הענט, דערזעענדיק אינדערנאָנט אַ וואַסער־לוזשע, און גענומען זיך אייבוואַשן ס'פנים. ווען איך בין אָבער צוריקגעקומען אַן „אָפּגעוואַשענער”

צו מיין קינד, האָט זיך יענער ווידער אַמאָל אַזוי גוואַלדיק צעשריען פאַר שרעק, אַז כ'בין זיכער געווען: ער ברענגט אויף אונדז ביידן ווידער אַמאָל די טויט־סכנה, אַנשטאָט מיר זאָלן צוגיין צום פויער ווי געוויינלעכע דורכגייער, וואָס זוכן דעם וועג, וועט ער גאָר אין אונדז דערזען דעם אמתן מצב און וועט אודאי אליין אויך צולייגן אַ האַנט צו שלאָגן די געשלאָגענע... און די סיבה פון בייעם געוויין ־און שרעק־אויסברוך ביים קינד איז געווען פשוט: אַנשטאָט אָפּצוואַשן זיך ס'פּנים פון בלוט, האָב איך מיטן שמוציקן וואַסער פון דער לוזשע גאָר אויסגעשמירט נאָך מער דאָס פּנים, ס'בלוט האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דער בלאָטע פון דער לוזשע, און איך האָב, הפּנים, באַקומען אַן אויסזען אַ שרעקלעכן... מיט מאַטערניש האָב איך ווידער ווי ס'איז באַרויקט ס'וויינענדיקע קינד און זיך געלאָזן אויף „דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען" מיטן פויער: מיר זענען עס, ע־בע, פאַרבלאָנדזשעטע דורכגייער און מיר זוכן דעם וועג צו אַ ישוב, מיר ווילן ער זאָל אַזוי גוט זיין און אונדז באַהילפיק זיין אין דעם, איינשפּאַנען אַ פורל און אונדז אָפּפירן אַהין, פאַר געצאָלט, פאַרשטייט זיך...

דער פויער האָט וועסט געמאַכט אַ פריינדלעכן אָנשטעל, ווי ער גלויבט אונדז, האָט אונדז אָפּגעפירט צו זיך אין דער באַנטער כאַטע זיינער, אונדז געגעבן עסן, דאָרטן האָב איך זיך אויך אָפּגעוואַשן ווי ס'באַדאַרף צו זיין, האָט איינגעשפּאַנט זיין פורל און אַ פרעג געטון ביי מיר: וווהין זאָל ער אונדז אָפּ־פירן? האָב איך אָבער ניט געוווסט אָנצורופן אַפילו איינאיינציקן נאָמען פון אַ יידישן ישוב אין דער סביבה, און ווען ער האָט פון זיין זייט אַ פרעג געטון: אפשר קיין מאַכנאָווקע?, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן — ביי מיין צערודערטן געמיט האָב איך אין אָט דעם נאָמען, אסאָציאירט מיט „מאַכנאָ", וואָס האָט דאַן על־פּי־טעות געהאַט אַ שם ווי אַ פירער פון אַ באַנדע פאָגראָמשי־ציקעס (און כ'האָב דאַן גאָר פאַרגעסן, אַז איך האָב שוין אַמאָל, נאָך אין די פריערדיקע יאָרן, געהערט וועגן מאַכנאָן ווי וועגן אַן אמתן אידעאישן אנארכיסט פון גולאַי־פּאָליע!..). ס'איז אָבער קיין ברירה ניט געווען — „מאַכנאָווקע" זאָל זיין „מאַכנאָווקע"... און ס'איז טאַקע געווען אַזאַ יידיש שטעטל אין דער סביבה, און דאָרטן איז געווען די ראַטנמאַכט. אין דער אכסניא, וווהין ער האָט אונדז פאַרפירט, האָט מען אונדז וואַרעם־יידישלעך אויפגענומען, אָפּגעצאָלט פאַר מיר, וואָס איך האָב קיין פּרוטה ניט געהאַט ביי זיך, דעם פויער פאַר זיין טרחה — און מיר זענען געווען געראַטעוועטע.

האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ נייע זאָרג ביי מיר: וואָס טוט מען מיטן קינד? וויאַזוי זוכט מען אויס זיין מוטער?

איך בין אַוועק אין היגן „רעווקאָם" — רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט, וואָס איז דאַן געווען אין אָקאָרשט איינגענומענעם נייעם פונקט די צענטראַלע מאַכט־אינסטיטוציע, האָב איך דאָרטן, צו מיין איבעראַשנדיקער פרייד, געטראָפן אין ראָל פון פאָרזיצנדיקן מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן פון זשיטאָמיר, יענער — קיסליאַק האָט ער געהייסן — איז געווען אַ לינקער ס. ר., אַן אַריינגייער אין אונדזער קלוב, ער האָט גלייך זיך ווייליק אָפּגערופן אויף מיין ווענדונג נאָך עצה און הילף. אויף מיר, ווי אויף אַ שליח פון „יעוואָפּאַ" און מפיצי־השכלה" אין קיעוו, איז נאָך געלעגן די אויפגאַבע אויפצוזאַמלען פּרטים וועגן נאָר וואָס פאָרגעקומענעם פּאָגראָם אויף דער סטאַציע קאַזאַטין, דערוויסן זיך די נעמען

פון די קרבנות, אָרגאַניזירן הילף פאַר די לעבן־פאַרבליבענע, אין דעם אַלעם איז געווען פאַראינטערעסירט אויך דער רעווקאָם. האָט חבר קיסליאַק גלייך געהייסן איינשפּאַנען אַ „טאַטשאַנקאַ" צו צוויי פערד, האָט מיטגענומען עטלעכע רויט־ארמייער און אין זייער באַגלייטונג האָבן מיר זיך געלאָזן קיין קאַזאַטין, פונוואַנען די פּאָגראָמשציקעס זענען זיך שוין צעלאָפן. איך האָב געהאָפט, אַז אין קאַזאַטין וועל איך זיך צווישן אַלעם אַנדערן אויך דערוויסן עפּעס וועגן דער מוטער פון קינד, וואָס איך בין ניט־ווילנדיק און פּלוצים געוואָרן זיין אַפּוטרופּוס. און אָט, פאַרנדיק אַזוי גאַלאָפּ אין שטעטל קאַזאַטין, האָט זיך אונדזער „טאַטשאַנקאַ" פּלוצים פאַרהאַלטן ביי אַ טאָפּעלן שרעק־געשריי וואָס האָט זיך געלאָזן הערן פון אונדזער אַנטרייבער און נאָך עפּעס אַ מענטשן? עפּעס אַ פרוי האָט זיך מיט אַ גוואַלד אַ וואָרף געטון פאַר די רעדער... ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז די מוטער פון קינד — דערזעענדיק מיך אין דער „טאַטשאַנקאַ", האָט זי קיין אַנדער וועג ניט געזען וויאַזוי אָפּצושטעלן די גאַלאָפּירנדיקע פערד, און זי האָט דאָך געוואָלט וויסן פון מיר וואָס איז געשען איר קינד, נעבעך...

איך האָב אויפן אָרט אויפגעזאַמלט די נויטיקע טרויעריקע ידיעות, און — דער עיקר — מיטגענומען מיט זיך די פרוי קיין מאָכנאָווקע און איר איבער־געגעבן איר געראַטעוועט קינד...

איך האָב זיך דערקליבן קיין זשיטאָמיר און באַנייט מיין טעטיקייט — דאָס מאָל שוין אונטער דער ראַטנמאַכט און ווי אירער אַ באַפולמעכטיקטער פאַר בילדונגס־אַרבעט. און ס'איז געווען נייער גרויסער פאַרנעם — מ'האָט רעקווירירט גרויסע לאָקאַלן פאַר שולן און קינדערגערטנער, ס'זענען געווען געלט־מיטלען בשפע, אָבער אַ צרה, וואָס האָט ניט געלאָזן זיין צופרידן מיט די ברייט־צעעפנטע נייע מעגלעכקייטן — מ'האָט פון־אויבן געפאָדערט אינטערנאַציאָנאַליזם אויך אויפן לערן־דערציערישן געביט, מ'האָט דאָ געמאָנט און געפאָדערט דאָס אייגענע, וואָס זינאָוויעוו האָט מיר אַמאָל געלאָזט הערן — יידישע און ניט־יידישע קינדער זאָלן זיך לערנען און דערציען צוזאַמען, און, פאַרשטייט זיך, ניט אין דער יידישער שפּראַך...

איך האָב זיך אַ היפּשע צייט געראַנגלט מיט אָט דער גזירה, ביז איך האָב זיך איבערצייגט, אַז קיין גרויסן דערפאָלג וועל איך אויף דעם געביט ניט האָבן, און כ'האָב זיך מיט סכנת־נפשות דערקליבן קיין לוצק, ווו ס'איז שוין געווען די פּוילישע מאַכט, און פון דאָרטן קיין וואַרשע.

## י"ב. אין ביאַליסטאָק.

איך בין געווען איינער פון די ערשטע, וואָס זענען אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע פון אוקראַינישן גיהנום. קיין פּוילן זענען ביז דאַן דערגאַנגען בלויז קלאַנגען וועגן דער שרעקלעכער פּאָגראָם־כוואַליע אין אוקראַינע, אוממיטלבאַרע עדי־ראיה האָבן זיך פון אוקראַינע דורכגעזיפּט זייער־זייער ווייניקע און זעלטן. אַז איך בין געקומען, האָבן אונדזערע חברים „פאַראייניקטע", מיט ד"ר יוסף קרוק, בערל (משה גוטמאַן) און מ. מאַנדלסבערג בראש איינגעאָרדנט מיינעם אַן עפנטלעכן פאַרטראַג אין יידישן טעאַטער (לעשנאָ נומער 1) וועגן דער יידישער טראַגעדיע אין אוקראַינע.

די חברים פון אונדזער וואַרשאווער אָרגאַניזאַציע האָבן מיך באַלד אַריינ־געצויגן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. קודם־כל האָט בערל מיך אויפגעפאָדערט צו שרייבן פאַר „אונדזער וואָרט" אַ ריי אַרטיקלען וועגן מצב פון די אוקראַאינער יידן און וועגן אונדזער פּאַרטיי־טעטיקייט אין אוקראַאינע.

אין וואַרשע בפּרט און אין פּוילן בכלל איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ ענערגישע אַרבעט פון אַלע יידישע פּאַרטייען מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בפרט. נאָכדעם ווי אָט די לעצטע זענען זיך וועסט צעפאַלן אין אוקראַאינע און רוסלאַנד (דאָרטן האָבן זיי זיך אין גרעסטן טייל „קאָמוניזירט"), האָבן זיך זייערע אָנפירער ביסלעכווייז אַריבערגעטראָגן קיין פּוילן און דאָ זיך באַמיט מתקן צו זיין אין די פּאַרטיי־רייען דאָס, וואָס איז אונטער דער באָלשעוויסטישער השפעה קאַליע געוואָרן אין אַנדערע ערטער. איז פּוילן געוואָרן די לעצטע פעסטונג פון די ניט־קאָמוניזירטע רעשטלעך יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אָבער אַ פעסטונג אַ שטאַרקע. אַזוי איז געווען מיטן „בונד", אַזוי איז געווען אויך מיט אונדז, „פּאַראייניקטע". אגב, בראש פון „בונד" האָט זיך דאַמאָלס געשטעלט אין וואַרשע און אין פּוילן בכלל, אונדזער אַמאָליקער פירנדיקער פּאַרטיי־חבר יוסף לעשצינסקי — „כמורנער", וואָס האָט רעדאַגירט די „פאָלקסצייטונג", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד", איז שפּעטער געוואָרן דער פּאָרזיצער פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"א), וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן אויפן יסוד פון צווישנפּאַרטייאישער קאָאָפּעראַציע דורך „בונד", „פּאַראייניקטע" און לינקע פּועלי־ציון ביי אַ קליינער מיטאַרבעט אויך מצד די „פאָלקיסטן" און אומפּאַרטייאישע (אויך צווישן די פירער פון די „פאָלקיסטן" זענען געווען אונדזערע אַמאָליקע חברים, ווי לאַצקי־בערטאָלדי, טשערניכאָוו־„דניאל" א. אנד.).

בכדי צו פאַרשטאַרקן אונדזער פּאַרטיי־פּאָזיציע ספּעציעל אויפן שול־געביט, איז מען מיך געקומען איינלאַדן פון ביאַליסטאָק, איך זאָל דאָרטן ווערן דער אינסטרוקטאָר פון די יידישע שולן, וועלכע זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן, צוזאַמען מיט די העברעישע און רעליגיעזע, דורך דער אָרטיקער קהילה.

אין ביאַליסטאָק האָב איך געטראָפן אַ טעטיקע אָרגאַניזאַציע „פּאַר־אייניקטע" מיט אַלטע, אויסגעפּרוווטע „ס.ס."־חברים אין דער שפּיץ, דאָ זענען געווען טעטיק, למשל, די חברים זיידל נאָווינסקי, אַ פּאָפּולערער טוער פון וועבער־פאַראיין, זיידל כאַבאַצקי (איצט אין אַמעריקע), מאיר וויגאָדסקי (איצט אין אַרגענטינע), בישקע גדאַנסקי, יעקב פּאַט. דער לעצטע האָט געהאַט באַזונדערס גרויסע פאַרדינסטן אויפן שול־געביט: ער האָט עס אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע געגרינדעט די „פּרץ־קינדערהיים", וואָס איז אונטער זיין אָנפירונג און ביי זיין זעלטענער פּעדאַגאָגיש־קינסטלערישער אינטואיציע געוואָרן אַן אמתע מוסטער־שול, אַ מין פּוילישע „דעמיעווקע". אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז דעם אַריינמאַרש פון די באָלשעוויקעס אין 1920. ערב אָט דעם אַריינמאַרש האָבן די אָרטיקע יידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס באַשלאָסן מיטצואַרבעטן מיט דער ראַטנמאַכט, — (ס'איז דאַמאָלס נאָך ניט געווען אַזאַ ריס צווישן די סאָציאַליסטישע ריכטונגען מיט די באָלשעוויקעס, ווי שפּעטער, יעדנפאַלס האָבן מיר דאָ, אין פּוילן, נאָך ניט געוווסט פון אָט דעם ריס ווי געהעריק), האָבן מיר אויך צווישנפּאַרטייאישע באַראַטונגען זיך אויפגערעדט וועגן פּאַרטיילן די ראָלן צווישן קאַנדידאַטן פון די פּאַרטייען אויף קאָנקרעטער מיטאַרבעט און

געוואָרן די צענטראַלע מאַכט פאַר דער גאַנצער סאָוועטישער פוילישער רעפּובליק).
אַז ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ קאַנדידאַט פאַרן יידישן אָפּטייל אין „נאַרקאָמ־פּראָס״ (צענטראַלן בילדונגס־קאָמיסאַריאַט), האָט יעדע פון די זיך באַראַטנדיקע אָרגאַניזאַציעס געוואָלט זען אירן אַ מענטשן פאַר אָט דער אַרבעט. אַ דאַנק דער ענערגישער עולם־באַאַרבעטונג פון לינק־פּועלי־ציוניסטישן מ. ערעם בין איך עס באַשטימט געוואָרן אויף אָט דער אַרבעט. פון אונדזערע חברים איז נאָך יעקב פּאַט באַשטימט געוואָרן ווי אַ קאַנדידאַט פון אַנפירער אין קונסט־דעפּאַרטמענט פון „נאַרקאָמפּראָס״.

איז דאָ כדאַי צו פאַרצייכענען איינעם אַ קוריאָז, וואָס איז אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר יענער אויסערגעוויינלעך־רווישיקער צייט:

איינער פון די ערשטע דעקרעטן, וואָס דער „נאַרקאָמפּראָס״ האָט ארויס־געגעבן, איז געווען צו שליסן אַלע העברעאישע און רעליגיעזע יידישע שולן (דער דעקרעט האָט געהאַט בדעה, פאַרשטייט זיך אין אייגענעם זין אויך די ניט־יידישע שולן), ס'האָבן געקענט פאַרבלייבן און אויסגעהאַלטן ווערן אינגאַנצן אויפן רעגירונגס־חשבון די שולן מיט דער יידישער אונטעררי־כטס־שפּראַך און מיט אַ פּראָגרעסיוו־וועלטלעכן אינהאַלט. איז צווישן די ציוניסטישע שולן אין ביאַליסטאָק געווען איינע אַ שול פון גאָר אַן אָריגינעלער און אינטערסאַנטער ריכטונג, די אַזויגערופענע „גנעסין־שול״. אין דער שפּיץ פון אָט דער שול איז געשטאַנען דער טעטיקער מיטגליד פון צעירי־ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן, ראַוויטש. אין דער שול זענען געווען צוויי אונטעררי־כטס־שפּראַכן: יידיש (פאַר כמעט אַלע קעגנשטענדן) און העברעיש (פאַר דער העברעישער שפּראַך גופא און פאַר תנ״ך). לויט איר אינהאַלט איז אָט די שול געווען באמת אַ פאָרגעשריטענע. דער דעקרעט איז אָבער געווען חל אויך אויף איר. וויפל ראַוויטש האָט זיך ניט געשתדלט אָפּצוראַטעווען זיין שול, האָט ניט געהאָלפן. ער האָט אינטערוועניר־ט דירעקט ביי מיר, זיך געבעטן רחמים, איך האָב אָבער מיט גאָרנישט געקענט ענדערן דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דעקרעט.

מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין דייטשלאַנד (שטודירט אין אוניווערסיטעט פון יענא, ווייט פון בערלין) און זיך געניטיקט אין אַ פאַרדינסט כדי צו קענען עקזיסטירן, האָבן מיר פריינד פון בערלין געעצהט, איך זאָל אַראָפּקומען קיין בערלין און פון דער דאָרטיקער רוסיש־סאָוועטישער האַנדלס־מיסיע וועל איך געוויס באַקומען אַרבעט, וואָס איך וועל קענען אויס־פילן אַפילו פונדערווייטנס. בין איך געקומען קיין בערלין און גענומען קלאַפּן אין די כלערליי אַמטן פון דער האַנדלס־מיסיע. אין יעדן אָרט פלעגט מען מיך אויסהערן און אָפּשיקן אין אַן אַנדער אַנשטאַלט: איר קענט באַקומען אַרבעט, אָבער ניט דאָ, נאָר אין אַן אַנדער אַנשטאַלט, האָט מען צו באַשטימען אין אַזאַ ענין... כ'האָב געזען, אַז ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק, כ'האָב געפילט, אַז דאָס שיקן מיך פון איין אַנשטאַלט צום צווייטן, האָט עפּעס אונטער זיך אַ זייטיקן גרונט, האָב איך זיך שוין קאַטעגאָריש געווענדעט צו איינעם אַ סאָוועטישן באַאַמטן ער זאָל מיר אָנווייזן ענדלעך דעם לעצטן און באמת־באַרופענעם אמט, וווהין איך האָב זיך צו ווענדן... האָט יענער מיר אויפריכטיק דערקלערט: אַלץ איז אָפּהענגיק נאָר פון „טאָוואַרישץ יאַראָוו״, צו אים איז אבער ניט לייכט זיך צו דערשלאָגן, ווען יענער וועט מיין פאָרשלאַג אָננעמען, וועט די זאַך זיין געענדיקט...

בין איך אַוועק צום „טאָוואַרישץ יאַראָוו" און נאָך מאַטערניש זיך דער־שלאָגן צו אים־אַליין. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען אין „טאָוואַרישץ יאַראָוו" האָב איך דערקענט מיין אַלטן ביאַליסטאָקער באַקאַנטן, דעם פאַר־וואַלטער פון דער דאָרטיקער „גנעסין־שול", יעקב ראַוויטש... — פאַר דער צייט איז אָט דער ראַוויטש מגולגל געוואָרן קיין בערלין און איז פון אַ טרייען צעירי־ציון־פירער געוואָרן אַ טרייער קאָמוניסט, אין דער האַנדלס־מיסיע איז ער געשטאַנען בראש דער „צ'רעזוויטשייקע" — די פּאָליטישע דעפענסיווע לגבי חשודע עלעמענטן צווישן די מיטאַרבעטער פון דער האַנדלס־מיסיע... ער איז אַ שם־דבר אין די בערלינער קאָמוניסטישע רייען, מ'האָט פאַר אים מורא געהאַט ווי פאַרן טויט. אַז ער האָט מיך דערזען און באַלד מיך דערקענט, זענען מיר ביידע מיט אַמאָל אַריין אין אַ הילכיקן געלעכטער:

— דו האָסט דאָך מיר געשלאָסן מיין „גנעסין־שול" — האָט ער געלאַכט, און איצט ווילסטו גאָר אַ טובה פון מיר... איך זאָל דיר איצט, הייסט עס, באַצאָלן מיט גוטס פאַר דעם שלעכטס וואָס דו האָסט מיר אַמאָל געטון... און ער האָט מיר דאָך געגעבן די געבעטענע אַרבעט.

נאָך דעם פּלוצימדיקן צוטריט פון דער באָלשעוויסטישער אַרמיי פון ביאַליסטאָק האָבן מיר אַלע, די מיטאַרבעטער פון דער ראַטנמאַכט, געמוזט צוזאַמען מיט איר פאַרלאָזן די שטאָט און זיך לאָזן אין וואַנדער־וועג, אַנדערש וואָלט אונדז געדראָאט די סכנה פון ערנסטער שטראָף מצד דער פּוילישער מאַכט — אַזאַ זיכערקייט האָט דאַן געהערשט צווישן אונדז. זענען מיר אַוועק קיין ווילנע.

## י"ג אין ווילנע און אין וואַרשע

איך בין אין ווילנע איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין דער שול־אינסטרוקטאָר פון צ.ב.ק. (צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט), וואָס איז זינט דער דייטשער אָקופּאַציע־צייט געווען די צווישנפּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן, דער וועלכער האָט זינט דער דערמאָנטער צייט געהאַלטן אין איין וואַקסן אין דער ברייט און אין דער טיף. ווילנע, וואָס האָט שוין געהאַט אַ לאַנגע חזקה אין יידישן לעבן בכלל צו זיין סיי ס'וויגעלע און סיי דער מוסטער פון רייפער שפּעטערער אויסגעהאָדעוועטקייט פאַר כמעט אַלע וויכטיקע געזעלשאַפט־לעכע באַוועגונגען מיט באַנייענדיקן קעמפערישן אימפּעט, איז געווען אויך ס'וויגעלע און דער פּלאַץ פון גיכן וואַקסן און באַפעסטיקונג פאַר דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן. פון ווילנע האָט זיך אָט דאָסדאָזיקע שול־וועזן פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן, — לויטן מוסטער פון ווילנער צ.ב.ק. מיט דער צווישנ־פּאַרטייאישער קאָאָפּעראַציע אין אים איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן די צ.י.ש.א. — די צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע פאַר דער פּוילישער רעפּובליק. די „פּאַראייניקטע" זענען געווען אַ טעטיקער באַשטאַנד־טייל פון ווילנער צ.ב.ק. און שפּעטער אויך פון צ.י.ש.א. מיר האָבן אין ווילנע פאַרמאָגט אַ ריי פעיקע לערער־„פּאַראייניקטע", מיט שלמה באַסטאָמסקי און יעקב גערשטיין בראש, וועלכע זענען געווען צווישן די גרונטשטיין־לייגער פון נייעם קולטור־ווערק. די „פּאַראייניקטע" האָבן געליפערט אויך עסקנים ניט־לערער פאַר דער נייער וויכ־טיקער טעטיקייט, זאָל פון זיי דאָ דערמאָנט ווערן אורי קליאַנסקי. ווען איך בין דאָס מאָל געקומען קיין ווילנע איז שוין אונדזער (און ניט בלויז אונדזער)

פאַרטיי, וואָס אמת איז, געווען אין דעמערונג, מ׳האָט בעיקר געלעבט אין זכות פון אמאָל, ווען דאָרט איז געווען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי מיט זיינע טעאָרעטיקער און „טעכניקער" — פון ניגערן ביז זלמן בורזשוי און בערל (משה גוטמאן) —, מ׳האָט אַריבערגעטראָגן דעם הויפט־פּאַטאָס אויף דער קולטור־אַרבעט (אונדזערע חברים האָבן מיט באַזונדערן שטאָלץ און פלייס אויפגעהאַלטן, למשל, די „ראַטנער־שול"). מ׳האָט אָבער געטון אויך אַנדערע פאַרטייאישע אַרבעטן, געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיטן נייעם פאַרטיי־צענטער אין וואַרשע, איינגעאָרדנט פאַרטיי־רעפעראַטן פון חברים, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פון דאָרטן (ד"ר יוסף קרוק, משה גוטמאן און אנד.), זיך באַטייליקט אין די וואַלן צו דער דעמאָקראַטישער ווילנער קהילה, און אויך אין דער פּראָווינץ אא"וו. איך בין איינגעשפּאַנט געוואָרן אויך אין דער פארטייאישער אַרבעט אויף אָט די אַלע געביטן. מיר האָבן אין ווילנע געשאַפן אַן אייגענעם פאַרטיי־פאַרלאַג מיט דעם צוועק ארויסצוגעבן פּראָגראַמאַטישע און פאַרטיי־געשיכטלעכע בראָשורן, אין אָט דעם פאַרלאַג איז דערשינען די דורך מיר פאַרפאַסטע בראָשור וועגן מאַרק ראַטנער. מיר האָבן אויך אָפּגעהאַלטן עטלעכע פאַרטייאישע ראַיאָן־קאָנפערענצן (אין סוועציאַן און ניי־ווילייסיק), וווהין ס׳זענען זיך צונויפגעקומען פאָר־שטייער פון די אָרטיקע גרופּן.

נאָך דער פוילישער אָקופּאַציע האָט זיך אַ שאָט געגעבן מיט רדיפות אויף די פירער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען בכלל און אויף די יידיש־סאָציאַליס־טישע פאַרטייען, וועלכע זענען אין די אויגן פון די אַגרעסיווע אקפּואַנטן געווען חשוד אין סימפּאַטיע צום קאָמוניזם, בפרט, זענען עטלעכע פון אונדזערע חברים דאַמאָלס אַריינגעפאַלן אין לוקישער טורמע.

אין 1921 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער גרינדונגס־צונויפמענפאָר פון דער צ.י.ש.א., וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן אַלגעמיינעם אינטערעס ווי אַ געשעעניש פון ערשטער מדרגה אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון גאַנצן פוילישן יידנטום (איז באַצייכנט געוואָרן ווי די „צווייטע, פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון דער „טשערנאָוויצער קאָנפערענץ"), איז אין זיין צונויפמענשטעל געבויט געוואָרן, ווי דער ווילנער צ.ב.ק.

מיר האָבן געשפּילט אויך אַן אַנזעעוודיקע ראָל אין דער געזעלשאַפט־„אָרט", די לעצטע — פלעגט מען זיך ווערצלען — איז אַפילו ממש „אָקופּירט" געוואָרן פון דאַמאָלסדיקע און געוועזענע ס.ס.אָווצעס־„פּאַראייניקטע", און אָט דער שפּאַס האָט געהאַט אַן אידעאָלאָגישן גרונט — ווער נאָך ווי מיר איז געווען אַזוי פאַר־אינטערעסירט אין דער פּראָלעטאַריזירונג פון די יידישע מאַסן, וואָס „אָרט" האָט זיך מיט איר פאַרנומען ?.. זענען אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון „אָרט" געווען טעטיק אונדזער חבר לוואָוויטש־„דאַווידאָוויטש", ד"ר משה זילבערפאַרב־„באַזין", גערגעל, אהרן סינגאַלאָווסקי — דאַן שוין אויס ס.ס.אָוויעץ, אָבער מיט יאָרן פריער איז ער אין אונדזערע פאַרטיי־רייען געווען באַקאַנט ווי דער „ס.ס.ישער „יונגער לאַסאַל" פאַר זיין וווּנדערלעכער רעדנער־קראַפט, יעקב לעש־צינסקי, לאצקי־„בערטאָלדי". אין סוף 1921 האָבן מיר דעלעגירט עטלעכע חברים אונדזערע אויף דעם וועלט־צונויפמענפאָר פון „אָרט" אין בערלין, די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון ד"ר יוסף קרוק, גרשון אוריינסקי פון פּרוזשענע (דער גרשון אוריינסקי איז עס געווען אין די הייסע טעג פון דעם בירגער־קריג נאָך דער

באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אין דער צווישנצייט פון זיך כסדר־בייטנדיקע „מאַכטן", דער „פּרעזידענט פון פּרוזשענער רעפּובליק", מישייטנס געזאָגט, אין משך פון עטלעכע טעג...) און איך. אין בערלין האָבן מיר, אַלע דעלעגאַטן־„פּאַראייניקטע", אָפּגעהאַלטן אויך אַ פּאַרטיי־באַראַטונג מיט דער באַטייליקונג פון בן־אדירן.

אין אָנהויב 1922 בין איך דורך דער פּאַרוואַלטונג פון צ.י.ש.א. אַרויס־גערופן געוואָרן קיין וואַרשע צו זיין אַ מיטגליד פון דער פּעדאַגאָגישער לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע. אויך מיין פּאַרטיי־אַרבעט איז, אַזוי אַרום, אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָבן מיר נאָך פון די פריערדיקע יאָרן געהאַט אַ גרעסערע צאָל איבערגעגעבענע חברים, אונטער אונדזער דירעקטער השפעה האָבן זיך ־עפונען אויך עטלעכע פון די גוט־אָרגאַניזירטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווי דער פליישער־פאַראיין, דער טרעגער־פאַראיין. פון די באַזונדערס טעטיקע חברים זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן: אינזשינער פייגנבוים, חיים אייזנבעסט, שלמקה זוסמאַן, ש. גילינסקי, מ. מענדעלבערג, אליעזר פינעס, ועל כולם — ד"ר יוסף קרוק און בערל. דער „דיקטאַטאָר" פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען חבר בערל, — שפּעטער איז צו אים צוגעקומען אַן „עזר כנגדו", אַ מין מיט־„דיקטאַטאָר", די חברטע גוטע מרגלית, וועלכע האָט זיך דורכגעריסן און געקומען אַהער פון אָדעס. בערל פלעגט עס באַשטימען די פּאַרטייאישע אַרבעטס־פּלענער פאַר יעדן פון די חברים, פלעגט ריין־דעקרעטיוו אַרויפוואַרפן פליכטן, און ס'איז געווען כמעט אוממעגלעך זיך אַרויסצודרייען פון זיינע באַפעלן.

ס'איז אונדז געווען זייער פיינלעך צו זען צווישן אונדזערע הייַנטיקע קעגנער נעכטיקע חברים: אַזעלכע זענען געווען יעקב פּאַט, יוסף לעשצינסקי־„כמורנער" און שפּעטער אויך שלמקה זוסמאַן און ש. גילינסקי, וועלכע זענען אַריבער צום „בונד". די גרעסטע און שווערסטע אַנטוישונג, ממש איבערראַשונג פאַר אונדז איז אָבער געווען, ווען אויך חבר בערל (דער „הילצערנער שומר פון אונדזערע פּאַרטיי־טויערן") איז פּלוצים אַריבער צום „בונד". מיר האָבן דאַן ערשט ווי געהעריק פאַרשטאַנען די גאַנצע טראַגיק וואָס אין אַלט־תנ"כישן פּסוק „אם בארזים נפלה שלהבת"....

בערל — צו זיין שבח באַדאַרף עס געזאָגט ווערן — האָט אָבער אויך ווערנדיק אַ בונדיסט (ער האָט זיך, אַגב, אין „בונד" ניט לאַנג איינגעהאַלטן — איז אינגיכן אַריבער צו די קאָמוניסטן און ווידער באַנייט זיין אייפעריקע באַקעמ־פונג פון „בונד" נאָך מער און שאַרפער איידער אין זיינע פריערדיקע ס.ס.ישע יאָרן) ניט איבערגעריסן זיינע גוט־חברישע באַציונגען מיט די „פאַראייניקטע", האָט אַפילו פאַרגעזעצט זיין טראַדיציע זיין אַפּוטרופּוס איבער זיי...

אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל: ווען איך האָב עטלעכע יאָרן נאָכדעם, דאַכט זיך אין 1927, דאַן ווען איך בין שוין געזעסן אין בערלין און פלעג זיך אַראָפּכאַפּן קיין וואַרשע בלויז אויף אַ פּאָר טעג איין מאָל אין יאָר, פאַרעפנטלעכט אין יצחק גרינבוימס „ציוניסטישע בלעטער" אַן אַרטיקל — אַ ווענדונג צו די חברים־טעריטאָריאַליסטן צו ענדערן לטובה די באַציונג צום יידישן נייעם ישוב אין ארץ־ישראל און צו זען אין ארץ־ישראל די געזוכטע, נויטיקע טעריטאָריע, האָט זיך חבר בערל, דאַן שוין אַ הייסער קאָמוניסט און אַ קעגנער פון טערי־טאָריאַליזם, ניט געפוילט מיר אויסצוזוכן אין וואַרשע און אויף מיר „גוזר זיין"

איך זאָל צוריקציען אַט דעם אַרטיקל פון דרוק, און האָט זיין פאָדערונג־מאָטיווירט: „עס וועט דאָך זיין אַ חרפה פאַר אונז"... „פאַר אונדז"? — האָב איך אים געפרעגט — פאַר וועמען? און אייער אַוועקגיין פלוצים צום „בונד" און צו די קאָמוניסטן, חבר בערל, איז ניט געווען קיין „חרפה" פאַר אונדז? ער איז אָבער, ווי זיין שטייגער איז, געבליבן ביי ס'זייניקע.

אין דער תקופה פון מיין זיין און ארבעט אין וואַרשע (אין משך פון צוויי יאָר) האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ באַראַטונג וועגן עמיגראַציע, די באַראַטונג איז פאָרגעקומען אין דאַנציג, דער ראש־המדברים אויף איר איז געווען בן־אדיר.

מיט מיין אַוועקפאָרן קיין בערלין זענען מיינע פאַרבינדונגס־פעדים מיט דער פאַרטיי אָפּגעשוואַכט געוואָרן. כ'האָב זיך אַריינגעוואָרפן אין וויסנשאַפט־לעכער טעטיקייט, ס'ביסל געזעלשאַפטלעכער פּאַטאָס, וואָס איז אין מיר נאָך פאַרבליבן, האָט מיר אָפּט געבראַכט צו אַנדערע אידעאָלאָגישע מזבחות. כ'האָב דורכגעמאַכט אַ ווייט־פירנדיקע אידעאָלאָגישע ווערטן־איבערשאַצונג, אין אַ סך פון מיינע פריערדיקע מעשים און באַציִונגען האָב איך געזען בלויז „חטאות נעורים". אין מיר איז פאַרבליבן עד היום הזה די בענקשאַפט, די וואַרעמע גלעטנדיקע באַציִונג צו ס.ס.־„פאַראייניקטע", די באַציִונג ווי צו אַ מאַמען, ריכטיקער: ווי צו אַן „ערשטער געליבטער", וואָס ווען אַפילו דו פאַרשטייסט שוין שפּעטער, אַז זי איז כלל ניט געווען קיין „כלילת־היופי", איז דאָך איר אַנדענק שטענדיק טייער! —

---

מיין האַרציקסטן דאַנק ח' אליעזר הירשאַוגע פאַר זיין מיפּולער הילף ביים אָרגאַניזירן און אויספירן די דערשיינונג פון בוך.

**דער מחבר.**